וואָלף טאמבור

# לעבעדיקע מתים

מעשיות פונעם עולם־האמת



פארלאג קריטעריאָן בוקארעשט, 1976

# דעדיקאציע

## מה טובו...

לשארית־הפליטה של יהודי מרמורש,
בתוכם הסופר דוד שיין ורעייתו נחה
יו"ר של אירגון עולי מרמורש־סיגט,
הבן־שבעים — עד מאה ועשרים שנה!

מה טובו — משכנותיך...
שיין איז דיין געצעלט,
זאָגט בילעם א ברכה —
מיינענדיק אז ער שעלט.

אין יעדן פארגלייך
א צדיק ביסטו ווי נח,
וואקסט אין דער געשיכטע,
דערגייענדיק צו כ ח...

הגם קלענער פון אנדערע,
דאָך סימבאָל פון גאונות,
דערפאר אונדזערע שבחים
אויף אלע שבעים לשונות.

מיר אלע דיך שיצן,
אלע הײנט דיך ליבן;
װײל א נײער בראשית
מיט דיר זיך אָנגעהויבן.

ערשט נעכטן געװען שאַטנס,
קלײן װי נידעריק גראָז;
ביז נעכטן און אָן דיר,
געװען זענען מיר, װאָס?

דערװאַכטע, דערמוטיקטע,
ביסטו פאַר אונדז אַלץ;
אי דאָס װאַרעמע ברויט
אי דאָס באַטעמטע זאַלץ.

טאָ, איז א װאונדער
אַז ײדישע פּנים,
איבערפולטע מיט בטחון,
מיט ליבגעזאַנג זענען?!

שטילע ײדישע הימן־טענער,
אין אלף־בית באַקלײדט,
באַשײדענע, דאָך שטאָלצע
מיט הײמישע רײד.

װײל אין יעדן פאַרמעסט
מיט קלענערע צי גרעסערע,
אין דור־המבולדיקן פאַרגלײך
מיט בילכערע צי בעסערע,

אנד'ערש ביסטו ווי נח —
אין ד'עם תיבה־ג'עצעלט;
קריצט די ציין בילעם,
אין אלע לשונות ער ש'עלט.

מה טובו, מה טובו —
הייליק איז דיין געצעלט
מיטן אייביקן שטרעבן
צו א יושרדיקער וועלט.

# מאָטאָ:

**רב** יוסף בריה דרבי יהושע בן לוי חלש ואיתנגיד. כי הדר, אמר ליה אבוה: "מאי חזית?" אמר ליה: „עולם הפוך ראיתי, עליונים למטה ותחתונים למעלה". אמר לו: „בני, עולם ברור ראית!..."

(פסחים נ—א).

**רב** יוסף דער זון פון רבי יהושע בן לוי איז אוועקגעפאלן אין א לעטארגישן שלאָף. ווען ער איז צו זיך געקומען, האָט אים זיין פאָטער געפרעגט: „וואָס האָסטו דאָרט געזען?" האָט דער זון געענטפערט: „א פארקערטע וועלט האָב איך געזען, די וואָס זענען דאָ די אייבערשטע זענען דאָרט די אונטערשטע און די וואָס זענען דאָ די אונטערשטע זענען דאָרט די אייבערשטע". זאָגט צו אים זיין פאָטער: „מיין זון, א קלאָרע וועלט האָסטו געזען!"...

**„דאיכא** בפומך לא ידעת, דאיכא ברקיע ידעת?" (סנהדרין לט).

**דו** ווייסט נישט, וואָס סע טוט זיך אין דיין אייגן מויל, און וואָס סע טוט זיך אינעם הימל ווייסטו יאָ?

**„צדיקים** אפילו במיתתן קרוים חיים — רשעים אפילו בחייהם קרוים מתים" (ברכות יח).

**צדיקים** אפילו נאָכן טויט ווערן זיי אָנגערופן לעבעדיקע — רשעים אפילו בעת זייער לעבן ווערן זיי אָנגערופן מתים.

# א נאכטבוך

## די מעשה איז אן אויסגעטראכטע

שוין פון פאָרויס ווילט זיך זאָגן, כדי סע זאָלן נישט פאָרקומען קיין טעותים, וועגן אָפּשטאַם פון דעם דאָזיקן כתב־יד צי פונעם בוך. דאָס כתב־יד האָב איך נישט געפונען נישט אין קיין הייל און נישט א מאָל אין קיין פארלאָזטן קבר, אָדער אונטער אן אויסגעגראָבענער מצבה.

פארשטייט זיך, אז איך וואָלט געקאָנט זאָגן אז עס איז מיר געקומען צו חלום א מת און ער האָט מיר איבערגעגעבן דעם כתב־יד, אָדער ער האָט עס מיר דיקטירט און אזוי האָב איך אָנגעשריבן די דאָזיקע מעשה. נאָר, צו וואָס טויגן אזעלכע אויסטראכטענישן, וואָס סיי ווי סיי וועט זיי דאָך קיינער נישט גלייבן?! איז בעסער וועל איך אליין מודה זיין, אז עס איז אמת יענץ ווערטל, אז „פון יענער וועלט קומט טאקע שוין קיינער נישט צוריק" און זאָל דערציילן ווי און וואָס עס איז דאָרט פאר א „לעבן".

דער אמת איז, בכן, אז די מעשה איז לגמרי אן אויסגעטראכטע, פון אלף ביז תאוו. קיין איין אות איז נישט ריכטיק. צוליב וואָס זאָג איך עס? אז אויב עמעצער וועט געפינען א נאָמען צי א געשעעניש, וואָס דאכט זיך אים אויס באקאנט צו זיין, איז זאָל ער וויסן אז דאָס איז בלויז א צופאליקייט, ווייל די דאָזיקה מעשה האָט גאָרנישט צו טון מיט דער ווירקלעכקייט. גיכער וואָלט מען זי געדארפט אָנרופן א „נישט־וויסנשאפטלעכער פאנטאסטישער ראָמאן"...

די ווירקלעכקייט?

איך וואָלט זייער געוואָלט אז מען זאָל מיך גוט פארשטיין. ווייל איך גופא ווייס דאָך אויך נישט גענוי וואָס סע הייסט ווירקלעכקייט. איז דען בכלל פאראן אמתדיקע ווירקלעכקייט?.. ס'קאָן זיין, אז לייענער־

דיק אָט די מעשה וועט דער מענטש אזוי אריינגעלאָזט ווערן אין דער פאנטאסטישער וועלט (ווייל דאָס גאנצע איז דאָך נישט מער ווי א פאנטאזיע פון א שרייבער, צי פון איינעם וואָס האָט געהאט אין חלום שווארצע זעענישן!), אז ער וועט שוין אליין נישט וויסן ווי אזוי זיך אויסצוקלויבן צווישן דעם פאנטאסטישן און דעם „ווירקלעכן“, וואָס ווייזט אויס גאָר אויבנאויפיק צו זיין ווירקלעך, אָבער אין תוך גענומען איז עס דאָך אויך בלויז פאנטאזיע...

אויב מע פרעגט אמאָל א שיכור, פאר וואָס ער טרינקט, זאָגט ער אז ער וויל פארגעסן אָן זיינע צרות. נו, און אז ער טרינקט פארגעסט ער שוין אין זיינע צרות? אדרבה, וויפל שיכורים זענען פאראן, אז ווי נאָר זיי האָבן גענומען א גלעזל משקה הייבן זיי אָן צו וויינען, ווייל זיי האָבן זיך ערשט איצט נאָך מער אויפגעברויזט זייער נשמה און דער־מאנט אין זייערע צרות?! זעט מען דאָך בפירוש אז דאָס טרינקען, למשל, מאכט נישט פארגעסן. וואָס זשע טוט יאָ אויף דאָס טרינקען? סע טוט אזוי פיל, וואָס מע גייט אריין אין א נייער וועלט, וואָס איז מטושטש, מע ווייסט נישט אויף קלאָר, וואָס עס איז ריינע ווירקלעכקייט און וואָס עס איז פאנטאזיע, אָדער פאנטאסטישער חלום געזען צוליבן שיכרות...

דאָס איז גוט? יאָ, א מאָל איז עס גוט. צו מאָל איז עס געווענדט פאר וועמען און צו מאָל אין דער צייט — ווען. די דאָזיקע מעשה איז אויך אזוי. זי איז אויף האלב־וועגס, צווישן פאנטאזיע און ווירק־לעכקייט.

דער לייענער מעג דעריבער שוין ביים אָנהייב וויסן, אז דאָס דאָ־זיקע איז נישט קיין אמתדיקע, נאָר א ריין אויסגעטראכטע מעשה. וויל ער, מעג ער עס לייענען אויך ווי א פאנטאסטישע מעשה, הגם עס איז נישט קיין וויסנשאפטלעכע. ניין, עס איז בלויז א פאנטאסטישע. וויל ער נישט, מאכט ער צו דאָס בוך אָן תרעומות... נאָך מער, אפילו ווען עמעצוער האָט טאקע שוין אָנגעהויבן לייענען, און סע הייבט אָן דע־מערן, סע הייבט אָן טונקל צו ווערן, סע פאלט צו די נאכט און ער איז א פחדיקער און וויל נישט האָבן צו טון ביי נאכט מיט קיין מתים און נשמות, איז בעסער אז ער זאָל צומאכן דאָס בוך און עס אוועקלייגן.

צומאָרגנס, ביי טאָג, אויב אים ווילט זיך, לייענט ער עס ווייטער, וויל ער נישט, איז אויך קיין פּעלער. אדרבה, פאַר וואָס זאָל ער פאַרלירן זיין טייערע צייט מיט זוכן א ספקדיקן מיין לייענענדיק אן אויסגע־טראַכטע מעשה וועגן א „יענער וועלט" וואָס פיל ווייסן אז זי איז בכלל נישט פאַראַן?!

דערפאַר בעט דער מחבר אז מען זאָל אויף אים קיין פאַראיבל נישט האָבן. די ברירה איז דאָך, סוף כל סוף, ביים לייענער...

# פאַרצייכענונגען פון אַ צווינטער

ווער האָט אין זיין לעבן נישט געשריבן קיין טאָגבוך?

אַ טאָגבוך האָט איעדער איינער געשריבן, אויב נישט רעגלמעסיק, איז כאָטש אָנהייבן צו שרייבן האָט איעדער אָנגעהויבן. דערנאָך האָט איינער אויפגעהערט פריער, איינער שפּעטער. אָבער אָנגעהויבן צו שרייבן האָט כמעט איעדער, צו פאַרצייכענען די טאָג־טעגלעכע געשעענישן, וואָס האָבן געמאַכט אויף אים אַ רושם אין יענעם טאָג. געוויינטלעך האָבן עס מייניסטנס געטאָן יונגע מענטשן, אַ יינגל צי אַ מיידל, וואָס האָט צום ערשטן מאָל איבערגעלעבט נייע פאַר אים געפילן, וועלכע האָבן נישט געוואגט אָנצופאַרטרויען פאַר קיינעם, אָבער דאָך געפילט אַ נויטווענדיקייט זיך פאַר עמעצן „אַראָפּצורעדן פונעם האַרץ" האָבן זיי עס פאַרצייכנט אין אַ „טאָגבוך". פאַרשטייט זיך, אַז דאָס טאָגבוך איז געהאַלטן געוואָרן בסוד, אַז קיינער זאָל חלילה נישט לייענען און געוואויר ווערן וועגן די „פּערזענלעכע סודות" וואָס זענען דאָרט פאַרצייכנט געוואָרן, ווייל געוויינטלעך זענען עס געווען וועגן זייערע ליבע־געפילן.

ווי אַזוי זשע קאָן מען זיין זיכער אַז סע וועט זיי קיינער נישט לייענען? איז האָט מען זיך באַניצט מיט פאַרשידענע פאָרטלען, כדי אויסצובאַהאַלטן פון פרעמדע אויגן דאָס דאָרט פאַרצייכנטע. דאָס בעסטע מיטל איז געווען צו שרייבן מיט אַ ספּעציעלן אלף־בית, וואָס קיינער פון די הויז־מענטשן קאָן אים נישט דעשיפרירן. די נישט־געשריבענע געשיכטע פון אַזעלכע מין טאָגביכער קען אָן אַ צאָל אלף־ביתן, וואָס אַלע זענען זיי ביז צום סוף דעשיפרירט געוואָרן. אפילו מע האָט געשריבן אַזעלכע פאַרצייכענונגען צוריק מיט טויזנטער יאָרן אין אַ שפּראַך, מיט וועלכער מען האָט זיך דעמאָלט באַניצט, און זי עקזיסטירט שוין זינט טויזנטער יאָרן נישט, דאָך האָט מען זיי סוף־כל־סוף געלייענט און פאַרטייטשט. היינט לייענט מען דאָך שוין אַזעלכע פאַרצייכענונגען מיט אַ קאָמפּיוטער.

אַמאָל, ווען איך בין נאָך יונג געווען, האָב איך אַ שטיקל צייט אויך געשריבן אַ טאָגבוך מיט אַזאַ מין שיפרירטן אלף־בית. איך האָב זיך באַניצט מיט אַ שיפער מיט וועלכן סע זענען געשריבן דריי ווערטער אויך ביי דער מזוזה: אַ בית איז אַנשטאָט אַן אלף, אַ גימל איז אַנשטאָט אַ בית און אַזוי ווייטער. אויף דער צווייטער זייט פון דער מזוזה איז

אזוי אויפגעשריבן גאָטס נאָמען. אנשטאט יוד—הא—וואָו—הא איז געשריבן „כוזו״. איז האָב איך אויך א צייט געשריבן לויטן זועלביקן שיפער מיין א טאָגבוך. איצט, דאָס מאָל, דארף איך שוין נישט זוכן קיין שום שיפער מיט אן אויסבאהאלטענעם אלף־בית. דאָס מאָל וועל איך שרייבן פשוט מיט יידישע אותיות, אויף יידיש — און שוין דאָס אליין איז דאָך שוין גענוג פארן בעסטן שיפער, ווייל ווער קאָן דאָ לייענען יידישע אותיות?...

קיינער וועט מיר דאָ נישט דעשיפרירן מיינע פארצייכענונגען, הגם זיי זוענען נישט קיין סודות. נישט צוליב דעם פארצייכן איך זיי. פשוט, ווייל סע ווילט זיך דאָך אמאָל אראָפּרעדן פונעם הארץ, איז פארצייכנט מען עס ווי אין א טאָגבוך.

דעם אמת געזאָגט, פארשטיי איך נישט פאר וואָס מע זאָגט טאָגבוך, ווען אלע טאָגביכער שרייבט מען דאָך גאָר ביי נאכט. ווער שרייבט ביי טאָג טאָגביכער? ביי טאָג באשעפטיקט מען זיך דאָך מיט וויכטיקערע זאכן. ביי טאָג ארבעט מען, ערשט אין אָוונט שמועסט מען זיך אויס מיט זיך אליין, צווישן די פיר ווענט, פארצייכענענדיק דאָס איבערגעלעבטע אין פארגאנגענעם טאָג. אפשר דערפאר רופט מען עס טאָגבוך?!

איז וועגן דעם זועלביקן טעם וואָלט איך עס ליבער געדארפט אָנרופן נאכטבוך. ווייל וואָס סע באטייט פאר די לעבעדיקע טאָג איז דאָך ביי די טויטע, דאָס הייסט ביי אונדז, די נאכט. ביי טאָג ליגט מען אין קבר (ווער סע האָט א קבר!). ביי טאָג טאָר מען דאָך נישט ארומגיין אָן א ספּעציעלער דערלויבניש און אזא דערלויבניש באקומט מען זייער זעלטן און נאָר אין געוויסע גוט מאָטיווירטע פאלן. ביי נאכט, דאָס איז אונדזער צייט. דעמאָלט מעג מען ארומגיין וואו סע גלוסט זיך, זיך ארומקוקן וואו מען וויל. אָבער בתנאי, אז מע זאָל אין ערגעץ נישט געזען ווערן.

אויב מען האלט עפּעס פאר וויכטיק צו פארצייכענען, פארצייכנט מען. דאָס הייסט אז ביי טאָג, ווען מע לאנגווייליקט זיך, קאָן מען אָנשרייבן אין „נאכטבוך״ די איינדרוקן. אזוי ווי איך טו עס. איך פארשרייב דאָס, וואָס איך האָב „איבערגעטויט״, אָדער „איבערגעלעבט״ אין יענער נאכט. אָבער אזוי ווי דאָ, אויף דער דאָזיקער נשמהדיקער וועלט „לעבט״ מען דאָך אנדערש איבער, קאָן מען זיך דאָ נישט דערווארטן אז די פארצייכענונגען זאָלן אנטהאלטן טעאונגען. אמת דאָ קומען אויך

פאַר געשעענישן. דאָ זענען אָבער אויך פאַראַן זכרונות וועגן יענער וועלט, דער ערדישער, צי וויכוחים וועגן אופן ווי אַזוי מע מישפּט די נשמות; צי מע דיסקוטירט און גריבלט זיך צו פאַרשטיין די אַמאָליקע מעשׂים... איז דערפאַר זענען די פאַרצייכענונגען אָנגעפּיקעוועט מיט געשעענישן — וויכּוחימדיקע ווערטער, רייד, דיאַלאָגן, צו מאָל מגידישע רעטאָריק, וואָס אַנטהאַלט אויך אָפּט מאָל אַ באַשיידענעם אָבער דאָך פילזאָגנדיקן געדאַנק; וואָס פאַרוואָרפט זיך דאָ און דאָרט אין דער דאָזיקער מעשׂה.

...דער גורל האָט געוואָלט אַז איך זאָל ליגן אויף אַ צווינטער, איז דערפאַר קאָן איך גאַנץ פריי און אומגעשטערט שרייבן אויף יידיש, דאָ וועט קיינער נישט קאָנען לייענען וואָס איך פאַרצייכן, אויך ווען איך זאָל על פּי טעות פאַרגעסן צו באַהאַלטן אונטערן קאָפּ דאָס טאָגבוך.

ווי אַזוי האָט זיך עס געמאַכט אַז איך זאָל באַערדיקט ווערן אויף אַ נישט־יידישן בית־עלמין?

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון אַ חלום, און זיך אַרומגעקוקט וואו איך געפון זיך, האָב איך באַמערקט אַז אַרום מיר זענען לויטער צלמים, שטיינערנע, צעמענטענע, מירמלשטיינערנע און טייל אויך הילצערנע, אויף וועלכע סע זענען אויסגעקריצט פאַרשידענע אויפשריפטן אין פערזן און אין פּראָזע, אין וועלכע די יורשים, אַ פרוי צי קינדער, און זעלטן אויך עלטערן, דערקלערן זיך אין אייביקער ליבע (וועגן דעם וועל איך ווייניקער פאַרצייכענען, ווייל שוין פון לאַנג, נאָך אויף יענער וועלט, בעת מיין לעבן, האָב איך שוין געזען ווי אַ יונגעטשקע אַלמנה, איינגעהילט אין שוואַרצן פון קאָפּ ביז פיס, שטייט ביי איר מאַנס פרישן קבר און לייגט אַרויף אַ קרענצל בלומען — אָבער ביים אָרעם האָט זי געהאַלטן אַ יונגערמאַן, ווי סע האָט זיך געקאָנט מערקן, איז ער שוין געווען איר נייע טרייסט!). אָבער אויף מיין קבר, איז קיין צלם טאַקע נישטאָ, נאָר אַ בלעכן טעוועלע, אויף וועלכן עס איז אויפגעשריבן מיט ווייסער פאַרב מיין נאָמען מיט צוויי ציפערן, דאָס געבוירן יאָר און די דאַטע פון מיין שטאַרבן.

אַזוי ווי מע שטייט אויף נאָך אַ שווערער קרענק, אין וועלכער מען איז געלעגן אין הויכן פיבער און מע האָט פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין, אַזוי פיל איך זיך איצט. סע ווילט זיך מיר נישט גלייבן, אַז איך בין שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. צו ביסלעך, צו ביסלעך קום איך צו מיר, און הייב אָן זיך דערמאָנען וואָס עס איז מיט מיר געשען. ווי אַזוי איך בין

אהער אָנגעקומען. און דאָס דערמאַנען איז נישט אַזוי פּלוצעמדיק. פאַר־לירן דעם זכרון, דאָס באַוואוסטזיין, קאָן מען מיט איין מאָל. אָבער דאָס צוריקבאַקומען, אָט דאָס קומט שוין נישט אַזוי גיך. דאָס געשעט פּאַמע־לעך, ווי ווען מע וויקלט אויף אַ קנויל פאָדעם, אָדער לאָמיר זאָגן אַ פילם, וואָס מע וויקלט אָפּ אויף צוריק. יעדעס געמעל שלעפּט מיט זיך מיט אַן אַנדער בילד, אַן אַנדער פּייסאַזש, אַן אַנדער געשעעניש, ביז ס׳ע רייסט זיך ערגעץ איבער. דאַכט זיך אַז עס איז דער סוף, אָבער שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט, הייבט זיך עס אָן ווידער אויפוויקלען און דער „פילם" דרייט זיך ווידער און רופט אַרויס אַנדערע איבערלעבענישן.

איז אויף וויפל איך קאָן זיך איצט דערמאַנען, כאָטש דאָס איז גע־ווען צוריק מיט בלויז איין וואָך, אָבער דאָך דערמאַן איך זיך נאָר ווי פון אַ חלום, בין איך אַוועקגעפאַלן אומגעריכט. דאָס הייסט אַז איך בין נישט געווען קראַנק, אַז עמעצער זאָל געוווען קאָנען פירזען מיין טויט. ניין, איך האָב בכלל נישט געפילט אַז דער טויט איז אַזוי נאָענט און אפילו מיין משפחה, דאָס הייסט מיין פרוי, צו אַלעם ערשט, האָט עס נישט פירגעזען. ניין, אַזאַ זאַך קאָן מען נישט אויסבאַהאַלטן. דאָס לייענט מען אַרויס פון די אויגן, אויך ווען מע וויל פאַר דעם חולה אויסבאַהאַלטן און אים נישט זאָגן אין וועלכער שווערער לאַגע ער געפינט זיך. זעט איר, איך האָב אין אירע אויגן דאָס נישט אַרויסגעלייענט. וואָלט איך געווען יאָ אַרויס־געליינט אַזאַ מעגלעכקייט, וואָלט איך געוווען געשריבן אַ צוואה, צי געלאָזט, ווי מע זאָגט, אַ מינדלעכן לעצטן באַגער, אַז מע זאָל מיך באַער־דיקן אויף אַ יידישן בית־עולמין.

אַזוי ווי איך האָב זיך נישט געריכט, אַז צו די יאָרן, פאַרהעלטעניש־מעסיק יונג, וועל איך אויף תמיד צומאַכן די אויגן, האָב איך אַזאַ צוואה נישט געקאָנט לאָזן, און פאַרשטייט זיך נישט געלאָזט.

בכיוון שטרייך איך אונטער, אַז איך האָב נישט געלאָזט קיין שום צוואה און נישט געקאָנט לאָזן קיין צוואה, אַז מע זאָל מיך דאָ אָדער אין אַן אַנדערן הייליקן אָרט באַגראָבן.

איך ווייס נישט ווי אַזוי ס׳ע האָט זיך געמאַכט און איך בין אַוועק־געפאַלן און אַ שטאַרב אָפּ געטון, אומגעריכט, הגם איך בין נישט געלעגן אין בעט קראַנק. אמת, איך האָב צו מאָל געליטן פון הויכן בלוטדרוק, וואָס האָט גורם געווען, אַז צו מאָל זאָל מיר דער קאָפּ שווינדלען, אָבער פון דעם דאָזיקן ביז צום שטאַרבן איז דאָך נאָך אַ גרויסער מהלך. איצט

ווייס איך נאָך נישט מער, בלויז אזוי פיל דערמאן איך זיך איצטער. עס איז מעגלעך אז שפּעטער, מיט דער צייט, וועל איך זיך דערמאָנען גענוי, ווי אזוי סע האָט זיך געמאכט און איך בין א שטארב אָפּ געטון.

ווי אזוי זשע בין איך אָנגעקומען אויף אָט דעם צווינטער?

איז דארף איך דערמאָנען אז איך בין געווען אמאָל אן אָפיציר אין דער ארמיי. יאָ, יאָ, מיטן זעלביקן נאָמען פון בנימין זעליקאָוויטש. דאכט זיך אז עס איז קלאָר און מע קאָן קיין שום טעות נישט האָבן אויך ווען עמעצער וואָלט געוואָלט אנדערש אויסטייטשן מיין נאָמען בנימין צי זעליקאָוויטש, אזוי ווי סע שטייט איצט אויפגעשריבן אויפן שווארצן טע־וועלע מיט ווייסע אותיות אויף מיין קבר.

אָבער וועמענס עצה דאָס איז געווען, ווייס איך נאָך נישט גענוי, אָבער ס'ע ווייזט אויס אז מיין פרוי, וואָס איז ווי אלע פרויען, א ביסל שוואכער פון דער נאטור, האָט זיך מסתמא צוגעהערט און מסכים געווען אז מע זאָל מיך באערדיקן דאָ, אויפן מיליטערישן צווינטער. מע האָט איר מסתמא איינגערעדט אז מע מאכט די קבורה מיינע מיטן מיליטערישן פּא־ראד, מיט מיליטערישער מוזיק — קאָן מען גיין מיט אזא צערעמאָניע אויף א יידישן בית־עלמין?!

נו, איצט איז שוין פארפאלן. א טויטן פון יענער וועלט, פלעג מען זיך זאָגן א ווערטל, ברענגט מען שוין נישט צוריק. אויב אזוי, איז עס דאָך אויך נישט מער ווי א פאָרמעלע זאך. דאָ שטערט מיך אויך נישט קיינער. די שכנים זענען דאָך לייטישע נשמות. איך האָב שוין באגעגנט א באקאנטן. ער האָט מיך באגריסט און כמעט דערפרייט אז ער האָט מיך דערזען.

פאר וואָס ער האָט זיך דערפרייט? מוז איך זאָגן אז דאָ ווייסט מען קיין נייעס נישט פון קיין צייטונגען, צי פון א ראדיאָ. דאָ איז מען „אויף יענער וועלט״. אויב מע וויל עפּעס געוואויר ווערן, איז עס נאָר אויף איין אופן: מע פרעגט זיך אויס ביי א ניי אָנגעקומענעם. איצט בין איך דער ניי־אָנגעקומענער. אָבער אזוי ווי ער האָט געזען, אז איך בין נאָך נישט צו־געוואוינט צו מיין נייעם מצב, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט אז איך זאָל זיך אקלימאטיזירן. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז מאָרגן־איבערמאָרגן מוזן מיר זיך אומבאדינגט טרעפן, זיך אדורכרעדן. דערווייל האָב איך געזען אויף זיין פּנים, אז ער איז פארחידושט וואָס איך בין דאָ, אויפן קריסטלעכן צווינטער, און נישט אויפן יידישן (הגם קיין יידישער מיליטערישער בית־

עולם איז דאָך בכלל נישטאָ!). ער האָט עס נישט ארויסגעזאָגט בפירוש, אָבער מע האָט עס געקאָנט אראָפּלייענען פון זיין פּנים.

מיט דעם האָט זיך עס מסתמא אָנגעהויבן. יעדער וועט אויף מיר אזוי קוקן פון היינט אָן ווי אויף א ווייסער קראָ...

ווער האָט געזען אמאָל א ווייסע קראָ? איז אז מע באגעגנט אמאָל אזא מין באשעפעניש, קוקט מען אויף אים מיט אזא חידוש, ווי סע האָט אויף מיר געקוקט מיין באקאנטער.

אזוי, אונטער אזעלכע „פריינדלעכע" בליקן, האָב איך אָנגעהויבן מיין נייע אייביקע, אמת אייביקע עקזיסטענץ, אין מיין „ליכטיקן" קבר...

# דאָס אומגליק זוכט מען צו מאָל אָפּ אליין

אומזיסט האָב איך געוואַרט אין מײַן קבר, אַז סע זאָל קומען דער מלאך דומה, ווי מע פּלעג זאָגן אין די חובת־הלבבותדיקע אָפּשרעקנדיקע מעשׂיות, און זאָל מיך רופֿן צום מישפּט פֿאַרן בית־דין של מעלה. אומזיסט. עס איז קיינער נישט געקומען. איז וויפֿל זשע קאָן אַ מענטש וואַרטן אַז מע זאָל אים רופֿן? האָב איך זיך אויפֿגעהויבן און געגאַנגען אומגערופֿן (נישט מײַן גוף האָט זיך אויפֿגעהויבן. ער איז דאָך טויט, אַ פּשוט שטיק ליים, וואָס בלײַבט אומבאַוועגלעך... אויפֿגעהויבן האָט זיך מײַן נשמה, וואָס שוועבט איצט, אומאָפּהענגיק פֿונעם טויטן גוף. אָט די דאָזיקע באַמערקונג איז חל אויף אַלע „באַוועגלעכע" טוּאונגען, וואָס ווערן דערמאָנט אין דער דאָזיקער מעשׂה!). וואָס האָב איך דען צו פֿאַרלירן? איך בין נישט בעסער אָבער אויך דאָך נישט ערגער פֿון סײַ וועלכן פּשוטן בשׂר־ודם. וואָס זשע קאָן מען מיך מישפּטן מער ווי אַן אַנדערן? אָבער איין זאַך קאָן מסתּמא יאָ געשען: איך וועל זיך נישט אַזוי לאַנגווײַליקן, זיצנדיק אַליין, אין קבר, און וואַרטן. פֿון תּמיד אָן, נאָך אויף יענער וועלט, אויף דער לע־בעדיקער, איז בײַ מיר געווען דאָס ערגסטע, צו זיצן און וואַרטן. זאָל גע־שען אויך דאָס ערגסטע, נאָר פּטור ווערן. מע קאָן דען אויסמײַדן דאָס אומ־פֿאַרמײַדלעכע? איז זאָל געשען, וואָס סע דאַרף געשען.

אפֿשר איז דאָס מײַן אַ חסרון: תּמיד בין איך געוועאײַלט (וויפֿל מאָל האָב איך שוין געהאַט אויסצושטײַן בלויז אומאָנגענעמלעכקייטן, נאָר בלויז דערפֿאַר ווײַל איך האָב זיך געאײַלט?). אפֿשר ווײַל איך געהער צום עמאַ פּזיזא, צום פֿאָלק וואָס אײַלט זיך תּמיד, הגם עס האָט נאָך קיין מאָל גאָר־נישט] פֿאַרשפּעטיקט?! אײַלעניש איז אַ סימן פֿון אומזיכערקייט. מע אײַלט זיך ווען מע וויל פֿאַרכאַפּן דעם „איצט", דעם „שוין", ווײַל מע ווייסט נישט אויף זיכער ווען סע געהער דער „מאָרגן"...

האָב איך זיך געלאָזט אין וועג, זוכן דעם בית־דין של מעלה. אָבער, זעט איר, ווי נאַאיוו איך בין — וואו געפֿין איך דעם בית־דין של מעלה? איך האָב קיין מאָל נישט געטראַכט דעריבער, ווי אַזוי סע קאָן אויסזען אַזאַ טריבונאַל. איך האָב געוווּסט אַזוי ווי איטלעכער בשׂר־ודם ווייסט, אַז אין אַ זאַל, אָדער אַ היכל, זיצט פֿאַר אַ טיש אַ בית־דין און רעכטס זיצט אַ קטיגור, אַ מלאך־פּראָקוראָר, לינקס זיצט אַ סניגור, אַ מלאך־פּאַרטיידי־

קער, און דער געמישפטער שטייט נעבעך פארן בית־דין און ציטערט פאר שרעק. אזוי האָב איך געוואוסט ביז איצט (אָדער גאָר געמיינט אז איך ווייס!). אָבער איצט גיב איך מיר אָפּ חשבון ווי נאאיוו איך בין געווען: ווי אזוי האָב איך מיר געקאָנט פאָרשטעלן אז אזא גרויסע וועלט מיט אזוי פיל זינדיקע נשמות (פון די צדיקים איז שוין אָפּגערעדט!) זאָל מען קאָנען מישפטן פאר איין בית־דינדל?! זעט איר, וועגן דעם האָב איך קיין מאָל נישט געטראכט. איצט זע איך אז דאָס איז נישט אזוי פשוט ווי אזוי איך האָב עס מיר פאָרגעשטעלט. אויף צו מישפטן אזא גרויסע וועלט דארף מען האָבן נישט איין בית־דין, נאָר א מחנה מיט טריבונאלן, טריבונאלן מיט אָן א שיעור שופטים און פראָקוראָרן — און מלאכים־אדוואָקאטן...

און נאָך עפּעס. ווי אזוי מישפט מען יידן מיט קריסטן, מאכאָמעדאַ־נער מיט בודיסטן און סתם אפיקורסים. ווי אזוי מישפט מען אזוי אויסגע־מישט אין איין קעסל?!

יאָ, איך בין געווען נאאיוו, וואָס איך האָב זיך נישט געכאפּט באַ־צייטנס, אז דאָס דארף זיין אָרגאניזירט: לויט דער רעליגיע, שפּראך און אפשר גאָר אויך לויטן געשלעכט... מע וועט דאָך נישט נעמען א גאסן־מויד און מישפטן לפני כל עם ועדה, אז, להבדיל, חסידישע יידן זאָלן מוזן זיך צוהערן ווי זי איז זיך מתוודה אויף אירע „מעשים־טובים"...

נו, און טעריטאָריעל? מסתם איז דאָך אויך דאָ אזוי אָרגאניזירט, אנדערש ווי אזוי וועל איך קאָנען געפינען דעם בית־דין, צו וועלכן איך דאַרף זיך מעלדן?!

אין מיין לעבן האָב איך צו דעם נישט געטראכט. ביז איצט — אָבער איצט מוז איך וועגן אָט דעם אלעמען טראכטן. ווייל ווארטן ביז מע וועט מיך רופן, דאָס איז פאר מיר קיין עסק נישט.

איין זאך איז דאָ זייער גוט אָרגאניזירט: מע קאָן נישט ארומגיין בלאָנדזשענדיק. ראשית, איז נישטאָ וואו צו בלאָנדזשען. די מעשע מיט די אלעעס זענען דאָך אויסגעטראכטע. דאָ זענען קיין אלעעס נישטאָ, און קיי־נער דארף זיי נישט האָבן. דאָ איז אזוי: ווילסט ערגעץ אָנקומען, דארפסטו דאָס נאָר וועלן. בלויז דער רצון איז שוין גענוג. דו ווילסט אָנקומען צו א בית־דין, וואָס גיט זיך אָפּ, לאָמיר זאָגן מיט די נשמות פון אוטאָפּיעלאנד (פאר וואָס לאָקאליזיר איך מיין מעשה דווקא דאָרט? ווייל איך בין זיכער אז אויך די דראמע פון „האמלעט" איז נישט געשען אין דענעמארק!)... דאָס איז אָבער נאָך ווייניק. מע דארף דאָך וויסן גענויער, אז מע וויל אָנקומען צו א בית־דין, א יידישן, וואָס מישפּט יידן פון דער און דער קהילה. און דערנאָך איז גענוג בלויז דער רצון, צו וועלן און כהרף־עין ביסטו דאָרט.

# מתים רוען אויך נישט

ווי נאָר סע האָט זיך אראָפּגעלאָזט די נאכט, און אויפן הימל האָבן זיך באוויזן דריי שטערן, האָט מיך דערוואַרט מיין באקאנטער. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם, אויף יענעם; וואָס סע הערט זיך מיט דעם עניין אָדער מיט יענעם עניין. וואָס איך האָב געוואוסט האָב איך אים געזאָגט. וואָס נישט, נישט. דאָ זענען נישטאָ קיין סודות. דאָ דאַרף מען נישט אויסבאַהאלטן, אז מע זאָל נישט געוואויר ווערן. אַלץ איז הפקר. אָבער דאָס וואָס מע ווייסט נישט, האָט דאָך נישט קיין זינען צו רעדן, צו זאָגן וואָס מע ווייסט נישט — טויג נישט. דאָ איז דאָך דער עולם־האמת.

איז נישט וויכטיק פאר מיר דער שמועס וואָס איך האָב מיט אים געהאט.

איין זאך איז יאָ וויכטיק געווען צו באמערקן. אזוי ווי פארצייטנס האָט מען געוואַרט און ארויסגעקוקט צום הימל, צי סע זענען אויפגעגאַנגען דריי שטערן, סיי שבת אויף דער נאכט, צי מע מעג שוין אָנצינדן א ליכט, סיי אין א תענית, צי מע מעג שוין אויפפאסטן — אזוי קוקט מען דאָ ארויס צי סע האָבן זיך שוין באוויזן דריי שטערן און מע מעג שוין ארויסגיין אויף דער פרייער וועלט.

ווי אזוי מע גייט ארויס פונעם קבר? דאָס ווייס איך אויך נישט פּינקטלעך. דאָס פילט מען נאָר אז מען איז ארויס, און מע קאָן זיך שפּאַצירן אין די אומגעזעענע „אלעעס". געננוי אזוי ווי א לעבעדיקער מענטש ווייסט נישט ווי אזוי ער באוועגט די הענט, למשל, ער ווייסט נאָר אז ס'איז גענוג ער זאָל „וועלן" און די האנט פירט אויס די קאָמאנדע, וואָס זי האָט באקומען פונעם מוח. עס איז גענוג אז ער זאָל וועלן. דאָ איז אויך אזוי: עס איז גענוג דער ווילן און ער איז באלד אויסגעפירט. ווי אזוי? דאָס איז נישט וויכטיק פארן פּשוטן מת. מסתמא זענען דאָ אויך פאראַן פּסיכאָלאָגן, אָדער ווי מע רופט זיי דאָ, וואָס פאָרשן, צווישן אנדערע, אויך די דער'שיינונג. וואָס דען קאָן טאָן א פאָרשער?

נאָך עפּעס בין איך געוואויר געוואָרן: די מתים צווישן זיך זעען זיך אין זייערע געוויינטלעכע מלבושים, אין וועלכע מע האָט זיי באגראָבן, אָדער מע האָט זיי פארברענט אין דער קרעמאטאָריע, וואָס איז ספּעציעל צוגעגרייט פאר די וואָס ווילן נישט מע זאָל זיי באערדיקן. דערפאר דער־

קענט מען זיך, ווער עס איז פון א העכערן שטאנד און ווער פון א נידע־ריקערן. עס איז אמת, אז א סך מאָל פּאסירט אז דער וואָס איז פון א העכערן קלאס, לאָמיר זאָגן אן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר, זאָל ארומגיין אין אָפּגעניצטע קליידער און א פּשוטער ארבעטאָרער זאָל גיין אָנגעטון אין שפּאָגל־נייע קליידער. דאָס איז דאָך נישט געוואָנדן אלע מאָל אין פּאר־מעגן. דאָס איז דאָך מער געווען געוואָנדן אין דער משפּחה, וואָס האָט זיך פארגינען אָנצוטון זייער מת אין לייטישע בגדים.

ווי אזוי בין איך עס געוואויר געוואָרן? איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף עמעצן, א באקאנטן מיינעם, האָט מען מיר געוואוסט צו זאָגן וועגן אים, אז ער איז אויפן יידישן בית־עלמין, דאָ נישט ווייט. און איך קאָן דאָס דערקענען אָן די תכריכים. די יידישע מתים גייען אָנגעטון אין ווייסן, אזוי ווי מע האָט זיי מקבר געווען, אזוי ווי זיי האָבן אויסגעזען אין יענעם מאָמענט, אזוי זענען זיי פארבליבן אויף זייער גאנץ לע... ניין, אויף זייער גאנצן טויט. דאָס זעען בלויז מיר נאָר, פארשטייט זיך, נאָר מיר, די מתים צווישן זיך. לעבעדיקע זעען דאָס נישט.

נאָך מער, אויך מיר זעען נישט קיין לעבעדיקע, אזוי ווי די לעבע־דיקע זעען נישט קיין מתים. אויב א מת, א נשמה, דערציילט אז ער האָט געזען א לעבעדיקן, קוקט מען אויף אים מיט א חשד צי ער האָט נישט פארלוירן דעם שכל־הישר. קודם רעדט מען אים אויס, אז דאָס זענען נאָר האלוציניאציעס, בייזע קאָשמארן, ווייל לעבעדיקע זענען דאָך בכלל נישט פאראן — אויף דעם עולם. און טאָמער געפינט זיך דאָך איינער, וואָס האלט זיך ביי זיינעם, מיטן גאנצן עקשנות פון אן איינגעשפּארטן מת, אז ער האָט געזען אָדער חלומט אָפּט א לעבעדיקן, פירט מען אים צו א פּסיכיאטאָר...

איך האָב באלד פארשטאנען אז דאָס זענען צוויי באזונדערע וועלטן און מע דארף נישט פארמישן די יוצרות. אדרבה, ווען מע רעדט, דארף מען יעדעס מאָל זאָגן: להבדיל בין המתים לחיים!... די לעבעדיקע דארף מען לאָזן אין זייער (רו — ניין, אזוי פלעגט מען זאָגן צווישן די לעבע־דיקע אויף די טויטע. דאָ זאָגט מען:) תוהו־ובוהושן געטומל. ווייל די לע־בעדיקע רוען דאָך קיין מאָל נישט. נישט ביי טאָג און אויך נישט ביי נאכט. אויב א לעבעדיקער רוט — איז עס דאָך דער ערשטער סימן, אז ער איז שוין, צי וועט ער שפּעטער א ביסל זיין א טויטער...

דער אמת איז, אז די מתים גופא רוען אויך נישט. דאָס דאכט זיך נאָר אויס פאר די לעבעדיקע אז זיי רוען, ווייל זיי ווייסן גאָרנישט וועגן זייער... ווי זאָל איך זאָגן? טעטיקייט איז דאָך נישט שייך — איך וועל

מיט דער צייט מסתמא זיך אויסלערנען אויך די געוויינטלעכע אויסדרוקן, וואָס ווערן דאָ באַניצט. דערווייל מוז איך זיך באַניצן מיט די אויסדרוקן, וואָס זענען מיר היימיש נאָך פון „יענער" וועלט, דער לעבעדיקער.

איך בין זיכער אז סע וועט מיר גרינגער זיין, ווען איך וועל נישט זיין דאָ אזוי עלנט. לעת־עתה בין איך דאָך [דאָ אליין, אָן א נאָענטן, מיט וועמען זיך אדורכצורעדן. דערפאר האָב איך באַשלאָסן אז מאָרגן מוז איך זיך לאָזן זוכן א באַקאַנטן, סיי דאָ, סיי דאָרט, אין יענער זייט פון דער געמויערטער וואַנט — אויפן יידישן בית־עלמין.

דערווייל דריי איך זיך ארום, ווי א רעקרוט וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען אין דער קאַזאַרמע. ער איז שוין אָנגעטאָן מיטן מיליטערישן מונדיר, אָבער ווי אזוי מע דאַרף כאָטש באַגריסן א העכערן ראַנג — דאָס ווייסט ער נאָך נישט ווי אזוי מע טוט עס...

ווען סע האָט נאָך נישט אָנגעהויבן צו טאָגן, ווי נאָר איך האָב דערהערט די הענער קרייען, אָנזאָגנדיק דעם טאָג, בין איך צוריקגעקומען צו מיין פרישן קבר. איך האָב געפונען עטלעכע נשמות, וואָס האָבן גע־רעדט צווישן זיך. וואָס זיי האָבן געזאָגט אויף מיין חשבון, לייענענדיק מיין נאָמען אויף דעם בלעכל וואָס איז געווען אנשטאט א מצבה, דאָס האָב איך נישט געקאָנט הערן. איך האָב נאָר געזען דעם איראָנישן שמייכל אויף זייער פנים.

איינער פון צווישן זיי איז איבערגעבליבן עטלעכע מינוט, ער האָט מיר אריינגעשעפטשעט אין אויער:

— איך בין אויך א ייד...

איך בין געבליבן משתומם: פאר וואָס זאָגט ער עס מיר אזוי בסוד, גלייך ער וואָלט נישט געוואָלט, אז די איבעריקע נשמות זאָלן עס הערן? איך האָב נישט פארשטאַנען: דאָ דאַרף ער זיך אויך אויסבאַהאלטן?!

ער האָט מיר געוויזן מיטן פינגער זיין קבר, וואָס איז געווען נישט גאָר ווייט פון מיינעם. אמת, אויף זיין קבר איז נישט געווען קיין צלם. עס איז געווען א מצבה מיט א פינף־שפּיציקן שטערן...

— אויב איר ווילט — האָט ער מיר געזאָגט ווי בסוד — קאָנען מיר זיך זען מאָרגן און כאַפּן א שמועס.

— פאר וואָס זאָגט איר עס מיר שעפּטשענדיק — האָב איך געוואָגט אים צו פרעגן — מע ווייסט דען נישט דאָ אז איר זענט א ייד?

— איך ווייס צי מע ווייסט? איך האָב עס קיינעם נישט געזאָגט — האָט ער מיר א ביסל שעמעוודיק געזאָגט — איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ביי מיר איז קיין מאָל נישט געווען קיין חילוק צווישן א ייד און א נישט־ייד...

— יאָ, אָבער ביי זיי, ביי אונדזערע שכנים, איז אויך קיין מאָל נישט געווען קיין חילוק? — האָב איך אים געפרעגט מיט א שמייכל.

— ביי פיל פון זיי איז אויך נישט געווען קיין חילוק, און ביי טייל איז דווקא יאָ א חילוק. אָבער וואָס גייט עס מיך אָן? יעדער מעג זיך האָבן זיין אייגענע מיינונג.

— אויב סע גייט אייך טאקע נישט אָן — האָב איך זיך איינגעשפארט און אים נישט געלאָזט צו רו — פאר וואָס זשע באהאלט איר אויס אייער אידענטיטעט?

ווייזט אויס אז ער האָט תיכף נישט געהאט דעם פאסיקן ענטפער, אָבער כדי צו דערהאלטן די גוטע באציאונגען מיט מיר, האָט ער נאָר א מאָך געטון מיט דער האנט:

— נו, וועגן דעם וועלן מיר נאָך רעדן. איצט איז שוין פרי, מע דארף גיין רוען. באלד דארף מען שוין זיין יעדער אין זיין קבר.

איך האָב געמיינט אז ער וועט זיך בייזערן אויף מיר, וואָס איך שטעל אים אזעלכע שווערע קשיות, אויף וועלכע עס איז שווער צו ענטפערן, אָבער ער האָט זיך נישט געבייזערט. ער האָט זיך איינגעהאלטן. מסתמא איז ער זשעדנע געווען אויף צו באגעגענען א היימישן, מיט וועמען ער זאָל זיך אמאָל אדורכשמועסן. איצט בין איך געקומען. זאָל ער זיך מיט מיר קריגן?!

# מיהאי מאָנידעס, מיין יידישער שכן

ווי נאָר סע האָט זיך אראָפּגעלאָזט די נאַכט בין איך שוין געווען ביים קבר פון מיין נייעם באקאנטן. איך האָב געוואָרט אַז ער זאָל זיך באַ־ווייזן. דערווייל האָב איך געלייענט זיין מצבה, א שיינער מירמלנער שטיין, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעקריצט זיין נאָמען מיטן מיליטערישן ראנג און די דאטעס פון זיין געבוירן און שטארבן.

איידער סע האָט זיך באוויזן מיין באקאנטער איז ארויסגעקומען א שכן זיינער און מיך באגריסט מיט א שמייכל:

— איר האָט אייך אָפּגעזוכט? ער וויל נישט מע זאָל וויסן אַז ער איז א ייד... זעט איר — האָט ער פאָרגעזעצט, ווען ער האָט געזען אַז איך ענטפער נישט באלד אויף זיין איראָנישער באמערקונג — ביי אונדז זענען שוין חשובער אזעלכע ווי איר, וואָס באהאלטן זיך נישט אויס און טראָגן אָפן זייערע יידישע נעמען, וואָס האָט ער זיך אויסצובאהאלטן? און אַז ער רופט זיך מיהאי מאָנידעס ווייסט מען נישט אַז ער איז א ייד?!... עס איז נאָך שיין פון זיין זייט, וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט שטעלן א צלם אויפן קבר... נאָר מע ווייסט, ווען מען שטעלט מען דאָ נישט קיין צלם? אדרבה, מיט דעם ווייזט מען ארויס אַז מע געהער נישט צו קיינעם, נישט אהין און נישט אהער... נאָר, אָט גייט ער!

דער שכן איז פארשוואונדן. ער האָט נישט געוואָלט אונדז שטערן אָדער אַז מאָנידעס זאָל הערן וועגן וואָס ער דערציילט מיר.

— א גוטן.

— א גוטן.

איך וואָג נישט מער ארויסצורעדן, ווייל איך ווייס דאָך נישט ווי אזוי מע באגריסט זיך דאָ: זאָגט מען חבר צי הער? זאָג איך גאָרנישט. פרעגן שעם איך זיך. איך וועל הערן ווי אזוי אנדערע רעדן, וועל איך אויך אזוי טאָן.

א ווײַלע זענען מיר געגאנגען איינער נעבן דעם אַנדערן און נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט. סע האָט זיך געפילט אַז ער ווייסט נישט ווי אזוי אָנצוהייבן דעם שמועס. נו, וואָס זאָל איך טון, זאָל איך נעמען די איניציאַ־טיוו? האָב איך אָנגעהויבן:

— נו, חבר מאָנידעס, ווי גייט עס אייך דאָ?

— וואָס הייסט ווי „ס'עט גייט"? דאָ גייט נישט, דאָ איז סתם אזוי.

— וואו איז דער גיהנום, דער גן־עדן? האָט מען אייך שוין גע־מישפט?

ער האָט מיך א ווײַלע אָנגעקוקט. סע האָט זיך אָנגעזען, אז ער האָט נישט געוואוסט ווי אזוי צו ענטפערן אויף מײַנע פראַגן. מיין איך עס ערנסט צי איז עס א פשוטער שפּאס?

— דאָ איז נישטאָ קיין שום... גאָרנישט.

— וואו איז דער גיהנום?

— אויף „יענער וועלט".

— יאָ, דאָס האָב איך דאָך תמיד געוואוסט, אז אויף יענער וועלט, אָבער איצט, ווען מיר זענען שוין אויף יענער וועלט, פרעג איך דאָך, וואו איז ער?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט אז אויף „יענער וועלט". תמיד איז דער גיהנום אויף יענער וועלט. דער גן־עדן איז אויך דאָרט, אויך אויף יענער וועלט. איצט איז ער אויף דער ערדישער וועלט... דאָ איז נישט פאראַן גאָרנישט, גאָרנישט.

— ווי אזוי זשע „לעבט מען", וויל איך זאָגן, ווי אזוי איז מען טויט אָן גאָרנישט?

— יאָ, ווי אזוי זאָל איך עס אייך דערקלערן? איר וועט עס מיט דער צייט אליין פארשטיין. דערקלערן איז פיל שווערער פאר א נײַער נשמה. אָבער איך וועל אייך איצט וועגן דעם ענין אזוי פיל זאָגן, אז עס איז דאָ א חילוק צווישן אָט די ביידע וועלטן: בעת אין דער ערדישער וועלט לעבט מען מיט חלומות וועגן דעם וואָס וועט זיין אויף „יענער וועלט", איז דאָ, אויף דער וועלט, איז מען מיט די זכרונות פון יענער וועלט. דער לעבעדיקער חלומט תמיד וועגן דער צוקונפט, דאָ אָבער, „לעבט מען" מיטן עבר, מיט די זכרונות וואָס עס איז געווען א מאָל... אין דעם זינען איז דאָ פאראַן א גיהנום און אויך א גן־עדן...

— איר האָט רעכט — זאָג איך מאָנידיעסן — פאר מיר איז עס נאָך שווער צו פארשטיין. מסתמא, אז מיט דער צייט וועל איך זיך אקלימאטי־זירן און אליין פארשטיין. האָט איר דאָ באקאנטע? מיט וועמען פארברענגט איר די צייט?

— באקאנטע האָב איך גענוג. איך האָב דאָ גענוג חברים מיט וועלכע איך האָב צוזאמען געדינט אין מיליטער, נאָר דעם אמת געזאָגט, זוך איך נישט קיין פריינדשאפט. יענע וואָס זענען גרעסער פון מיר אין ראנג, ווארטן

אז איך זאָל זיי אויך דאָ אָפּגעבן דעם היעראַרכישן כבוד. זיי פאַרגעסן אז זיי זענען שוין נישט אויף יענער וועלט. און די וואָס זענען פון קלענערן ראַנג פון מיר, אז זיי באַגעגענען מיך שמייכלען זיי איראָניש, ווי איינער רעדט: דאָ ווייסטו אונדז שוין נישט קאָמאַנדירעווען... איר ווייסט נישט? ווען מ'האָט שוין נישט די מאַכט אין די הענט איז שווער אויפצוהאַלטן די אויטאָריטעט... און שנית, גיבן זיי צו מאָל אָנצוהערן אז איך רעד מיט א פרעמדן אַקצענט...

איך האָב אים אָנגעגריפן דירעקט:

— ווי אזוי זענט איר אָנגעקומען אַהער? פאַר וואָס זענט איר נישט אויף א יידישן בית-עלמין?

— דאָס האָב איך געוואָלט זיין דאָ... זעט איר, איך האָב מיין גאַנץ לעבן געקעמפט קעגן ראַסיסטישע אידעען, וואָס זשע איז מיר א חילוק? איך בין דאָך געווען דאָס רוב פון מיין טעטיקייט אין מיליטער־דינסט, איז האָב איך דאָך דאָס רעכט צו זיין באַגראָבן אויפן מיליטערישן בית־עולם. דאָ האָט מען מיך באַערדיקט מיט דעם גאַנצן מיליטערישן פאַראַד. מ'האָט געשאָסן לכבוד מיר ביים אָפענעם קבר. מע האָט געמאַכט הספדים...

— פאַר וואָס זשע זענט איר נישט אָנגעטון אין א מיליטערישן מונדיר?

— ווען איך בין געשטאָרבן — קלערט מיר אויף מאָנידעס — בין איך שוין געווען אין רעזערוו. איך בין שוין געווען דעמאָלט א ציוויליער... און פאַר וואָס זענט איר נישט אין מיליטערישן מונדיר, איר זענט דאָך נאָך פאַרהעלטעניש מעסיק יונג?

— איך בין שוין אויך געווען אין רעזערוו.

— איר זענט קראַנק געווען?

— מ'קאָן זאָגן אויך אזוי... אָבער איך האָב געהאַט קרובים אין אויסלאַנד...

— דאָס איז א נאַרישקייט — זאָגט מאָנידעס — איר זאָלט נישט גלייבן אז צוליב די קרובים...

— איר האָט רעכט. דאָס האָט מען נישט געזאָגט. געזאָגט האָט מען אז מ'ע „רעאָרגאַניזירט" און בעתן רעאָרגאַניזירן בין איך, און אַנדערע ווי איך, אַרויסגעבליבן... אָבער מיר האָט עס נישט לייד געטון. איך בין אַריין אין מיליטער אין מלחמה־צייט, ווען מע האָט געדאַרפט ממש קעמפן מיטן געווער אין די הענט. איצט איז דאָך שוין שלום און די געפאַר איז שוין

נישטאָ. איצט קאָנען זיך שוין אַזעלכע ווי איך באַשעפטיקן יעדער מיט זיין ציוויל̄ער מלאכה...

— סע זענען נאָך פאַראַן יידן דאָ? — פרעג איך מאַנידעסן.

— איך גלייב אַז נישט. איך בין געווען דער איינציקער דאָ, ביז איצט. אָבער ווי אַזוי זענט איר אַהער אָנגעקומען?

— איך ווייס אַליין נישט. דאָס איז נישט געווען מיין רצון.

— איר וועט יעס קאָנען געוואויר ווערן, ווען סע וועט נאָך קומען אַהער עמעצער, וואָס איז אפשר געווען אויף איער לוויה וועט ער אייך אפשר עס דערציילן. און אפשר וועט איר אייך אַליין דערמאָנען... מיט דער צייט דערמאָנט מען זיך, אויך פון דעם וואָס עס האָט פּאַסירט בעת דער לוויה...

אויפן האָריזאָנט האָט אין מזרח זיך אָנגעהויבן צו רויטלען. וואָס זשע איז איבערגעבליבן צו טאָן?

האָבן מיר זיך צעשייד און יעדער פון אונדז איז אַוועק אין זיין רו אַריין.

אין זיין רו אַריין? קאָן מען דען אין קבר שוין יאָ רוען?!

ווער סע מיינט אַזוי, יענער וועט איבערלעבן די זעלביקע אַנטוי־שונג, ווי איך האָב עס איבערגעלעבט.

ערשט איצט קומט מיר אויפן זכרון, וואָס איינער, אַ ייד, אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, האָט געהאַט אַ מאָל געזאָגט ווי אין שפּאַס: נו מילא, די דאָזיקע וועלט האָב איך שוין פאַרשפּילט. איך האָב שוין פּונעם לעבן נישט צו דערוואַרטן קיין שום פרייד נישט. ווייל, אַז עס איז נישטאָ קיין פּרנסה — איז אויך קיין שלום־בית נישטאָ; און אויב עס איז נישטאָ קיין שלום־בית, איז דאָס לעבן אַ ריינער גיהנום... אָבער לאַכן וועל איך, פלעגט יע־נער ייד זאָגן, אויב אויף „יענער וועלט" איז אויך נישטאָ גאָרנישט...

דעם דאָזיקן „זאָג" האָט מען געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי מע האָט געוואָלט.

האָט מען געוואָלט, האָט מען געקאָנט זאָגן, אַז ער איז אַ פּשוטער אפיקורס און גלייבט נישט אין „יענער וועלט", און ער זאָגט עס אַרויס אונטער דער שפּאַסיקער פאָרעם. האָט מען אָבער געוואָלט, האָט מען גע־קאָנט מיינען, אַז ער איז דווקא יאָ אַ גלויביקער ווייל וואָלט ער נישט גע־ווען, וואָלט עס דאָך קיין שפּאַס נישט געווען...

נו, איצט, הגם איך בין דאָ ערשט עטלעכע טעג, וואָס איך וואַלגער זיך דאָ אין מיין דלת־אמותדיקן צווינטערדיקן קבר — איצט איז מיר געקומען אין זכרון יענער „זאָג“, ווייל ער האָט באַקומען פאַר מיר א ניי־עם באַטייט.

יאָ, איצט, ווען איך בין שוין דאָ, ערשט איצט גיב איך מיר אָפּ חשבון, אַז דער וואָס האָט נישט געהאַט קיין רו „דאָרט“, דער האָט אויך „דאָ“ נישט קיין רו...

איצט בין איך שוין נישט אין ספק צי עס איז בכלל „עפּעס“ פאַראַן אויף „יענער וועלט“. איצט איז אויפגעשוואומען פאַר מיר אַן אַנדערע פאַרזעגלעכע פראַגע: אויך דאָ, אין קבר, וועל איך שוין קיין רו נישט געפינען?

יאָ, ערשט איצט קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז ווען מע האָט דער־מאָנט דעם נאָמען פון א טויטן, פלעגט מען זאָגן: „עליו השלום“ צי „רוען זאָל ער אין ליכטיקן גן־עדן!“... יאָ, דאָס איז עס. אויך דאָ דאַרף מען האָבן מזל, צו האָבן רו. דאַכט זיך, אַז אויך דאָ באַקומט מען נישט די רו במתנה פון קיינעם. זי האָט מען זיך געדאַרפט צוגרייטן נאָך דעמאָלט, ווען מען איז געווען אויף „יענער וועלט“.

נאָר צוריק געשמועסט, לעבט דען דער מענטש, בלויז מיט דער „רו“ וואָס ער אַליין גרייט זיך צו? וויפל מאָל געשעט עס, אַז א מענטש מוז לעבן, אָדער זיך אויסלעבן אין „אומרו“, וואָס אַנדערע, עלטערן צי קינדער, גרייטן פאַר אים צו?!

דאָס מאָל, דאַכט זיך, וועל איך מוזן „רוען“ אין דער „אייביקער“ נישט־רואיקייט, וואָס מען האָט מיר צוגעגרייט, ווען מע האָט מיך באַער־דיקט אויף א צווינטער...

אַז איך האָב אפשר אויך גורם געווען דערצו — דאָס וויל איך אפילו אויפן געדאַנק נישט ברענגען.

# ווייסע וואראָנעס

## א נשמה מיט א מגן-דוד

איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ווי אזוי איך קאָן זיך באַגעגענען אויך מיט אנדערע נשמות, וואָס זענען נישט אויף אונדזער בית־עולם. דער, וועמען איך האָב דאָס געפרעגט, האָט געהויבן מיט די אקסלען און נישט פארשטאנען וואָס איך רעד צו אים:

— וואָס הייסט ווי אזוי?

— יאָ, ווי אזוי קאָן איך זיך זען אויך מיט אנדערע?

— אזוי ווי איר האָט עס געטון מיט מיר. איר באַגעגנט אייך אזוי פשוט. עס איז גענוג אז איר זאָלט וועלן... איר זענט דאָ א נייער?

— יאָ, ערשט זינט עטלעכע נעכט.

— אָ! אזוי איז שוין קלאָר. נו, איז זאָלט איר וויסן, אז דאָ דארף מען נישט קיין שום ספעציעלע דערלויבניש. איר ווילט גיין באַזוכן אן אנדער בית־עלמין? עס איז גענוג אייער ווילן, אין געדאנק. נאָר אויף יענער וועלט, צו די לעבעדיקע, אהין קאָן מען נישט צוקומען.

איך האָב פארשטאנען איך האָב אָנגעשטרענגט מיין ווילן צו באַזוכן א יידישן בית-עלמין און באלד, כהרף־עין, האָב איך זיך דערזען אויף א בית-עולם מיט פארשידענע מצבות (אָן צלמים!), איינע שענער פון דער אנדערער. איך בין אָבער נישט געקומען אהער אָנקוקן די מצבות. איך וויל זוכן א באַקאַנטן.

ביים ארייַנגאַנג פונעם בית-עלמין איז געווען א קבר באלכסון, ווי א משופּעדיקע ליניע וואָלט צוגעמאַכט דעם בית-עולם. דאָס איז געווען דער לעצטער מת וואָס איז דאָ באַערדיקט געוואָרן. אָבער פאַר וואָס איז דער קבר משופּעדיק און נישט אין דער ריי פון די איבעריקע קברים?

ווער זאָל דאָס מיר דערקלערן? אָבער באלד האָב איך דערזען צווישן די פילע נשמות, וואָס זענען ארויס פון די קברים שפּאַצירן, איינע וואָס איז אויך, ווי איך, א ווייסע קראָ...

דאָס האָט מיך, פאַרשטייט זיך, פאַראינטריגירט. מיט דער דאַזיקער נשמה מוז איך זיך תיכּף באַקענען. זי איז דאָך אויך אַ יוצא מן הכלל. אַלע, אַלע נשמות זענען אַנגעטון אין שיינע שניי־ווייסע תכריכים, אַזוי ווי זיי זענען געווען בעת מע האָט זיי באַגראָבן. נאָר אָט די דאַזיקע נשמה איז אָנגעטון מיט קויטיקע צעריסענע בגדים און דערצו האָט זי נאָך אויף דער ברוסט אַ געלן, פאַרבלאָטיקטן מגן־דוד...

וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז שוין דאָס?

מע קאָן אָבער נישט צוגיין צו איינעם און פרעגן אַזוי פּשוט, ווי ביי אַן אויספאָרשונג: „ווער ביסטו אַזעלכער?" איך מוז האָבן געדולד. מע דאַרף לאָזן אַ מענטש, אַז יענער זאָל אַליין דערציילן, דעמאָלט וועל איך דאָך וואָס מער דערפאַרן פון אים. אויב איך וועל אים פרעגן, וועט ער גאָרנישט דערציילן. איז לאָמיר קודם אָנהייבן פאַרוועבן אַ געשפּרעך.

נאָר ווי אַזוי טוט מען אַזאַ לייכטע קלייניקייט? יאָ, איך האָב אויך שיער פאַרגעסן, אין וואָס פאַר אַ מצב איך אַליין געפין זיך. סע האָבן מיך אָבער דערמאָנט די איבעריקע נשמות. אַזוי ווי זיי האָבן מיך דערזען ארומדרייען זיך צווישן זיי, האָבן זיי אויף מיר אָנגעהויבן קוקן ווי אויף אַ פרעמדן. מען האָט מיר חלילה גאָרנישט געזאָגט, וואָס זאָל מיך געווען באַ־ליידיקן. אָבער די פאַרוואונדערטע בליקן האָבן מיך באַלד דערמאַנט, אַז איך בין דאָך דאָ, אויפן יידישן בית־עלמין, טאַקע באמת אַ „ווייסע קראָ". איך בין דאָך נישט אָנגעטון אין קיין תכריכים...

ערשט דאָ זעט זיך דאָך אָן דער קאָנטראַסט. איינער, אין טונקלע קליידער, צווישן סאַמע לויטערע ווייסע תכריכים...

דאָס איז געווען פאַר מיר אומאָנגענעם. אָבער צוריק גערעדט, איז עס פאַר מיר געווען גינציק. יענע נשמה וואָס איז אויך אָן תכריכים, האָט זיך צו מיר דערנענטערט, גלייך זי וואָלט געפילט צו מיר אַ קרובהשאפט. איך האָב נישט באַדאַרפט זי זוכן, אָנצוקניפּן מיט איר אַ שמועס. זי האָט עס מיך אויפגעזוכט.

קודם האָט זי נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוהייבן. זי איז געגאַנגען אין מיין זייט עטלעכע טריט, אָן ארויסצוזאָגן איין איינציק וואָרט. אָבער איך בין איר געקומען צו הילף:

— מיר זענען עפּעס ווי קרובים — האָב איך געזאָגט אַ ביסל צוריק־געהאַלטן — הגם מסתמא פון גאָר באַזונדערע סיבות, אָבער דאָך זענען מיר נישט אָנגעטון מיט קיין תכריכים, ווי די אַנדערע... איז האָבן מיר

כמעט דאָס זעלביקע געפיל. איך האָב אויך געפילט דאָס באַדערפעניש מיט אייך זיך אַדורכצורעדן.

— יאָ, אויב מע זעט נאָך עמעצן, אויף אָט דעם בית־עלמין, אָנגעטון נישט אין קיין תכריכים פילט מען זיך שוין נישט אַזוי איזאָלירט... ווי איז עס געשען? איך האָב אייך ביז איצט נישט באַגעגנט?

— איך בין נישט קיין היגער. איך וואוין אין אַן אַנדער בית־עלמין (איך האָב בכיוון געענטפערט נאָר אויף דער ערשטער פראַגע. פאַר וואָס איך בין נישט אָנגעטון אין קיין תכריכים, דאָס האָב איך זיך נישט געאיילט צו ענטפערן. דאָס האָב איך איבערגעלאָזט אויף שפּעטער. כדי אים נישט צו געבן די מעגלעכקייט אַז ער זאָל מיך ווייטער אָנהייבן צו פרעגן, האָב איך אים ווייטער געפרעגט:) — ווי אַזוי איז דאָס מיט אייך געשען?

— ס'איז אַ לאַנגס און אַ ברייטס — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל — נאָר איך וועל עס אייך דערציילן. פאַר קיין אַנדערן האָב איך דאָס נישט ליב צו דערציילן, ווייל זיי קוקן אויף מיר, גלייך איך וואָלט דערין שולדיק געווען, וואָס איך טראָג נישט קיין תכריכים. הגם, צווישן אונדז גערעדט, וועלכער מת האָט זיך אַליין אָנגעטון די תכריכים? וועלכער מת האָט זיך אַליין באַערדיקט? זיי מאַכן זיך ווי פאַרגעסן. זיי האַלטן זיך אַזוי גאַווהדיק אַז זיי טראָגן תכריכים, גלייך דאָס וואָלט געווען זייער אַ פאַרזענלעכער פאַרדינסט... אמת, ס'זיינען דאָ פאַלן, מיינסטנס צווישן די פרויען, וועלכע טראָגן דאָ זייערע תכריכים, וואָס זיי האָבן זיך אַליין צוגעגרייט, אַליין צוגעשניטן און אויך אפילו אויפגענייט. ס'זיינען דאָ פרויען (איך ווייס נישט ווי אַזוי מע זאָגט „מת" בלשון נקבה!), וועלכע האָבן זיך אָנגעטון די תכריכים נאָך בעת זייער לעבן, כאָטש איין מאָל אין יאָר, ערב יום־כיפּור, צי ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט... אָבער מתים, בכלל, טראָגן דאָך אויף זיך נאָר די קליידער וואָס אַנדערע האָבן זיי אָנגעטון. והא ראיה, איר קאָנט דאָך אַליין זען, אַז ס'זיינען דאָ מתים פון גאָר באַשיידענעם שטאַנד, כמעט אָרעמע לייט און האָבן שענערע תכריכים פון פיל עשירים. פאַר וואָס? ווייל די יורשים פון די אָרעמאַן האָבן זיך נישט געקאַרגט אויף אויסצוגעבן עטלעכע רענדלעך מער כדי צו קויפן לייטישע תכריכים, ווייסע לייוונט, פאַר זייער פאָטער אָדער מוטער. ווידער יענע יורשים פון די פאַרמעגלעכע, וועלכע האָבן זיך מערער אַרומגעקריגט וועגן דער ירושה, ווי אַזוי איינער זאָל אָפּשווינדלען דעם צווייטן ברודער, און אין זינען געהאַט אַז זיי זאָלן וואָס ווייניקער

הוצאות מאכן צו באגראָבן זייער מת... אָבער דאָס איז שוין אַן אנדערע זאַך, אַן אנדער קאפיטל, הגם עס איז געגוג קאָמיש, ווען סע קומט איינער, א נייער מת, און דערציילט ווי אזוי מע האָט זיך אויפגעפירט ביים באַ-גראָבן זיינס א שכן. ווי אזוי מע האָט זיך ארומגעקריגט און געדונגען מיט דער חברה-קדושה, און דער מת האָט ג'עוואַרט עטלעכע טעג, ביז מע האָט פארענדיקט דאָס געדינגעניש... אָבער ווי אזוי מע האָט אים גופא באַער-דיקט, דעם וועלכער דערציילט וועגן זיין שכן אָדער באַקאַנטן, ביי ווע-מענס לוויה ער איז געווען נאָך א לעבעדיקער, דאָס ווייסט ער נישט. דאָס וועלן אים דערציילן יענע וואָס קומען שפעטער נאָך אים...

איך האָב געזען אז דער שמועס, דאָס הייסט בעסער געזאָגט, דער מאָנאָלאָג פון מיין מיטשמועסער איז אראָפּ פון דער טעמע, וואָס מיך וואָלט אינטערעסירט, האָב איך געפּרואווט אים צוריק ברענגען אויפן ריכטיקן וועג:

— יאָ, איר זענט טאַקע זייער גערעכט. דער מענטש און אפילו אויך נישט דער מת, איז נישט דער האַר איבער זיין אייגענעם גורל... מסתמא האָט עס זיך ביי אייך אויך אזוי געמאַכט, אַן אייער ווילן, אָדער גאָר קעגן אייער ווילן...

— אַן מיין ווילן?! — האָט ער זיך צעשמייכלט, א צופרידענער, וואָס איך האָב אים פארלייכטערט זיך צו דערנענטערן צו זיין פּערזענלעכן עסק — ביי מיר איז עס געווען א ביסל אנדערש ווי ביי א געוויינטלעכן מת. א געוויינטלעכער מת איז געטויט געוואָרן דורכן מלאך-המות, דורך מערער אָדער ווינציקער ליידן. מיך האָט נישט דער מלאך-המות אוועקגע-לייגט... מיך האָבן פּשוטע רוצחים דערהרגעט, וואָס אין זייער דורשט נאָך געלט, אָדער גאָלד, האָבן זיי מיך דערהרגעט. שפּעטער איז מיר געווען אויף זיי א רחמנות. ווי אזוי האָבן זיי געדאַרפט אויסזען אז נאָך דעם ווי זיי האָבן מיך געטייט האָבן זיי ביי מיר גאָרנישט געפונען?!... זעט איר אָט יענעם קבר, האָט ער מיר אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן קבר, וואָס איז געווען באַלכסון, ביים אריינגאַנג פונעם בית-עלמין — אָט אין יענעם האָבן מיך באַגראָבן די שכנים פון מיר און פון די רוצחים. זיי זענען דאָך נישט געווען קיין יידן, האָבן זיי נישט געוואוסט וואָס און ווי אזוי. עס איז נאָך גענוג שיין געווען פון זייער זייט, וואָס זיי האָבן מיט מיר כאָטש אזוי גע-טון און מיך נישט איבערגעלאָזט פאַר די חיות אז זיי זאָלן מיך אויפעסן... דאָס הייסט, אז מע האָט מיך געבראַכט צו קבר ישראל און נישט דווקא... אָבער דאָס שפּילט נישט קיין ראָלע ביי מיר. סיי וואו איז אַלץ איינס.

איין זאַך געפעלט מיר נישט, וואָס איך האָב נישט קיין תכריכים, אַז מע זאָל נישט קוקן אויף מיר ווי אויף אַ...

— אַ ווייסע וואָרענע — האָב איך אים אַרויסגעהאָלפן.

— יאָ, ווי אויף אַ ווייסער וואָראָנע. טאַקע אַזוי. אָבער ווי אַזוי איז איך געקומען אויפן געדאַנק אָט אַזאַ מין פאַרגלייך? — האָט ער זיך צע־שמייכלט. בכלל איז ער געווען אַ פריילעכער יאָט. אויף זיין פּנים איז תמיד געווען אַ שמייכל, וואָס האָט אויסגעדרוקט אַ פריילעכע מינע. ווייל אויך צווישן אונדז נשמות זענען פאַראַן אָנגעבלאָזענע, ברוגזע און טייל, פריילעכע, לוסטיקע וואָס עס איז אַ פאַרגעניגן זיך מיט זיי צו באַגעגענען. מע האָט הנאה אַז מע קאָן מיט זיי כאַפּן אַ שמועס.

— ווי אַזוי מיר איז עס געקומען אין זינען דער־אַ פאַרגלייך? איך בין דאָך אויך — האָב איך אָנגעהויבן שטאַמלען — איך בין דאָך אויך נישט מער ווי אַ ווייסע וואָראָנע... נאָר אויף אַן אַנדערן אופן, אפשר, אפשר נאָך אַ טראַגישערן ווייל איך בין נישט באַגראָבן אויף קיין יידישן בית־עלמין...

אַ מינוט איז שטיל געוואָרן. קיינער פון אונדז האָט נישט אַרויסגע־זאָגט קיין וואָרט. ער האָט מסתמא איבערגעטראַכט אין דער צייט, וואָס און ווי אַזוי מיך צו פרעגן וועגן מיין מצב, אַן דעם ער זאָל מיך באַ־ליידיקן.

— איר... איר זענט נישט קיין ייד? — האָט ער קוים אַרויסגע־שטאַמלט.

איך האָב נישט פאַרשטאַנען גוט זיין פראַגע. מסתמא האָט ער גע־וואָלט פרעגן צי איך בין נישט קיין געשמדטער, נאָר ער האָט עס נישט געוואָלט אַרויסברענגען אויף די ליפּן. נאָר איך האָב זיך נישט געמאַכט ווייסנדיק און אים געענטפערט, כדי סע זאָל אים קלאָר זיין די זאַך.

— איך בין יאָ אַ ייד. איך האָב זיך קיין מאָל נישט פאַרשטעלט פאַר קיין נישט־ייד. מיין נאָמען איז נישט פאַרביטן געוואָרן. אויף מיין מצבה, דאָס הייסט אויפן טעוועלע, וואָס איז אוועקגעשטעלט אויף מיין קבר, קאָן מען לייענען אַ קלאָרן יידישן נאָמען, בנימין זעליקאָוויטש... איך האָב נאָך נישט קיין מצבה, אָבער ווען מע וועט מיר שטעלן אַ מצבה קאָן מען נישט אויפשרייבן קיין אַנדערן נאָמען ווי נאָר דעם דאָזיקן. אָבער ביים באַערדיקן, ווי איר האָט עס אַזוי גוט פריער דערקלערט, דאָס איז דאָך נישט געווען געווענדט אין מיר. איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו זאָגן „דעם לעצטן באַגער", ווי מע פלעגט זאָגן, אַז מע זאָל

מיך באגראָבן דאָ אָדער דאָרט. איך בין געשטאָרבן פלוצים, מסתמא פון א הארץ־אטאק. מיט מיין קבורה האָט זיך אָפּגעגעבן מיין פרוי...

— נו, און זי האָט נישט געוואוסט וואו מע דאַרף אייך באַהאלטן? ווי אזוי איז עס איר גאָר אויף דער דעה געקומען אייך צו באגראָבן אויף א צווינטער?!

— זעט איר, חבר, דאָס וואונדערט אויך מיך. אָבער איך קאָן נישט פאראורטיילן קיינעם נישט, אויך נישט מיין פרוי, ווייל איך ווייס נאָך נישט גענוי וואָס סע האָט פּאסירט... מ׳ע האָט מיר געזאָגט, אז איך וועל דאָס קאָנען געוואויר ווערן, ערשט דאן ווען עס וועט שטארבן עמעצער א באקאנטער, וואָס איז אפשר אויך געווען אויף מיין לוויה, דער וועט עס געוויס מיר אויפקלערן גענוי, וואָס סע האָט פּאסירט, צי איך אליין וועל זיך מיט דער צייט דערמאנען. ביז דעמאָלט בין איך דאָ...

— דעם אמת געזאָגט, איז נישט קיין גרויסע נפקא־מינה — האָט ער מיך געוואָלט טרייסטן — איצט איז שוין א מאָדערנע וועלט, מיט ווייניקער פאָראורטיילן...

אזוי האָבן מיר זיך צעשייד, אָבער מיר האָבן אָפּגערעדט, אז מיר וועלן זיך ווידער באגעגענען.

# דער כוח פון א האָרע

מיין נייער באַקאַנטער, בערל שטערן (איך מיין אַז ער הייסט גאָר נישט שטערן, נאָר צוליב דעם מגן־דוד וואָס ער טראָגט אויף זיין ברוסט רופט מען אים אַזוי!) האָט אויף מיר ווי געוואַרט. סע האָט אויסגעוויזן אַז ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט מיך באַגעגנט און האָט וועמען צו דערציילן זיין לעבנס־געשיכטע.

— איר וועט לאַכן — זאָגט צו מיר שטערן — אָבער סע גייט מיר נישט אַרויס פון קאָפּ אייער פאַרגלייך מיט דער ווייסער וואָראָנע...

— ? — איך האָב געהויבן די אַקסלען, נישט האָבנדיק וואָס צו ענטפערן אים אויף זיין באַמערקונג.

— מיין טויט איז אַן אויסטערלישע געשיכטע — זאָגט ער ווייטער, מיט זיין שטענדיקן שמייכל — איך האָב געזאָלט געטייט ווערן נאָך מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק, אָבער על פּי טעות, אָדער אַדאַנק אַ צו־פאַל בין איך דעמאָלט נאָך אַרויס אַ לעבעדיקער.

— ווי אַזוי דאָס? — האָב איך געפרעגט נאָר אים צו געבן חשק אַז ער זאָל ווייטער דערציילן.

— נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין איין און צוואַנציקער יאָר, האָב איך געהאַט אַן עסק, אָדער אַ בילבול, איך ווייס נישט ווי אַזוי צו זאָגן, הגם היינט איז דאָך עס שוין אַלץ איינס... אַלץ איז דאָך שוין פאַר־ביי, סע זענען דאָך שוין נישט איבערגעבליבן בלויז די זכרונות... אָבער אַ פאַקט איז אַז נישט נאָר איך, נאָר אויך אַנדערע יינגלעך, פון מיינע חברים האָבן זיך געלייגט מיט יענעם מיידל (עס איז איצט נישט וויכטיק אָנצורופן איר נאָמען!). יעדער האָט כמעט געוואוסט פון דעם. איך האָב געקאָנט האָבן אַ גאַנצן מנין עדות. אָבער דער גורל האָט געוואָלט אַז אויף מיר זאָל פאַלן דער חשד, און זי האָט געהאַלטן שטאָל און אייזן, אַז זי איז מעוברת דווקא פון מיר... וואָס האָב איך געקאָנט טאָן אין אַזאַ מצב? איך זאָל מיט איר חתונה האָבן?! קודם האָב איך זי נישט געוואָלט האָבן פאַר קיין ווייב. קיין איינער פון אונדז האָט זי נישט געוואָלט. יאָ, זי איז טאַקע גוט געווען אַזוי, אויף צו פאַרווײַלן זיך, אָבער חתונה האָבן מיט איר?! יאָ, דאָס איז ראשית. און צווייטנס, האָב איך דען געקאָנט חתונה האָבן? מיט וואָס וואָלט איך געווען אויסגעהאַלטן אַ ווייב מיט קינדער?

איך האָב נישט געהאט פאר מיר אויף קיין פאָר הויזן, וועל איך נאָך האָבן אויך אויף א ווייב אויסצוהאלטן?!... וואָס זאָל איך געוועז טון? האָב איך זיך אויך אָנגעשלאָסן אין א גרופּע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געגרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. איצט קאָן איך שוין זאָגן דעם ריינעם אמת: מיר איז דעמאָלט נישט אזוי אָנגעגאנגען צו בויען דאָס יידישע לאנד, ווי ניצול צו ווערן פון יענעם אומגליק, וואָס איז געווען פאר מיר, מיט יענעם מיידל, ווייל מיט יעדן טאָג איז דער בויך אירער געוואקסן, און דאָס אומגליק האָט מיך אָנגעהויבן צו דישען, אז איך האָב אין דער היים נישט געהאט קיין ביסל לופט צום עטעמען. פארשטייט זיך, אז אין אָט יענעם מצב איז דאָס אוועקפאָרן מיינס קיין ארץ ישראל געווען כמעט די איינציקע רעטונג... מיינע עלטערן און געשוויסטער האָבן מיך אויך אונטערגעטריבן. עס איז געווען קלאָר אז מיט מיין אוועקפאָרן וועט זיך אָפּשטילן דער גאנצער עסק און — די גאנצע משפחה אונדזערע וועט פטור ווערן פון אזא בזיון... שטעלט אייך פאָר, אין יענע צייטן, אין א קליין שטעטל, וואָס סע האָט באטייט אז א מיידל זאָל געבוירן א ממזר... אזוי אז אין א שיינעם טאָג, בסוד, אז די שכנים זאָלן נישט געוואויר ווערן, בין איך אוועקגעפאָרן צו דער האפנשטאָט, וואו מיר האָבן זיך פארלאָדן אויף א פראכט־שיף, וואָס האָט טראנספּאָרטירט געהילץ קיין ארץ ישראל.

— ווי אזוי האָט איר געקאָנט קויפן בילעטן? איר האָט דאָך נישט געהאט קיין פּאספּאָרטן?

— בילעטן? וואָס פאר א בילעטן האָט מען דען אויף א פראכט־שיף?! מיר האָבן אונטערגעקויפט דעם קאפּיטאן, און ער האָט אונדז שוין איינגעאָרדנט. איינעם האָט ער לפנים אנגאזשירט פאר א קיכער, אן אנדערן צו ריייניקן די דעק און — סתם אזוי פארלאָדן אונדז, ביים סאמע דנאָ פון דער שיף, אין קוילן־מאגאזין... איך בין דאָרט געזעסן צוויי וואָכן, וויפל סע האָט געהאלטן די רייזע אויפן ים, און בין ארויס א נעגער, נישט עפּעס אנדערש... חדשים גאנצע האָב איך זיך נישט געקאָנט אָפּוואשן דאָס פּנים. די קוילן, דער שטויב, איז מיר אריין אונטער דער הויט. אָבער איך בין שוין איצט געווען א פרייער פויגל. קיינער האָט מיך דאָ נישט געגייט אז איך זאָל חתונה האָבן מיט איינער, וואָס וואַרט צו געבוירן א ממזר... איך האָב געארבעט עבודת פרך. איך האָב געארבעט וואו סע האָט זיך נאָר געלאָזט. קיין סטאביל אָרט האָב איך נישט

נעהאט. נישט נאָר איך. כמעט קיינער האָט נישט געהאט קיין סטאַביל־ אָרט. עטלעכע וואָכן צי חדשים האָב איך געאַרבעט אין א פרדס, ביים צוזאַמענקלייבן די תפוזים, די מאַראַנצן. עטלעכע וואָכן צי חדשים ביים כביש, צו בויען א שאָסיי. וואו סע האָט זיך נאָר געלאָזט. עטלעכע יאָרן האָב איך געאַרבעט אויך אין א קיבוץ... סע זענען געווען שווערע צייטן. מע האָט שווער געהאָרעוועט, אָבער אז עס איז געקומען דער אָוונט און מע האָט זיך צעהוליעט, מע האָט געזונגען און געטאַנצט א האָרע, האָט מען פאַרגעסן אין אַלעמען. מע האָט פאַרגעסן אין דער שווערער האָרע־וואַניע, מע האָט פאַרגעסן אין די ברענענדיקע היצן. מ'ע האָט פאַרגעסן אין דער מאַלאַריע — מ'ע האָט געהוליעט... עס איז געווען דאָרט איינער, אין קיבוץ, וואָס האָט אזוי שיין געזונגען אויף א האַרמאָניקע, אז ממש די נשמה איז ארויס פאַר בענקעניש... איך האָב זיך נישט געלאָזט ביז איך האָב זיך אויך אויסגעלערנט כמעט אַלע זיינע לידער און אויך זיי צו שפּילן מיט דער האַרמאָניקע... איך מיין, נאָך איצט מיין איך אזוי, אז אזא הוליאַנקע, מיט שירים און ריקודים, מיט געזאַנג און טענץ, קאָן מען גיכער אָנצינדן דאָס הארץ ווי מיט אַלע בראָשורן און צייטונגען וואָס מ'ען האָט צעטיילט אויף צו מאַכן פּאַטערלענדישע אַגיטאַציע... א פּאַטריאָט בין איך געוואָרן ערשט דאָרט, ביים טרוקענען די זומפּן — אָבער בפרט ביי דער האָרע... איר קאָנט אייך נישט פאָרשטעלן וואָס פאַר א כוח סע האָט א ניגון, א טאַנץ!... די היצן, דעם הונגער וואָס איך האָב געליטן, די מאַלאַריע — אַלץ האָב איך פאַרגעסן, אָבער די האָרע ליגט מיר נאָך איצט אין טעם...

אויף צו מאַכן א שפּאַס און אים א ביסל אויפצולעבן, צו דערוועקן אים פון זיינע נאָסטאַלגישע זכרונות, האָב איך אים איבערגעריסן די רייד:

— מסתמא געדענקט איר נאָך היינט פון יענע שירים?

— וואָס הייסט צי איך געדענק?! — און שטערן האָט באַלד אָנגעהויבן צו פרעדאָנירן אין סורדינע א חלוציש ליד —

חלוץ, חלוץ, הנני...
חלוץ רועה רוח —
...את משפחתי כבר שכחתי,
לא ידעתי מאין באתי,
הכל כבר שכחתי...

**און באלד איז ער איבערגעגאנגען צו אן אנדערן שיר:**

על ניר לבן, צח כשלג
הולך מכתב מן הגולה,
כותבת אם בדמעת עין —
לבנה החלוץ, בירושלים:

אביך מת, אמך חולה.
בא הביתה בן חביב!
בא הביתה לאביב!

בא הביתה,
בא הביתה.
בא!

על ניר פשוט, אפור כאפר,
הולך מכתב אל הגולה.
כותב חלוץ בדמעת עין —
שנת תרפד, ירושלים.

כי אם עוד אהוב תאהוביני
בא הנה ותחבקיני...
לא אזוז מפה לעד,
לא אהיה עוד נע־ונד.

לא אזוז,
לא אזוז,
לא! *)

*) פריי איבערזעצט: אויף א שניי־ווייס פאפיר, גייט א בריוו פונעם גלות. מיט פארטרערטע אויגן סע שרייבט א מוטער צו איר זון קיין ירו־שלים: „דיין פאָטער איז געשטאָרבן, דיין מוטער איז קראנק, קום אהיים, ביזן פרילינג, קום אהיים מיין ליבער זון".

אויף אש־גרויאיק פאפיר, גייט צום גלות א בריוו פון ירושלים: „אויב דו האָסט מיך ליב און ווילסט מיך האלדזן, איז קום אהער. איך וועל זיך פון דאָ נישט רירן, איך וועל מער נע־ונד נישט זיין".

**דערנאָך איז ער אריבער צו א פריילעך ליבע־לידל:**

על שן סלע קטן, על חוף ים כנרת,
יושב לו בחור — שחרחר ומזמר:

עשר אהבתי תשע שכחתי,
רק את האחת לשכוח לא אוכל... *)

די נשמות, וואָס זענען פארביי נעבן אונדז, האָבן אויסגעדרייט די קעפּ. זיי האָבן געקוקט פארחידושט און נישט געקאָנט פארשטיין וואָס דאָס געזאנג באטייט.

— אזוי האָט עס אָנגעהאלטן — האָט שטערן ווייטער פאָרגעזעצט זיין לעבנס־גשיכטע — ביזן יאָר 1929, ווען די רוצחים זענען אונדז באַפאלן און אונדזעריקע אויסגעקוילעט מיט די מעסערס, ווער עס איז זיי אונטערגעקומען אונטער די הענט. דעמאָלט האָט געגומען אַן עק צו מיינע „האָרעס". קיין ארבעט האָב איך נישט געהאט. די סכנה איז געוואקסן — האָב איך זיך פּארלאָדן אויף דער זעלביקער שיף, מיט וועלכער איך בין צוריק מיט אכט יאָר געקומען קיין ארץ-ישראל, אָבער דאָס מאָל אויף צוריק...

דאָ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט זיין דערציילן. סע האָט אויסגעוויזן אז ער וועט ווייטער מער נישט דערציילן גאָרנישט. סע האָט אים אויסגעפּעלט אָטעם. ער האָט, ווייזט אויס, זיך קיין מאָל נישט מוחל געווען, וואָס ער האָט זיך געלאָזט מיטרייסן מיט יענער פּאניק און געמאכט אזא ריזיקן פעלער, וואָס ער האָט שוין קיין מאָל אין זיין לעבן נישט געקאָנט פארריכטן. כדי אים צו דערמוטיקן, האָב איך געפּרואווט אים אויסרעדן:

— איר זענט געווען דער איינציקער וואָס איז דעמאָלט צוריקגעקומען פון דאָרטן?

— נישט אין דעם גייט עס — האָט שטערן א טרויעריקער געזאָגט — צי סע זענען נאָך געווען אזעלכע חכמים ווי איך, וואָס האָבן אָפּגעטון דעמאָלט אָט דעם פעלער, אָדער בעסער געזאָגט — פארברעכן. יאָ, פארברעכן. אנדערש קאָן איך עס היינט נישט אָנרופן... ניין, איך בין נישט

---

*) פריי איבערזעצט: אויף א שפּיץ פון א קליינעם פעלדזן, ביים ברעג פון ים כנרת, זיצט א שווארצינקער בחור און זינגט: „צען האָב איך געליבט, ניין האָב איך פארגעסן — בלויז דיך איינע אליין, פארגעסן קאָן איך נישט."

געווען דער איינציקער, נו איז וואָס? איז עס דען מיט אָט דעם אנדערש, ווי עס איז געווען? א פאקט איז, אז סע זענען נאָך געבליבן דאָרט, און נישט אנטלאָפן, ווי איך, אויך אנדערע און — יאָ, זיי זינגען אוודאי נאָך איצט די „האָרע״...

— איר זענט זיי מקנא? — האָב איך א פרעג געטון, אזוי, כמעט אָן מיין ווילן. די פראגע האָט זיך ביי מיר ארויסגעכאפט אָן מיין ווילן, זי איז ארויסגערופן געוואָרן דורך זיין שטימונג.

— איר וואָלט זיי נישט מקנא געווען?! — מיט אָט דער קעגנפראגע האָט ער געוואָלט אָפּקומען אָנשטאָט אָן ענטפער. אָבער נאָך א פויזע האָט ער יאָ געענטפערט — יאָ, איך בין זיי מקנא. נישט נאָר דערפאר וואָס זיי לעבן נאָך און איך בין דער דערהרגעטער... נאָר דערפאר בין איך זיי מקנא, וואָס זיי זינגען נאָך ווייטער די „האָרע״. און איך בין זיכער אז די „האָרע״ וועט מען נאָך זינגען אויף דורי־דורות...

— וואָס איז געוואָרן מיטן מיידל?

— מיט וועלכן מיידל? איך האָב דערמאנט וועגן א מיידל?! — האָט שטערן זיך ווי דערשראָקן, ווען ער האָט דערהערט מיין פראגע, אויף וועלכער ער האָט זיך נישט געריכט. סע ווייזט אָבער אויס, פון זיין חידושן זיך, אז איך האָב געוואָלט זיינע געדאנקען, אז ער האָט איצט גראָד געטראכט וועגן „זיין״ מיידל, וואָס האָט נישט געקאָנט זיין אָפּגעשיידט פון די האָרעס. ווען ער האָט זיך דערמאנט וועגן די חלוצישע הוליאנקעס און וועגן די האָרעס פלעגט ער אפילו נישט־ווילנדיק דערמאנען אויך וועגן שולמיתן, און ווען ער פלעגט זיך דערמאנען וועגן שולמיתן האָט ער זיך דערמאנט אין איר געזאנג, ווי אזוי זי פלעגט זינגען ביאליקס „לא ביום ולא בלילה״... אָבער וועגן דעם האָט ער מיר שפּעטער דערציילט, ווען ער האָט זיך א ביסל בארואיקט. איצט איז ער געבליבן געפּלעפט פון מיין פראגע. נאָר איך האָב דאָך גערעדט וועגן גאָר אַן אנדער מיידל:

— וועגן יענעם מיידל, וואָס איר האָט דערמאנט, אז זי איז געבליבן מעוברת?...

— אָ, יאָ, יענץ מיידל?!... — מע האָט געקאָנט מיינען אז שטערן הערט וועגן איר דאָס ערשטע מאָל, אזוי שווער האָט ער זיך דערמאנט — יאָ, יענץ מיידל איז געווען דאָס ערשטע מיידל, וואָס איך האָב געהאט מיט איר אינטימע באציאונגען (אויב איר ווילט וויסן, האָב איך אין גאנצן לעבן מיינעם געקאָנט נישט מער ווי דריי פרויען: זי, און יענע פונעם קיבוץ, שולמית האָט זי געהייסן. און דערנאָך נאָך איינע, אָבער אויך נאָר גע־

לעגנטלעך!), אָבער די איניציאַטיוו איז געקומען פון איר זייט, נישט פון מיר... דערמיט וויל איך זאָגן אַז נישט איך האָב זי איבערגערעדט, אָדער צוגעזאָגט מיט איר חתונה צו האָבן... איך בין געווען, הגם שוין נישט אַזוי קינדיש, אָבער אין די דאָזיקע הינזיכטן בין איך נאָך געווען גענוג נאַאיוו... איר וועט לאַכן, אויב איך וועל אייך דערציילן אַז זי האָט מיך פאַרנאַרט, אָדער אַריינגענאַרט צו זיי אויפן שטאָל־בוידעם, צווישן היי... זי האָט געטון אַלץ. איך בין געווען גאָר פּאַסיוו... וואָס האָב איך נאָך דעמאָלט געוואוסט? יאָ, נישט איך האָב זי, נאָר זי האָט מיך איבערגערעדט — און אַז זי איז מעוברת געוואָרן (דאָס איז זיכער געווען אמת. מע האָט עס שוין אָנגעזען פון דערווייטנס. אָבער אַז דאָס איז געשען פון אָט יענער כמעט קאָמישער סצענע, וואָס איז נישט געווען נישט א „יאָ" און נישט א „ניין" — אָט דאָס גלויב איך עד־היום נישט...) צווישן אונדז געשמועסט, אויב סע זאָל דווקא יאָ זיין פון מיר, פון יענעם אומשולדיקן, נאַאיוון ליבעשפּיל, אויך דעמאָלט טראָג איך נישט דאָס אחריות. און קיינער האָט נישט געהאַט דאָס רעכט צו צווינגען מיך, אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט א מיידל, וואָס איך האָב נישט ליב געהאַט, וואָס האָט סתם „ליב" געהאַט יינגלעך... זי איז געווען א בייזע צרה. א קליינטשיקס, א דיקס, מיט גרויסע ברוסטן פולע, מיט פליישיקע ליפּן, וואָס ווען זיי האָבן זיך געעפנט צו א לאַך, האָבן זיי אַרויסגעשטעלט א צוויי שורות ווייסע ציין, וואָס האָבן „געביסן" פון דערווייטנס פון דעם מענערישן לייב. איך באַשולדיק זי אויך נישט. זי איז אויך נישט שולדיק געווען. אַזוי איז געווען איר נאַטור. אַזא טעמפּעראַמענט האָט זי געהאַט פון איר געבורט, מסתמא. וואָס איז זי שולדיק געווען? זי האָט געהאַט הייס בלוט...

— איך מיין — האָב איך אים געוואָלט איבעררייסן פון זיינע עראָטישע זכרונות, וואָס ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן אים נישט דערמאנט קיין אומאָנגענעמלעכקייטן. אדרבה, ער האָט גערעדט נאָך איצט וועגן איר מיט בענקעניש און סע האָט זיך נישט אַרויסגעפילט פון זיינע רייד, אַז ער זאָל טראָגן עפּעס א ריגזה אויף יענעם באַשעפעניש, וואָס האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן יענעם בילבול, אַז ער זאָל געווען זיין דער פאָטער פונעם קינד, וואָס זי גרייט זיך געבוירן — איך מיין, וואָס איז געוואָרן פון איר, פונעם קינד?

— יאָ, מיטן קינד?... נאָך דעם ווי איך בין אַוועקגעפאָרן, איז עס געשען. מע האָט עס מיר שפּעטער געשריבן. דערמיט האָט מען געפּרואווט מיר איינרעדן, אַז אויב ס'איז מיר שווער דאָרט, אין קיבוץ, זאָל איך אַהיים

קומען... יאָ, זי איז אוועק פון יענעם שטעטל. די גאַנצע משפחה אירע האָט זיך איבערגעצויגן פון דאָרט. מסתמא פאַר בושה, וואָס זייער טאָכטער (אוי איז דאָס געווען א טעכטערל!) וועט געבוירן א ממזר... אָבער דאָס קינד האָט נישט געלעבט... איך ווייס נישט ווי אזוי דאָס איז געשען, נאָר מע האָט געזאָגט, מע האָט גערעדט, אז דאָס איז געשען מיט דער הילף פון דער הייבאַם... זי, דאָס מיידל, האָט שפּעטער חתונה געהאַט און האָט געהאַט עטלעכע געראָטענע קינדער. אויך מיטן מאַן האָט זי געלעבט צופרידן... סע מאַכט זיך דאָך נישט זעלטן, אז דווקא אַזעלכע מיידלעך וואָס פאַר דער חתונה קערן זיי איבער וועלטן, און נאָך דער חתונה ווערן זיי צניעות, גע־טרייע ווייבער פאַר זייערע מענער... די מענער, מיינסטנס, ווייסן פון גאָר־נישט וועגן זייער אויפפירונג פאַר דער חתונה און לעבן גליקלעכע... איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אז דער מענטש ווייסט דאָך גאָרנישט וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז נישט גוט... ווען איך זאָל געווען וויסן, ווען איך זאָל געווען נישט לעבן אין אזא סביבה מיט פאַראורטיילן, וואו משפחה־יחוס האָט געהאַט אזא איבערגעטריבענע וויכטיקייט, וואָלט שוין אפשר געווען בעסער, ווען איך נעם זי גלייך... וועט איר, אין א געוויסער מאָס וואָלטן מיר זיך געווען געפּאַרט. איך, א ביסל א צוריקגעהאַלטענער, און זי א היציקע, אפשר וואָלטן מיר זיך געווען קאָמפּלעקטירט?... אָט זעט איר דאָך: זי האָט חתונה געהאַט, געלעבט בשלום ובשלוה מיט א מאַן, גע־האַט קינדער — און איך האָב קיין מאָל נישט חתונה געהאַט...

— ווי אזוי האָט מען אייך געהרגעט?

— זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, דאָס איז געווען א מין עפּילאָג צו מיין נישט־אויסגעלעבטן לעבן...

(דעם שמועס האָט אונדז איבערגעריסן א נשמהלע, אַן איבער־געשראָקנס, וואָס איז אַרומגעלאָפן הין און הער און זיך נישט געפונען קיין רו!).

..איר זעט אָט דעם מת — זאָגט צו מיר בערל שטערן, ווייזנדיק מיטן פינגער אויף דעם אומרואיקן נשמהלע, וואָס אָט־אָט קומט עס אָן אויך צו אונדז — דער איז א „גרינער״. ער איז מסתמא נאָר וואָס אָנגעקומען אהער, אויפן עולם־האמת, און ער ווייסט נאָך נישט אז ער איז שוין גע־שטאָרבן. פשוט, עס גלויבט זיך אים נישט. ער האָט זיך נאָך נישט אויס־געניכטערט פונעם שאָק, וואָס ער האָט געליטן פונעם איבערגאַנג.

— אין וואָס דערקענט איר עס — פרעג איך איבער שטערנען, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אזוי פיל באַהאַוונטקייט.

— דאָס איז א פסיכאָלאָגישע דערשיינונג — זאָגט שטערן פילאָסאָפירנדיק — אזא נשמה דערקאָנט מען באלד, ווייל זי איילט זיך... וואָס איילט זי זיך? זי ווייסט דען דאָ עפּעס פאַרשפּעטיקן? דאָ דארף מען זיך נישט איילן. דערפאר דערקאָנט מען תיכף אז זי איז א נאָר וואָס אָנגעקומענע, אהער, אויף דער וועלט, אויף וועלכער מע דארף זיך גאָרנישט איילן. גאָרנישט קאָן מען דאָ נישט פאַרשפּעטיקן... אדרבה, דאָ ווייסן עס שוין אלע נשמות, דאָס וואָס אויף יענער וועלט האָבן עס געוואוסט בלויז עטלעכע חכמים, אז אויך דאָרט, אויף יענער ערדישער וועלט, אויך דאָרט האָט מען זיך נישט געדאַרפט איילן. דאָ ווייסט עס שוין כמעט איעדער, אז וואָס מער מען איילט זיך, אלץ מער איז מען אויסגעשטעלט אויף דער סכנה צו — פאַרשפּעטיקן...

— וואָס הייסט פאַרשפּעטיקן? — פרעג איך פאַרוואונדערט — עס איז דאָך גאָרנישט לאָגיש וואָס איר זאָגט מיר?!

— א מענטש האָט דאָרט, אויף יענער וועלט, געקאָנט פאַרשפּעטיקן אין צוויי פאלן: ווען ער האָט זיך גאָרנישט געאיילט און ווען ער האָט זיך צו פיל געאיילט...

אין דער ערשטער מינוט, ווען שטערן האָט עס מיר אָנגעהויבן געבן צו פאַרשטיין אָט די מאָדנע מיינונג, האָב איך געמיינט אז דאָס איז דער גרעסטער אבסורד וואָס איך האָב א מאָל געהערט, אָבער אז איך האָב א ביסל נאָכגעטראכט, האָב איך געמוזט אָנערקענען אז דער גאנצער ענין איז בכלל נישט אזוי אומגלויבלעך. אדרבה, איך האָב אָנגעהויבן זיך דערמאנען, פון מיין אייגענער דערפארונג, אז טאקע אזוי איז עס געשען אויך מיט מיר. מיינסטנס האָב איך „פאַרשפּעטיקט" ווען איך האָב זיך צו פיל געאיילט (פון נישט איילן זיך, האָב איך קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקט!)...

די נשמה האָט זיך דערנענטערט אויך צו אונדז און אין איילעניש געפרעגט:

— איך וויל געבן א טעלעפאָן. וואו געפינט מען א טעלעפאָן? — האָט ער זיך געוואָנדן צו אונדז מיט א פראגע, נישט אָפּשטעמענדיק פון איילעניש — איך וויל אָנקלינגען...

איך האָב געשוויגן. וואָס האָב איך, וואָס בין דאָ נאָך אליין א „גרינער", צו לערנען אנדערע?! אויב עמעצער דארף אים אויפקלערן, איז אויף קיין אופן בין נישט איך דער פּאַסיקסטער. האָב איך געלאָזט מיין

מיטשמועסער, בערל שטערן, אז ער זאָל עס טון. אָבער אויך ער, שטערן, האָט זיך נישט געאײַלט מיטן ענטפער. דאָס נשמהלע, אין זײַן אײַלעניש, אז ער האָט נישט באַקומען תיכף קיין ענטפער, האָט ער געוואָלט אונדז איבערלאָזן אזוי, מיט זײַן פראַגע הענגען אין דער לופטן, און ווײַטער לויפן, מסתמא פרעגן אַן אנדערן. אָבער סוף כל סוף האָט זיך שטערן באַ־רעכנט אַז עמעצער דאַרף דאָך אים אויפקלערן, האָט ער עס געפּרואווט טון:

# טעלעפאָנירן אויף יענער וועלט...

— וועמען ווילט איר טעלעפאָנירן? — פרעגט אים שטערן רואיק, אין קאָנטראסט צו דעם נשמהלעס איילעניש — וואָס ווילט איר עס אזוי וויכטיק מודיע זיין?

— איך וויל טעלעפאָנירן צו מיין ווייב — האָט דאָס נשמהלע געענטפערט אין איילעניש — איך האָב איר עפּעס וויכטיקס מודיע צו זיין... וואָס, איז דאָך פאר אייך נישט וויכטיק צו וויסן. דאָס איז א פּערזענלעכער ענין... איך קען אייך נישט, איר קענט מיך נישט, איז וואָס קאָן אייך אינטערעסירן וואָס איך וויל רעדן מיט מיין ווייב?

— זייט מיר מוחל — זאָגט שטערן מיט פאלשער דיסקרעציע, אָבער מע האָט געזען אז ער שפּילט טעאַטער מיט דער איילנדיקער נשמה — איר האָט דאָס רעכט צו האלטן אייערע סודות. נישט צוליב דעם האָב איך עס אייך געפרעגט, איך האָב בלויז געוואָלט וויסן אין וועלכער מאָס איך וואָלט אייך געקאָנט ארויסהעלפן.

— איר קאָנט מיר ארויסהעלפן, אויב איר וועט מיר זאָגן ווי אזוי איך קאָן טעלעפאָנירן צו מיין פרוי... איך האָב איר עפּעס מודיע צו זיין...

— איז אויב איר איילט אייך צו באקומען אן ענטפער, אין דער גיך, איז וועט איר מוחל זיין פרעגן אן אנדערן. איך קאָן מיט אייך רעדן, בלויז מיט דעם איין און איינציקן באדינג, ווען איר וועט אייך נישט איילן...

— וואָס הייסט איך זאָל זיך נישט איילן, ווען איך בין איילִיק... דער ענין איז דאָך איילִיק!

— איז האָב איך דאָך אייך געזאָגט — חזרט איבער שטערן מיט א דעמאָנסטראטיוו פאמעלעכן טאָן — ווען איר וועט אייך נישט איילן, קאָנט איר אייך אומקערן צוריק צו אונדז... אפשר וועל איך אייך קאָנען מיט עפּעס ניצלעך זיין, מיט אן עצה...

— מיט עצות בין איך אויסגעזאָרגט — שרייט אויס דאָס נשמהלה און לויפט ווייטער, כדי צו באקומען א תיכּפדיקן ענטפער.

— איר קאָנט רואיק זיין — זאָגט מיר בערל שטערן מיט א שמייכל — ער וועט באלד צוריק קומען. קיינער וועט אים נישט געבן קיין באפרידיקנדיקן ענטפער אויף זיין איילִיקער פראגע. ווייל, וואָלט געווען אזא מעג־

לעכקייט, וואָלט איך דאָך אויך טעלעפאָנירט, צי אויף אַן אַנדערן אופן גע־
זוכט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט יענער, ערדישער וועלט... וואָס מיינט איר,
חבר זעליקאָוויטש, אַז איך, ווען איך האָב זיך דאָ דערזען, אין די סאַמע
ערשטע טעג, האָב איך נישט געפילט פונקט אַזאַ נויטווענדיקייט, ווי אָט דאָס
איילנדיקע נשמהלע, געוואָויר צו ווערן ווער ס׳האָט מיך געהרגעט?!...
וואָלט מען געקאָנט זיך פאַרשטענדיקן מיט „יענער וועלט״, וואָלטן פיל
שווערע הערצער איבערגעטראָגן לייכטער זייער ווייטיק אָדער טרויער, סיי
דאָרט, אויף דער לעבעדיקער וועלט, סיי דאָ, אויף דער נשמהדיקער
וועלט... איר וואָלט דען נישט געוואָלט זיך פאַרשטענדיקן מיט אייערע
באַקאַנטע? — פרעגט מיך שטערן.

— וואָס הייסט צי איך וואָלט געוואָלט?! איך האָב צו פרעגן נישט
נאָר איין פראַגע. אין מיין הארץ האָב איך די ערשטע פראַגע: פאַר וואָס
זי, מיין פרוי, האָט מיך באַערדיקט אויף אַ צווינטער? אין די ערשטע טעג
האָט מיך אָט די פראַגע אַזוי געמאַטערט, אַז איך האָב טאַקע געמיינט,
אונטער אָט דעם שטאַרקן אימפּולס פונעם „ווילן וויסן״, אַז אויך איך קאָן
זיך אויף אַן אופן פאַרשטענדיקן, און זיך נאָכפרעגן, טאַקע ביי מיין פרוי
גופא... אָבער איך האָב נישט אויפגערודערט קיינעם, ווייל איך האָב עס אַליין
פאַרשטאַנען, אַז ווי שטאַרק מיין ווילן זאָל נישט זיין, זיך צו פאַרשטענדיקן
מיט דער געוועזענער וועלט, איז עס דאָך אַן אַבסורד... איך וועל אייך
זאָגן דעם אמת — זאָג איך צו שטערנען אַ ביסל שעמעוודיק — אָבער איר
זאָלט נישט לאַכן פון מיר: איך האָב געהאַט דאָס זעלביקע געפיל, ווען איך
בין געווען נאָך אַ קינד, און מיין מוטער איז געשטאָרבן, האָב איך עס מיר
נישט געוואָלט גלייבן, אַז מיר האָבן זיך אַזוי צעשייד, אַן זיך אַדורכצו־
שמועסן, אויף אייביק... איך בין געווען אויף איר לוויה, איך האָב געזען
ווען מע האָט זי געבראַכט צו קבר ישראל. ווען מע האָט פאַרשיט דעם
קבר מיט די ערשטע לאָפּעטעס ערד, האָב איך געזאָגט אַ קדיש — און
דאָך האָב איך געמיינט, אַז מאָרגן, העכסטנס איבערמאָרגן וועט זי קומען
צוריק, כאָטש אין חלום און מיט מיר זיך אַדורכרעדן, מיר ענטפערן אויף
עטלעכע פון מיינע פיל פראַגן, וואָס איך האָב געמיינט, אַז אָן זייער ענט־
פער וועל איך נישט קאָנען לעבן...

— איך לאַך נישט פון אייך — זאָגט שטערן גאַנץ ערנסט — וואָס
איז דאָ צו לאַכן? נאָר דער וואָס האָט עס נישט איבערגעלעבט אָט דאָס
מאָדנע געפיל, נאָר אַזעלכער וואָלט געקאָנט לאַכן. איך וועל זיך אפילו
נישט וואונדערן, אויף דעם וואָס איר דערציילט, ווייל איך האָב דאָך עס

אויך איבערגעלעבט... נאָך מער, איך וועל אייך זאָגן, אז איך האָב באַ־
געגנט איינעם, וואָס האָט מיר דערציילט, אז ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן
אין אן אומגליקס־פאַרפאַל, האָט ער געהאַט דאָס זעלביקע געפיל, וואָס איר
האָט געהאַט, ווען אייער מוטער איז געשטאָרבן. נאָך מער, ער האָט מיר
דערציילט, אז ווען דער טעלעפאָן פלעגט קלינגען, אין די ערשטע טעג
נאָך דער לוויה פון זיין פרוי, פלעגט אים אריבער איבער דעם רוקנביין א
שוידער: סע האָט זיך אים אויסגעדאַכט אז דאָס קלינגט זי אים אָן, זי
רופט אים אויף, ווייל זי וויל אים עפּעס זאָגן, וואָס זי האָט אים נישט קיין
צייט געהאַט צו דערזאָגן, איידער זי איז פּלוצעמדיק געשטאָרבן... ניין,
פון אזא פאַל דאַרף מען גאָרנישט לאַכן... דער באַקאַנטער מיינער, וואָס
האָט מיר דערציילט פון זיין פאַל, האָט מיר געזאָגט אז ער איז געווען ביי
א דאָקטער, אפשר וועט ער אים אויפקלערן, מיט וואָס עס דערקלערט זיך
זיין געפיל, אז ווען דער טעלעפאָן קלינגט, האָט ער דעם איינדרוק אז דאָס
רופט זי אים אָן...

— נו, טאַקע — פרעג איך א נייגעריקער — וואָס האָט דער פּסיכי־
טאַר אים געזאָגט?

— וואָס זאָל ער אים געוועזן זאָגן?! — חזרט איבער שטערן מיין
פראַגע — וואָס וואָלט איר געוואָלט אז דער דאָקטער זאָל אים געוועזן זאָגן?
ער האָט אים אויסגערעדט, לויט דער פּרווידיאַנישער טעאָריע, אז דאָס גע־
פיל האָט ער צוליב דעם, וואָס ער טראַכט צו פיל פון איר, אז אין זיין
אונטערבאַוואוסטזיין איז זי נאָך א לעבעדיקע, זי עקזיסטירט נאָך... הגם
אין דער אמתן איז זי שוין אויפן עולם-האמת...

...איך מיין — זאָגט שטערן שוין זיין אייגענע מיינונג, נישט
פּרוידס — אז אזוי געשעט עס מייסטנס אין אזעלכע פאַלן, ווען דער
נאָענטער, אין דעם פאַל, איז עס געווען א מוטער ווי ביי אייך, צי א פרוי,
ווי אזוי עס איז געווען דער פאַל ביי מיין באַקאַנטן, ווען דער נאָענטער איז
אוועקגעפאַלן פּלוצעם, אין אן אקסידענט, א מאָרד צי אין א זעלבמאָרד...

— פאַר וואָס מיינט איר עס אזוי? — פרעג איך איבער שטערנען.

...אין אזא פאַל — זעצט פאָר שטערן — איז דער טויט געקומען
אומגעריכט. מען האָט זיך נישט צייט געהאַט נאָכצופרעגן אויף עטלעכע
זאַכן, וואָס וואָלטן געקאָנט אינטערעסירן די לעבעדיקע, וואָס זענען גע־
בליבן פּאַראַלמנט צי פּאַריתומט... אין מערסטע פאַלן זענען דאָך דאָ אויפ־
צוקלערן עטלעכע פראַגן, טאַקע אין שייכות מיטן פּלוצעמדיקן טויט גופא,
וואָס איז אָנגעקומען אומגעריכט...

— נו, וועל איך פרעגן ווי א נאר — פרעג איך שוין מיט א צוריק־געהאלטענ'עם שמייכל — איז טאקע נישטאָ קיין אויסוועג ווי אזוי זיך צו פארשטענדיקן מיט „יענער וועלט"?

— ווי אזוי איר ווילט — זאָגט צו מיר שטערן לאַכנדיק — אויב איר ווילט גלייבן, אז עס איז פאראן אזא מעגלעכקייט, איז קאָנט איר מיינען אז עס איז טאקע יאָ פאראן (דאָס איז דאָך אויך ווי אויף יענער וועלט: גלייבן קאָן מען אין וואָס מע וויל, צי עס איז דאָ א גרונד דערצו, צו אזא גלייבן, אָט דאָס איז נישט צו דיסקוטירן. גלייביקייט קאָן מען איבערהויפט נישט דיסקוטירן. קיין וויכוחים העלפן דאָך דאָ נישט. אויב עמעצער וויל, קאָן ער גלייבן!). פאקטיש איז עס נישט מעגלעך...

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב פון אייער ענטפער גאָרנישט דערפארן — זאָג איך שטערנ'ען — איר האָט נישט געענטפערט צו דער זאך. איר האָט אויסגעמיטן צו געבן א קלאָרן ענטפער?

— איך האָב נישט אויסגעמיטן. אויף וויפל איך ווייס, וויפל איך האָב דערפארן, אזוי פיל האָב איך אייך געזאָגט... איך וועל אייך מודה זיין דעם אמת: מיט מיר קאָנט איר אזא זאך נישט דיסקוטירן... איר וועט מסתמא שפעטער געוואויר ווערן, אז מיך גופא האָט מען אויך געשיקט נישט איין מאָל צו א פסיכיאטער...

איך האָב געקוקט מיט חשד אויף מיין מיטשמועסער: איז ער אויפ־ריכטיק מיט מיר (ער ווייזט טאקע אויס צו זיין א ביסל געריררט!), צי שפאסט ער מיט מיר אויף זיין אייגענעם חשבון?...

אין צווישן איז צוריק ג'עקומען דאָס נשמהל'ע, אָבער דאכט זיך אז ער איילט זיך שוין ווייניקער ווי פריער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אונדז:

— איר האָט מיר פריער געזאָגט, אז ווען איך וועל זיך שוין נישט איילן, זאָל איך קומען צו אייך נאָך אן עצה — זאָגט ער שוין א ביסל פאמעלעכער און כמעט רואיקער. ווייזט אויס אז ער האָט שוין גאָר אין גאנצן פארגעסן, אז צוריק מיט עטלעכע מינוט, האָט ער געזאָגט אז „מיט עצות בין איך שוין אויסגעזאָרגט"... — נו, איז בין איך געקומען הערן אייער עצה.

— מיטן אָנקלינגען טעלעפאָניש זענט איר שוין אין קלאָרן — פרעגט אים שטערן גאנץ ערנסט, אָן א שאָטן פון איראָניע — ווי אזוי רופט מען אייך?

— יעקב שאַר, שאַר הייס איך — חזרט ער איבער צווי מאָל זיין פאַמיליע־נאָמען — מיטן טעלעפאָן בין איך שוין קלאָר, אַז דאָס איז אַ תּפילת־שווא, הגם עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס מע קאָן דאָס נישט טון...

— איז אַז איר ווייסט שוין — זאָגט שטערן מיט אַ גמרא־ניגון — אַז מע קאָן זיך דאָ נישט פאַרשטענדיקן מיט יענער וועלט, איז צו וואָס זענט איר געקומען צו מיר נאָך מיין עצה, וואָס קאָן אייך מסתמא גאָר נישט העלפן?

דער חבר שאַר, וואָס איז בלויז מיט עטלעכע מינוט פריער געווען אַזוי נערוועז און זיך געאײַלט, גלייך ער וואָלט עפּעס וויכטיקס פאַרשפּעטיקט, איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַזוי רואיק, מיושבדיק, אַז ער האָט גיכער קאָנט ענטפערן אויף אַזאַ גמראדיקער שאלה מיטן זעלביקן טאָן:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ דאָקטער. פאַרשטייט זיך, אַז אַ ייד. די בעסטע דאָקטוירים זענען געווען ביי אונדז יידן... אָט דער דאָקטער, בערקו האָט ער געהייסן, איז געווען דער בעסטער דאָקטער פונעם שטעטל... אויב עס איז געקומען צו אים אַן אַלטיטשקע און האָט אים געפרעגט: „הער דאָקטער, איך האָב געגעבן מיין מאַן פון די מעדיצינען וואָס איר האָט אים פאַרשריבן, וויל איך אייך פרעגן, צי מעג איך אים אָפּוואַרפן ברעקלעך צי אַפּלעשן קוילן?“ פלעגט דער דאָקטער ענטפערן פאַר אַזאַ אַלטיטשקער: „סע שאַדט נישט, איר מעגט אים אָפּלעשן קוילן... אָבער סיי־ווי־סיי העלפט עס נישט...“ אַזוי האָט געזאָגט דאָקטער בערקו, איך טראַכט מיר אויך אַזוי: „וואָס קאָן עס שאַטן, אַז איך וועל אויסהערן אויך אייער עצה?!“...

— זעט איר — זאָגט אים שטערן שוין אַ פריילעכער — איצט רעדט איר שוין צו דער זאַך... ווען מיר האָבן זיך פריער באַגעגנט, האָט איר געמאַכט דעם איינדרוק אַז איר זענט אַ ביסל (זייט מיר מוחל וואָס איך זאָג עס אייך אַזוי אָפן!) צעחושט...

(איך בין געבליבן אַ ביסל פאַרוואונדערט: ווער זאָגט עס? בערל שטערן? וועלכער האָט אַליין מיר דערציילט, אַז נישט איינער האָט אים געשיקט צו אַ פּסיכיאַטער, איז איצט וויל ער זיין אַ מבין אויף אַן אַנדערן, אַז יענער איז אַ ביסל צעדרייט?!).

...איצט הייבט איר שוין אָן צו רעדן צו דער זאַך — זעצט פאָר שטערן — אַזוי איז שוין אַן אַנדערע מעשה, איז קאָן מען דאָך זיך מיט אייך אַדורכשמועסן?!... זאָגט זשע זייט מוחל. איצט האָט איר דאָך שוין קיין סודות נישט, ווייל דער סוד אייערער איז דאָך שוין פאַרבליבן דאָ,

אויף דער דאָזיקער וועלט... איז וואָס האָט איר עס אזוי אייליק צו פאר־שטענדיקן אייער פרוי?!

— איך וועל אייך זאָגן — האָט שאָר געזאָגט א ביסל קווענקלענ־דיק זיך — איך האָב געוואָלט עפּעס מודיע זיין מיין פרוי... איר ווייסט, ווי אזוי די ווייבער זענען? מע קאָן צו זיי נישט האָבן קיין צוטרוי... האָט זי קיין מאָל נישט געוואוסט וויפל געלט איך האָב יאָ אָדער נישט. צו וואָס דארף זי דאָס וויסן?

— פאר וואָס זאָל זי דאָס נישט וויסן? — האָב איך זיך אריינגעמישט אין שמועס — פאר וואָס האָט איר געהאַט סודות פאר איר?!

— יאָ, איך האָב געהאַט! — האָט שאָר געזאָגט אנטשלאָסן, און תיכף זיך געוואָנדן צו מיר מיט א פראגע — אייער פרוי האָט געוואוסט פון אלע אייערע סודות?

— אלע סודות איז דאָך נישט שייך צו זאָגן — זאָג איך אים מיין מיינונג — מע קאָן דאָך נישט האָבן קיין פרעטענציעס, אז דער מאן זאָל אלץ האָבן אויסגעזאָגט זיין פרוי?! סע זענען דאָך פאראן אזעלכע מענע־רישע קאָמפּליקאציעס, צי ליבע־אקסידענטן, וואָס א קלוגע פרוי וויל אפילו נישט וויסן פון זיי, ווייל זיי קאָנען איר נישט ניצן צו גאָרנישט. אדרבה, וואָס בעסער מע קאָן זיי אויסבאהאלטן, זענען זיי דאָך גליקלעכער... (איז דען נישט בעסער ווען דער דאָקטער זאָגט נישט דעם חולה אז ער האָט א קרעפּס?!). אָבער וואָס שייך אנדערע זאכן, האָב איך קיין סודות נישט גע־האָט פאר מיין פרוי... זי האָט תמיד געוואוסט וויפל געלט מיר האָבן (איך האָב בכיוון אונטערגעשטראָכן: „מיר האָבן“!).

— איך האָב יאָ געהאַט! — האָט שאָר קורץ געענטפערט — איך האָב תמיד געהאַט דעם כלל: די פרוי דארף מיך נישט האָבן אין די הענט, אז זי זאָל מיך קאָנען וויקלען אויף די פינגער לויט איר באגער... מיין פרוי האָט קיין מאָל נישט געוואוסט וויפל געלט איך האָב...

— און ווען זי ווייסט געווען יאָ, וויפל געלט איר האָט געהאַט — פרעג איך — וואָלט זי געווען אויסגעגעבן מערער?

— נישט אין דעם גייט עס — זאָגט שאָר מיט א שמייכל — איך בין שוין פונעם אָנהייב פון אונדזער צוזאמענלעבן נישט געווען זיכער מיט איר. איך האָב קיין מאָל נישט געוואוסט אויף זיכער אז מיר וועלן זיך נישט אמאָל גטן... אזא געפיל, אָדער פאָרגעפיל, האָב איך געהאַט...

— זעט איר דאָך — האָט אים שטערן אונטערגעבראָכן די רייד — איר האָט אייך נישט געגט... איר האָט זי איבערגעלאָזט אן אלמנה...

— איך האָב זי איבערגעלאָזט?! זי האָט מיך איבערגעלאָזט נאָך צו־ריק מיט עטלעכע יאָרן... זי איז אַנטלאָפן דעמאָלט מיט א שאָפער, און מיך איבערגעלאָזט אליין...

— ווי אַזוי זשע איז זי צוריק געקומען?

— קודם האָב איך זי גוט צעממיתט, ווען איך בין געוואויר גע־וואָרן אַז זי לעבט מיט א שאָפער, א שיכור... ער איז געזעסן עטלעכע יאָר אין תפיסה פאַר גניבה (ווען ער זיצט געווען נישט אין תפיסה וואָלט דען מיר בעסער געווען, וואָלט מיר אָנגעשטאַנען? נאָר סע רעדט זיך נאָר אַזוי... ווייל אויב א ווייב בייט דיך שוין אויס אויף אַן אַנדערן מאַן, איז זאָל עס כאָטש זיין מיט א לייט!)... דערנאָך, ווען עס איז פאַרביי א יאָר צייט, און זי האָט זיך אָנגעזעטיקט פון אים, ווייל ער האָט זיך אָנגע־זעטיקט פון איר, דעמאָלט איז זי צוריקגעקומען צו מיר... מיר האָבן זיך איבערגעבעטן.

— און איר האָט זי ווידער אַריינגענומען אין אייער הויז? — וואונדערט זיך שטערן — איר האָט איר מוחל געווען?

— וואָס האָב איך געקאָנט טון? — האָט זיך שאָר ווי פאַריענטפערט

— ווען איך וואָלט מיך געווען מיט איר נישט איבערגעבעטן, וואָלט איך דאָך געדאַרפט אָנהייבן פון דאָס ניי און חתונה האָבן מיט אַן אַנדערער... ווער וואָלט מיר דעמאָלט געקאָנט גאַראַנטירן אַז די אַנדערע וועט נישט זיין נאָך ערגער פון איר?!

— אויב איר ווילט, זענט איר אויך גערעכט — זאָג איך צו שאָרן

— די־אָ פילאָסאָפיע, ווען חתונה האָבן, האָב איך שוין געקאָנט פון לאַנג פון ווען איך האָב נאָך געלערנט גמרא...

...ווי קומט דאָס צו דער גמרא? — פרעגט שאָר נייגעריק.

— אין דער גמרא ווערט דערציילט — האָב איך פאַרגעזעצט גלייך איך וואָלט נישט געהערט שאָרס פראַגע — אַז סע זענען פאַראַן דריי קאַטעגאָריעס מענטשן: איינער טרעפט א פליג אין זיין טעלער, מיאוסט ער זיך און עסט נישט מער. ער וואַרפט אַוועק די פליג צוזאַמען מיט דעם גאַנצן עסן פונעם טעלער... דער צווייטער, ווען ער טרעפט א פליג אין זיין טעלער מיאוסט ער זיך נישט אַזוי שטאַרק, ער וואַרפט אַוועק די פליג און עסט זיך ווייטער דאָס מאכל, גלייך סע וואָלט בכלל קיין פליג נישט אַריינגעפאַלן אין זיין טעלער... דער דריטער, איז נאָך מער פאַרגיניק, ער לאָזט די פליג ווייטער אויף איר אָרט אין זיין טעלער, און עסט ווייטער זיין מאכל.

א ווײַל איז געוואָרן א קלײנע פּויזע. קײנער האָט נישט ארויסגע־רעדט קײן וואָרט. ווײַזט אויס אז שאָר האָט נאָכגעטראכט א ביסל, אין וועלכער קאטעגאָריע איך האָב אים געוואָלט ארײַנרעכענען. דערנאָך האָט ער שמײכלענדיק געזאָגט:

— איך האָב באַזײַטיקט די פליג — האָט שאָר זיך צעלאכט — און האָב ווײַטער געגעסן... ווײסט איר דאָך שוין פאר וואָס. ווײַל איך האָב געוואוסט אז אין סײַ וועלכן טעלער מיט עסן, ווען די פליגן דערשפּירן א זיסן ביסן, קומען זײ אָן און ראַיען ווי די בינען... איז ווי אזוי זשע קאָן מען פּטור ווערן פון די פליגן?!... קײן מאָל קאָן מען נישט פּטור ווערן פון די פליגן, ווען מע האָט א ווײַב, וואָס איז נישט צו מיאוס...

— אָבער ווי אזוי האָט איר אײַך געקאָנט לײגן מיט א פרוי, וואָס איר האָט געוואוסט, אז צוריק מיט עטליכע טעג צי אפילו מיט עטלעכע וואָכן, האָט זי זיך געלײגט מיט אַן אנדערן? — האָט זיך געחידושט בערל שטערן — איר האָט דאָך געוואוסט, זאָגט איר, פון דער עקזיסטענץ פון יענעם שאָפער?...

— איר האָט אײַך קײן מאָל נישט געלײגט מיט א זונה? — האָט אים איבערגעפּרעגט שאָר — איז אָנשטאָט איך זאָל גײן צו א זונה, וואָס איך ווײס גאָרנישט וועגן איר, איז דאָך שוין בילכער געווען פאר מיר צו האָבן אײנע, וואָס איז שוין א ביסל ווײניקער זונה... אײנע וואָס איך ווײס וועגן איר שוין א ביסל מער, ווי וועגן א פּשוטער זונה...

— דאָס איז אויך א לאָגיק — מיש איך זיך ארײַן אין די רײד — אויב מע וויל אזוי טראכטן, זענט איר אויך גערעכט... אָבער איך פארשטײ נישט פאר וואָס זאָלט איר זיך איצט אזוי אוועקלײגן און אָנווענדן איר צו פארשטענדיקן וואו איר האָט געהאלטן אײַער געלט, וועגן וועלכן זי האָט קײן אנונג נישט?!

— איך וועל אײַך זאָגן אויפריכטיק — זאָגט שאָר שוין א ביסל פארשעמט — אויב איך האָב איר מוחל געווען (איך האָב דאָך געמוזט איר מוחל זײַן. ווײַל איר וועט דאָך נישט וועלן זאָגן, אז ווען א פרוי לאָזט איבער איר מאַן, אָדער זי לאָזט אים נישט איבער, נאָר זי געפינט זיך א ליבהאָבער איז דאָס בלויז איר שולד... איך וועל עס אָנערקענען, כאָטש דאָ, אויפן עולם־האמת, אז א ביסל בין איך דאָך אויך שולדיק געווען אין דעם, וואָס זי האָט מיך איבערגעלאָזט און האָט זיך געפונען א ליבהאָבער. עס איז געווען א צײַט וואָס איך האָב זי טאַקע א ביסל פארנאַכלעסיקט, איז זי שוין געווען גערעכט, וואָס זי האָט זיך געפונען אן אנדערן!)... איז פאר

וואָס זאָל איך זיך איצט נוקם זיין אין איר און לאָזן אז דאָס געלט זאָל גיכער פארפאלן ווערן, וואו איך האָב עס באהאלטן און זי זאָל דערפון נישט הנאה האָבן?!

— איר זענט אן אינטערעסאנטער טיפּ — זאָגט שטערן צו אים — איר האָט א גוט הארץ... א שאָד, וואָס איר האָט געהאט אזא שלעכט ווייב.

— איך קאָן זיך נישט באקלאָגן — זאָגט שאָר — עס איז פאראן ערגערס... דערפאר טאקע, אויב איך וואָלט געהאט א מעגלעכקייט איר צו פארשטענדיקן וואו איך האָב געהאלטן דאָס געלט, וואָלט איך עס גערן געטון... איר האָט דאָך געזאָגט, אז איר האָט אן עצה?!

— די זאך באשטייט אזוי — זאָגט אים שטערן — פון דאָ קאָן מען שוין גאָרנישט מודיע זיין און נישט געוואויר ווערן. אויב עמעצער וועט אייך דערציילן (אויך ווען איך זאָל זיין יענער!), אז מע קאָן זיך זען אין חלום צי אויף וועלכן אופן סע זאָל נישט זיין, מיט א לעבעדיקן, זאָלט איר אים שיקן צו א פסיכיאטער... נאָר, אויב איר האָט געטראכט, מיט אלע אָנשטרענגונגען אין יענעם מאָמענט ווען איר האָט אויסגעהויכט אייער נשמה צו דעם ענין, אז איר זאָלט דאָס מודיע זיין אייער פרוי, דאן קאָנט איר זיין רואיק, אז זי איז עס געוואויר געוואָרן...

— ווי אזוי? — פרעגט שאָר נייגעריק — אויף וועלכן אופן?

— דאָס קאָן איך אייך שוין נישט דערקלערן — זאָגט שטערן — מיינע קענטעניש[ן] דערגרייכן נישט אזוי ווייט. מע זאָגט אז דאָס קאָן זיך דערקלערן דורך טעלעפּאטיע, גאָר פשוט אויף א פיזישן אופן, נישט מיט קיין אָבערגלויבעכץ, צי מיט ספּיריטיסטישע שווינדלערייען, נאָר פשוט אויפן פיזישן אופן, אָבער איך קאָן עס אייך נישט דערקלערן ווי און וואָס... נאָך מער, איך מיין אז די וויסנשאפט קאָן עס בכלל נאָך נישט דערקלערן, אָבער מיט דער צייט, וועט מען עס געוויס דערפאַרן... אנדערש, ווי אזוי דערקלערט זיך וואָס סע געשען דאָך זאכן, וואָס א לעבעדיקער חלומט און ווערט געוואויר זאכן, וואָס זיין א טויטער קרוב האָט יענעם סוד מיטגענומען מיט זיך אין קבר אריין?!...

שאָר האָט מיך אָנגעקוקט. „ער האָט ווי דערוואַרט אויך פון מיר אזא מיינונג, אז איך זאָל אים אויך באשטעטיקן די השערה פון שטערנען. אָבער איך האָב געשוויגן. וואָס האָב איך געהאט אים צו זאָגן? איך האָב נישט געקאָנט דאָס באשטעטיקן, וואָס שטערן האָט אים געזאָגט, אָבער דעם אמת געזאָגט, האָב איך אויך נישט געקאָנט אָפּלייקענען דאָס וואָס שטערן האָט באהויפּטעט... יאָ, איך מיין אויך, אז סע זענען פאראן זאכן, וואָס

ווייזן אויס צו זיין אומנאטירלעך און דאָך דארף מען נישט זוכן די דער־
קלערונג אין דער מעטאפיזיק, נאָר דווקא אין דער פיזיק... אָבער איך
האָב זיך נישט געוואָלט ארייננמישן אין א שמועס, אין וועלכן איך בין
נישט זיכער אז איך ווייס עפּעס דערפון.

— ווי אזוי וואָלט איך עס געקאָנט געוואויר ווערן? — פרעגט שאָר.

— וואָס ווילט איר געוואויר ווערן? — פרעגט אים איבער שטערן
— צי דאָס וואָס איך זאָג אייך איז טאקע ריכטיק?!

— ניין — זאָגט שאָר — דאָס האָב איך גאנץ גוט פארשטאנען,
אז פאָרלייפיק קאָן מען דאָס נאָך נישט דערקלערן און פארשטייט זיך דאָס
צו באווייזן, איז צו וואָס זאָל איך נאָכפרעגן אויף א זאך וואָס מע קאָן
נאָך נישט וויסן?! עפּעס אנדערש וואָלט איך געוואָלט געוואויר ווערן: צי
מיין פרוי האָט זיך טאקע דערוואוסט וואו איך האָב אויסבאהאלטן דאָס
געלט?...

— דאָס קאָנט איר נישט געוואויר ווערן פון דאָ — האָב איך זיך
שוין יאָ ארייננגעמישט איצט אין זייער שמועס — סיידן, ווען סע וועט
שטארבן אייער א נאָענטער, וואָס וועט עס וויסן און וועט עס אייך דאָ דער־
ציילן. קיין אנדערער אופן איז, דאכט זיך, נישטאָ — זאָג איך קוקנדיק
אויף שטערנען אז ער זאָל מסכים זיין מיט מיין מיינונג, ווייל ער איז
דאָך שוין פון לאנג דאָ און איז בעסער אינפאָרמירט פון מיר.

— יאָ — איז מסכים שטערן — אזוי איז עס. איר קאָנט עס גיי־
כער נישט געוואויר ווערן. נו, וואָס זשע איז זיך דאָ צו איילן? דאָ פאר־
שפעטיקט מען שוין גאָרנישט.

מיט דעם האָבן מיר פארענדיקט דעם שמועס אונדזערן מיט שאָרן.
אָבער איך בין געבליבן, אז שטערן זאָל מיר דערציילן ווייטער ווי אזוי
מען האָט אים דערמאָרדעט, אזוי אומגעריכט...

# אזוי איז אומגעקומען איינער וואָס האָט געוואָלט לעבן...

...דער עפילאָג פון מיין נישט־אויסגעלעבטן לעבן — האָט פאָרגעזעצט בערל שטערן צו דערציילן זיין עפאָפּעע — אָדער פון מיין אויסגעלעבטן לעבן... ווען אין פרילינג, ניינצן פיר און פערציקער יאָר, האָט מען אָנגעהויבן דעפאָרטירן די יידן פון מיין געגנט, האָב איך געהאט א פאָרגעפיל, אז דאָס איז נישט מער ווי אן אָפנארעריי... הגם איך האָב דאָך גאָרנישט געוואוסט אויף זיכער. קיינער האָט דאָך גאָרנישט געוואוסט דעמאָלט. מע האָט דאָך אלעמען ארומגעפירט מיט שקרים. מע האָט געזאָגט אז מע פירט צו אן ארבעט. אז מע פירט אין א יידישן לאנד, ערגעץ וואו אין פוילן, וואו סע זענען נאָך דאָ אויך אנדערע יידן פון אנדערע מקומות... אָבער מיר איז עס נישט אָנגעקומען צו גלייבן. פאר וואָס? אָט פאר וואָס... ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט פון ארץ־ישראל, בין איך געקומען אָן דעם מינדסטן פארמעגן, איך האָב געהאט אויף מיר א פאָר דינע הייזלעך, א בלוזקע מיט אן אָפענעם קאָלנער, אזוי ווי די חלוצים פלעגן דעמאָלט טראָגן (א קראַוואט איז דאָך געווען א בושה צו טראָגן!). יאָ, איך האָב געהאט אויך די הארמאָניקע אין דער קעשענע — און אין קאָפ, האָב איך געהאט, אחוץ די חלוצישע העברעאישע לידער, אויך נייע אידעען... פון סאָציאלן יושר. איך האָב זיך לייכט געקענט לאָזן ארויסרופן אין א פאָליטישן וויכוח, אין וועלכן איך פלעג אויפווייזן אז די אלטע וועלט איז פאראורטיילט צום אונטערגיין און אויף איר אָרט מוז קומען א נייע וועלט, א יושרדיקע... אָבער סע זאָל אייך נישט אויסזען מאָדנע, וואָס גלייכצייטיק האָב איך זיך געקאָנט גאנץ גוט איינפארשטיין אויך מיטן קעגנגעזעצטן געדאנק... ווי אזוי האָט זיך עס געקאָנט פאָרן אין מיין מוח, אזעלכע קאָנטראסטן? איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אז ביי מיר, און מסתמא זענען נאָך געווען אזעלכע נאאיווע ווי איך, וואָס האָבן גענומען פון ביידע צדדים דעם אייפער, די אומצופרידנקייט, וואָס האָט געשטויסן צו רעוואָלט, צי צו א מין זעלבפארטיידיקונג, זיך נישט צו לאָזן פירן צו דער שחיטה... אפשר קאָנט איר עס איצט נישט פארשטיין, נישט דאָס וואָס איך האָב געקאָנט פאראייינען ביידע אין איין אידעע, וואָס איז געווען אין מיין קאָפ. אָבער דאָס איז דאָך איצט נישט וויכטיק. וויכטיק איז דאָס, וואָס מיט אזעלכע אידעען אין מיין קאָפ האָב איך זיך נישט געלאָזט פירן ביי דער נאָז... ווען

מע האָט צונויפגעזאמלט די יידישע משפחות צום דעפּאָרטירן, האָב איך זיך אויסבאהאלטן אין וואלד... איך בין געבליבן צווישן די זעלטענע יידן, וואָס זענען נישט דעפּאָרטירט געוואָרן (דעמאָלט האָב איך פון זיי גאָרנישט געוואוסט. דאָ בין איך עס געוואויר געוואָרן אז אין דער גאנצער געגנט זענען נישט געווען מער ווי דריי!) פון דער גאנצער געגנט... איך האָב געלעבט עטלעכע חדשים אין וואלד, ווי אזוי איך האָב נאָר געקאָנט, נאָר א מענטשלעכע בריאה זאָל מיך נישט זען. אָבער אז סע האָבן זיך דערנענטערט די הארבסטיקע קאלטע, רעגנדיקע נעכט, האָב איך שוין אָנגעהויבן טראכטן, אז דאָס זיצן אין וואלד איז נישט קיין תכלית. פון וואו זאָל איך געווען וויסן אז די מלחמה וועט אָנהאלטן אזוי פיל, אויך נאָכן דעפּאָרטירן? דער פראָנט איז דאָך שוין ממש געווען צו דערגרייכן מיט דער האנט?! איז אז סע האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער, האָב איך איינגעזען אז איך קאָן מער נישט אויסדויערן אין וואלד, אָן שפּייז, אָן פייער און אָן ווינטער־מלבושים. האָב איך געזוכט א פארבינדונג מיט דער באפעלקערונג, מיט דער נישט־יידישער, וואָס האָט טאקע אויך געלעבט אין מלחמהדיקע באדינגונגען, אָבער דאָך זענען זיי נישט דעפּאָרטירט געוואָרן...

(בערל שטערן האָט זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט. כאָטש איך האָב אים נישט איבערגעריסן די רייד. וואָס האָב איך אים געהאט איבערצורייסן? איך זאָל אים געווען פרעגן ווי אזוי האָט ער געקאָנט פאראיינען שווארץ מיט ווייס? די אידעען זיינע זענען דאָך געווען א ביסל פארמישטע, אָבער איך האָב אים נישט געוואָלט אונטערברעכן. איך האָב אים געוואָלט לאָזן דערציילן אומגעשטערט, ווײַל איך האָב דאָך געזען אז נאָך איצט לעבט ער איבער יענע שווידערלעכע מאָמענטן, וואָס זענען געווען אזוי טראגיש).

...איז האָב איך געזוכט אויפצונעמען א קאָנטאקט מיט עמעצן פון דער באפעלקערונג — האָט שטערן נאָך א ווײַלע פאָרגעזעצט זיין דערציילן — אָבער ווי אזוי טוט מען עס? פארשטייט זיך, אז מע דארף קודם זוכן א באקאנטן צו וועמען מע קאָן האָבן צוטרוי... האָב איך געהאט אזא איינעם (איך וויל נישט אָנרופן זיין נאָמען, ווייל אפילו איצט ווייס איך דאָך אויך נאָך נישט צי ער האָט א חלק אין מיין טויט!), וועלכער איז געווען ווי א גוטער שכן. ער האָט גוט גערעדט יידיש, גלייך ווי א ייד, אדרבה, א סך מאָל האָט ער זיך אָנגעגעבן, ווען ער איז געווען אונטערוועגנס, אז ער איז א ייד... ער פלעגט גיין צוזאמען מיט די יידישע בהמה־סוחרים אויף די מארקן, און ער פלעגט זיין דער טרייבער, ער האָט אהיימגעברענגט

די בהמות, וואָס די סוחרים צי קצבים האָבן דאָרט געקויפט. איז אז ער האָט אהיימגעברענגט די שטיקלעך, וואָס די סוחרים האָבן אים אָנגעטרויעט און אדורכגעמאכט דעם וועג צו פוס, טרייבנדיק די שטיקלעך, האָט ער דאָך געמוזט ערגעץ איבערנעכטיקן אונטערוועגס, האָט ער אָנגעקלאפט אין א יידישער טיר און לפנים געבעטן א ביסל וואסער, אז ער זאָל זיך וואשן די הענט. אונטערן אויסרייד אז ער חיל דאווענען מנחה־מעריב... אָבער אין וועלכער יידישער שטוב פון יענער געגנט האָט מען ארויסגע־לאָזט אָוונט פון דער שטוב א ייד און מע זאָל אים נישט אָנביטן צו עסן וועטשערע?!... און ממילא איז ער שוין געבליבן דאָרטן איבערנעכטיקן... ווער האָט געקאָנט וויסן אז ער איז נישט קיין ייד?... צו אָט דעם שכן האָב איך זיך געוואָנדן... איך ווייס נישט צי ער האָט ביז דעמאָלט גע־וואוסט פון מיין עקזיסטענץ, אז איך וואלגער זיך ארום איינער אליין, צווישן די חיות, אין וואלד. אָבער ער האָט זיך נישט ארויסגעוויזן פאר־הידושט ווען איך האָב אים אָפגעוואָרט אין אָן אָוונט, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון דער קרעטשמע, און ארויפלייגנדיק מיין האנט אויף זיין אָרעם האָב איך אים באגריסט:

— א גוטן אָוונט!...

ער האָט ווי אויפגעציטערט ווען ער האָט דערהערט מיין קול. ער האָט זיך אָבער באהערשט און נישט פארראָטן מיט קיין הויך וואָרט, נאָר מיך געפירט גלייך צו אים אין גאָרטן, הינטער דער שטוב, כדי מיר זאָלן קאָנען רעדן אומגעשטערט, איך האָב אים געזאָגט, אז איך נייטיק זיך אין זיין הילף: ער זאָל מיר פארשאפן א וואָלענעם קאָץ (איך האָב אים געזאָגט ביי וועמען, ביי וועלכן שכן, סע זענען פאראן עטלעכע פון אונדזערע זאכן וואָס מיר האָבן געקאָנט אין גרויס איילעניש ארויסנעמען און זיי באהאלטן ביי יענעם שכן. דאָס איבעריקע איז דאָך איבערגעבליבן אויף הפקר)... און זאָל ער מיר פארשאפן א קאָץ, עפּעס שפּייז, שאָפענע קעז און א לעבל ברויט — און שוועבעלעך, מיט וואָס איך זאָל קאָנען אָנצינדן א פייער... „ווי אזוי קאָן איך זיי דיר געבן?״ אזוי פיל האָט ער איבערגעפרעגט און האָט זיך אליין געענטפערט: „קום איבערמאָרגן, אין דער זעלביקער צייט אויפן זעלביקן אָרט!“ און מיט דעם האָבן מיר זיך צעשיידט... ער האָט מיך נישט געפרעגט צי איך וועל באצאָלן די זאכן, וואָס איך האָב פון אים געבעטן, נאָר ער האָט זיך פון מיר גיך צעשייד און געבאָמבלט, ווי אונ־טער דער נאָז: „גיי, גיי, איבערמאָרגן וועסטו האָבן אלץ וואָס דו האָסט פארלאנגט״. ער האָט מיך נישט געפרעגט וווהין איך „גיי״ און כמעט ווי

נישט געוואָלט וויסן, גאָרנישט האָט ער נישט געוואָלט וויסן. אפשר פאר מוראַ?! די סכנה איז דאָך געווען גרויס, פאר אויסבאהאלטן דעמאָלט א ייד האָט געקאָנט קאָסטן אויך דאָס לעבן נישט נאָר די פרייהייט... ווען איך בין געקומען דעם דריטן טאָג, האָט ער שוין געווארט אין דרויסן, ער האָט זיך אויסבאהאלטן ווי א שאָטן, הינטער א בוים, און ווען איך בין אָנגעקו־מען אין גאָרטן, האָט ער מיר געגעבן די זאכן, איינגעבונדענע, אלע זאכן אין א קאָציקל, ווי א פעקל, איך האָב אים אָפּגעדאנקט און אים געגעבן אָנשטאט געלט, א רינגל, א קליין גאָלדן רינגל, וואָס איך האָב געהאט פו־נעם צירונג, וואָס איך האָב באהאלטן, פון מיין מוטערס צירונג... קודם האָט ער נישט געוואָלט נעמען, אָבער דערנאָך האָט ער מיר געדאנקט און אין דער איילעניש האָט ער זיך אוועקגעשלייכט, ווי א שאָטן, אזוי ווי ער איז געקומען — אזוי איז ער פארשוואונדן... מער האָב איך אים נישט געזען. דערווייל האָב איך מיר פארבעסערט די לאַגע. איך האָב שוין גע־האט איצט מיט וואָס אָנצוצינדן א פייערל, ביי וועלכן זיך צו דערווארע־מען, צו טרינקען א ביסל אויפגעקאָכט וואסער — און צום ערשטן מאָל נאָך עטלעכע חדשים האָב איך געהאט א מענטשלעך עסן. אנשטאט ווילדע גראָזן האָב איך דאָך שוין געהאט א שטיקל ברויט... אָבער וויי! ווי ווינ־ציק דאָס האָט אָנגעהאלטן! שפּעטער מיט פיר און צוואָנציק שעה האָב איך דערפילט א שלאק איבערן קאָפּ און מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט...

(איך מוז דאָ מאכן א באמערקונג: א נשמה, א מת, וועט קיין מאָל נישט באדויערן פאר וואָס ער איז געשטאָרבן צו גיך, פאר וואָס ער האָט פארענדיקט זיין לעבן פאר דער צייט. פונקט אזוי ווי א לעבעדיקער וועט קיין מאָל זיך נישט באקלאָגן אז ער איז געבוירן פריער מיט עטלעכע יאָר... וואָס איז דען די נפקא־מינה פאר א מענטש, ווען ער איז געבוירן? אזוי איז אויך מיט א מת... אים איז דאָך אלץ איינס ווען ער איז געשטאָר־בן. דאָ, אויפן בית־עולם, זענען נישטאָ קיין אומצופרידענע, וואָס זיי זע־נען געשטאָרבן יונגערהייט. דאָ ווייסט מען דאָך נישט פון קיין יוגנט צי עלטער... אָבער אין די רייד פון בערל שטערן, מיין איצטיקן מיטשמועסער, האָט זיך ארויסגעפילט, נישט אז ער באדויערט וואָס ער איז אהער אָנגע־קומען פאר דער צייט, נאָר אים האָט געמאטערט דער געדאנק: ווער און פאר וואָס האָט מען אים געהרגעט? אָבער דאָס האָט ער שוין איצט נישט פון וועמען געוואויר צו ווערן. ווי געזאָגט, קאָן א מת זיך דאָס נישט דערוויסן, סיידן ווען סע קומט א פרישער מת פון יענער געגנט

און דערציילט עס אים. אָבער ווער ווייסט דערפון, ווער דער מערדער איז געווען, איז ווי אזוי קאָן ער זיך דערפון דערוויסן?).

— אָבער דעם געלן מגן־דוד אויפן רעקל? — האָב איך געפרעגט שטערנען נאָר סתם אזוי, כדי סע זאָל נישט אויסזען, אז ער האָט גערעדט צו זיך אליין — איר האָט דאָך נישט געטראָגן קיין מגן־דוד, ווען איר האָט זיך אויסבאהאלטן אין וואלד?

— אין דער אמתן — האָט שטערן געזאָגט מיט א שמייכל — ווייס איך אויך נישט ווי אזוי עס איז צו מיר געקומען... אפשר האָבן מיך אָנ־געטון מיט א יידיש רעקל, מיט א מגן־דוד, יענע וואָס האָבן מיך דאָ באגראָבן... פונקט אזוי ווי איך ווייס נישט, פאר וואָס דער קבר איז גע־גראָבן געוואָרן באלכסון און נישט אין דער זעלביקער ריי, אין דער זעל־ביקער ליניע מיט די אנדערע קברים... איך פרעג אייך נישט פאר וואָס איר זענט אָנגעטון נישט מיט קיין תכריכים, אָבער פאר וואָס האָט מען אייך באערדיקט אויף א נישט־יידישן בית־עולם?

— דער תירוץ איז — האָב איך געענטפערט שטערנען אזוי אז סע זאָל מיר גרינגער אָנקומען — מע האָט מיך באגראָבן אויפן מיליטע־רישן צווינטער... א יידישער מיליטערישער בית־עלמין איז דאָך נישט פאראַן...

דאָס איז מיר אָנגעקומען פשוטער, איז עס מיר בילכער געווען פאר אן ענטפער. צו וואָס טויג מיר מיט אים צו פילאָסאָפירן אויף דעם ענין?

— דערפאר האָט איר געזאָגט — האָט שטערן זיך צעשמייכלט — „ווי א ווייסע קראָ“... יאָ, סע זענען פאראַנען פארשידענע אזוינע ווייסע קראָען... איך קאָן איינעם, ער איז נישט קיין היגער, ווי איר, אָבער ער קומט אָפט אהער אין געסטערײ... איז ער אויך א מין ווייסע קראָ, אויף זיין אופן... אויב איר האָט די געלעגנהייט, וואָלט איר געמעגט זיך מיט אים באקענען. ער איז אן אינטערעסאנטער פארשוין...

— די געלעגנהייט? — האָב איך געזאָגט — די געלעגנהייט קאָן דאָך קומען ווען מיר ווילן...

— יאָ. סע רעדט זיך בלויז אזוי, דערפאר טאקע האָב איך אייך געזאָגט, אז איר וואָלט זיך געמעגט מיט אים באגעגענען. מאָטיע קאָפמאן רופט מען אים.

— ער האָט אויך נישט קיין תכריכים? — האָב איך געפרעגט, כדי באלד זיך צו כאפן אין וואָס סע באשטייט זיין אנדערשקייט.

— ניין, ער האָט טאקע דווקא יאָ תכריכים. ער איז טאקע באַער־דיקט אויף א יידישן בית־עלמין, אָבער דווקא דאָס איז דער חידוש (אחוץ פיל אנדערע אנדערשקייטן!), ווייל זיין פרוי איז נישט קיין יידישע...

אזוי ווי סע האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן מיר זיך צעשייד, אָבער אין מיין מוח איז געבוירן געוואָרן א נייגעריקייט צו קאָנען באַגעגענען זיך מיט אָט יענעם פארשוין... ווי אזוי פלעגט מען זאָגן אויף יענער ער־דישער וועלט? גרויס איז גאָטס זאָאָלאָגישער גאָרטן, מיט פארשידענע חיות!...

# א פארקריפּלטע נשמה

## מאַרגיט וועט דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן...

די געשיכטע פון מאַטיע קאַפּמאַן האָט מיך אינטריגירט. פאַר וואָס? ווייל ער האָט געהאַט א נישט־יידישע פרוי? ניין, דאָס איז שוין היינט נישט מער קיין זעלטנהייט, סע האָט מיך נייגעריק געמאַכט, וואָס ער איז באַגראָבן אין תכריכים, אויף א יידישן בית־עלמין — און דאָך איז ער א ווייסע קראָ...

איז געבליבן אז מע דאַרף זיך מיט אים באַקענען.

אזוי ווי קיין אנדערע אַרבעט האָט מען דאָך דאָ נישט, האָב איך זיך גאַנץ פרי, אזוי ווי די נאַכט האָט אָנגעהויבן צוצופאַלן, געלאָזט אין וועג אריין... אייגנטלעך, זאָגט זיך עס נאָר אזוי. ווייל מע דאַרף דאָך זיך נישט לאָזן אין קיין שום וועג נישט. עס איז דאָך גענוג אז איך זאָל „וועלן". איז האָב איך „געוואָלט" און — אָנגעקומען צו א קבר, אויף וועלכן עס איז געווען א נישט הויכע מירמלנע מצבה, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעקריצט: „קאַפּמאַן מאַטיאַס, דיין זון פרעדי און דיין פרוי מאַרגיט, וועלן דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן". דערנאָך איז די געבוירן־דאַטע און די דאַטע, ווען ער איז געשטאָרבן. פון אָט די צוויי דאַטעס האָב איך געזען אז ער איז נאָך נישט געווען קיין זעכציק יאָר ווען ער איז געשטאָרבן.

אָבער פיל צייט אויף צו באַוואונדערן די מצבה און איר אויפשריפט האָב איך נישט געהאַט. סע האָט מיך געשטערט א קליין מתל, וואָס קוים האָט מען עס אָנגעזען... ביי דער געלעגנהייט וועל איך דערמאָנען אז מתים, אָנגעטון אין תכריכים, וואָס זענען נישט אויפגענייט נאָך א מאָדע־זשורנאַל, נאָר לויט דער אַלטער יידישער טראַדיציע, וואָס איינפאַכער, זע־נען נישט מער ווי אן איינהיל, וואָס דערמאָנט אָן א פאַרצייטיקער רוימישער טאָגע. אין אזא איינהיל זעט דער מת אויס העכער, לענגער, ווי געוויינט־

לעך. די אַרבל זענען לענגער ווי די הענט. דער גאַנצער קיטל איז לענ־גער ווי דער מת. אָט דאָס אַלץ גיט דעם איינדרוק, אַז דו האָסט צו טון מיט ריזן־מענטשן, הויכע. דאָס מאָל האָב איך פאַר מיר דערזען אַ קליין מענטשל, וואָס האָט זיך קוים אַרויסגעזען פון זיינע תּכריכים. ערשט שפּע־טער האָב איך אין אַכט גענומען, אַז ער איז אַ ביסל אַ האָרבאַטער...

פאַר וואָס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק די אויפשריפט פון דער מצבה: „מאָרגיס וועט דיך קיין מאָל נישט פאַרגעסן"?

איך האָב אים באַגריסט, ווי דער שטייגער איז, און אים גענומען אונטערן אָרעם (איך האָב זיך געדאַרפט אַ ביסל איינבייגן, כּדי צו דער־גרייכן... ניין, אַז ער זאָל צו מיר דערגרייכן!), כּדי צו מאַכן מיט אים אַ שפּאַציר און צו פאַרפירן אַ שמועס.

עס איז דאָך שוין איבעריק צו זאָגן, אַז דאָ, אויף דעם עולם, עסט מען נישט, מע טרינקט נישט, נאָר מע שפּינט זכרונות, פון יענער וועלט. אָט דאָס איז דאָך טאַקע דער חילוק; בעת אויף יענער וועלט, אויף דער לעבעדיקער, מאַכט מען זיך פּלענער וועגן דער צוקונפט, און מע שרעקט אָפּ מיט „יענער וועלט", דאָס הייסט מיט אונדזער וועלט, דער מתימדי־קער — דאָ איז עס פּונקט פאַרקערט. דאָ רעדט מען נישט קיין מאָל וועגן דער צוקונפט. דאָ איז דאָך נישטאָ קיין שום צוקונפט. דאָ איז פאַראַן בלויז די פאַרגאַנגענהייט. דאָ לעבט מען נאָר מיט זכרונות, וועגן וואָס עס איז געווען. מיט וואָס מע שרעקט אָפּ? יאָ, טאַקע אויך מיט אַ יענער וועלט. דאָ קאָן מען אויך באַשטראָפט ווערן. דאָ אַז איינער ווערט באַ־שטראָפט, פאַרשטייט זיך, אַז נישט מיטן טויט קאָן מען דאָ עמעצן שרעקן. דאָ שרעקט מען, אַז מע וועט נאָך איין מאָל געבוירן ווערן... דאָס הייסט, אַז מע שיקט אַראָפּ נאָך אַ מאָל אויף דער לעבעדיקער וועלט. און דאָס וויל קיינער נישט. אַזוי ווי אויף דער לעבעדיקער וועלט האָט קיינער נישט געוואָלט שטאַרבן.

איז אַז סע בלייבט נישט איבער צו טון עפּעס אַנדערש ווי צו רעדן וועגן וואָס עס איז געווען, קומט נישט אָן שווער אַז איינער זאָל דערציילן זיינע זכרונות פון יענער וועלט. אַדרבה, ער איז צופרידן ווען ער האָט וועמען צו דערציילן. ער טוט עס גערן פאַרן בית־דין און ווען נישט, כאָטש צו דערציילן פאַר אַ גוטן ברודער.

איז דערציילט מאָטיע קאָפּמאַן אַזוי:

— איך בין געבוירן אין...

איך האָב אים אונטערבראָכן. ווייל אויף אויסצוהערן אַ מעשה אָן אָן עק, דערצו האָב איך איצט נישט קיין געדולד (צו זאָגן אז איך האָב נישט קיין צייט, איז דאָך נישט שייך. וואָס איז זיך דאָ צו איילן? מע פארשפעטיקט דען דאָ עפּעס?). האָב איך געטראַכט, אז איך זאָל אָנווענדן אַן אנדערן מעטאָד, כדי סע זאָל וואָס ווייניקער געד יערן און דאָך זאָל איך געוואויר ווערן דעם תמצית פון זיין אינטערעסאַנטער ביאָגראַפיע, פאר וואָס אינטערעסירט עס מיך? איך בין בטבע אַ נייגעריקער. עס קאָן מיר צו ניץ קומען ביי מיין משפט, ווען איך וועל קומען פארן בית־דין של מעלה... איז בעסער וועל איך אים שטעלן פראגן און ער זאָל ענטפערן, ווי ביי אַן אינטערוויו. ער זאָל זאָגן דאָס, וואָס מיך אינטערעסירט, נישט דאָס וואָס ער וויל דערציילן. און דערנאָך... וועל איך אים אויסהערן אויך דאָס וואָס ער וויל דערציילן ווי אַ צוגאָב.

ער האָט מסכים געווען אז איך זאָל אים שטעלן פראַגן. זאכלעכע, אויף וועלכע ער זאָל ענטפערן, אויף וועלכן אופן ער וויל. איין זאך וועל איך אָבער יאָ פועלן: איך וועל זיך דערוויסן דאָס וואָס איך וויל און אין וועלכער ריי ער זאָל דערציילן.

האָב איך געפרעגט:

— חבר קאַפּמאַן, ווי אזוי האָט איר התונה געהאט? (פאר וואָס איך האָב געשטעלט אָט די פראגע ווי אַן ערשטע? פשוט, פאר נייגעריקייט... שטעלט אייך פאָר, אז איך האָב געזען פאר מיר אזא פארזעעניש, אַ קריפּל — און דאָך האָב איך געלייענט אויף דער מצבה זיינער, אז „מאָרגיט וועט דיך קיין מאָל נישט פארגעסן“!)...

— ביז צום אָנקומען צו דער חתונה מיינער — האָט קאַפּמאַן אָנ־געהויבן פּאמעלעך צו דערציילן — דאַרף איך זאָגן עפּעס וועגן מיין געבורט, אָדער בעסער געזאָגט, וועגן מיינע יוגנט אָדער קינדער־יאָרן. ווייל אָט דאָס, די קינדהייט מיינע האָט דאָך גורם געווען אלץ, האָט ווי אַ האַר־בער פסק־דין פאַראורטיילט מיין גאַנץ לעבן. לכל־הפּחות אזוי האָט עס געהייסן... קאָן זיין, אז איך בין סוביעקטיוו (און איר וועט מיר מוחל זיין, איך קאָן נישט אפילו ווען איך וואָלט געוואָלט, און קיינער קאָן נישט האָבן קיין פּרעטענציעס, אז איך זאָל נישט זיין סוביעקטיוו לגבי מיר גופא!), אָבער אז איר וועט מיך אויסהערן מיט אַ ביסל אויפמערקזאַמקייט, וועט איר פארשטיין פאר וואָס איך זאָג, אז אָט יענער פעריאָד פון מיין קינד־הייט, האָט איין מאָל פאר אלע מאָל אָפּגעחתמעט מיין גאנצן אופן פון זיין אויף יענער זינדיקער ערדישער וועלט...

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָב אים איבערגעריסן:

— פאַר וואָס זאָגט איר, חבר קאַפּמאַן, „אויף יענער זײַנדיקער וועלט“?

— אָט פאַר וואָס? — האָט קאַפּמאַן פאַרגעזעצט — איר וועט אויס־הערן, וועט איר אַליין אײַנזען, ווי זינדיק עס איז געווען יעדער ריר און וועגד מײַנער, אָדער בעסער געזאָגט, לגבי מיר... נאָר לאָמיך זיך אומקערן צוריק צו מײַן קינדהייט. מײַנע עלטערן זענען געווען באַשיידענע מענטשן. געלעבט פון דעם פאַרדינסט וואָס מײַן פאָטער, אַ שניידער, האָט פאַרדינט. מײַן מוטער איז געווען ייִנגער פון אים מיט גאַנצע דרײַצן יאָר. דאָס הייסט, אַז ווען איך בין געבוירן געוואָרן איז דער פאָטער אַלט געווען דרײַסיק יאָר און מײַן מוטער קוים זיבעצן. נישט נאָר וואָס זי איז געווען אַ וואונ־דערשיינהייט, איז זי נאָך דערצו געווען אַזוי יונג, אַז זי איז נישט געווען גענוג רײַף צו זײַן אַ מוטער פאַר אַ קינד. זי איז אַוודאי נישט געווען גע־נוג רײַף אַפילו נישט צום חתונה האָבן. זי האָט דען חתונה געהאַט? זי פלעגט זיך תמיד באַקלאָגן אַז זי האָט נישט חתונה געהאַט, נאָר „מע האָט זי חתונה געמאַכט“. אפשר איז זי געווען גערעכט אין אירע טענות, אָבער אויף קיין פאַל נישט לגבי מיר. זי האָט אפשר געהאַט גערעכטע טענות לגבי אירע עלטערן, צו זיך גופא, אָבער נישט צו איר קינד, וואָס איך בין דעמאָלט נישט אַלט געווען קיין יאָר, און געלעגן רואיק אין מײַן וויגעלע און געשלאָפן חלומענדיק וועגן מלאכימלעך... פּלוצעם האָב איך דערפילט ווי מײַן פּנים ברענט. איך האָב אָנגעהויבן צו שרײַען און געוואַלדעווען, איך האָב זיך געוואָרפן ווי אַ שלענגל, אויף וועלכן מע האָט אַרויפגעטרעטן אויפן עק, ביז איך בין אַרויסגעפאַלן פונעם וויגל... מיט דעם האָב איך אָנגעהויבן מײַן ביאָגראַפיע. דאָס איז געווען מײַן ערשטער טריט אין לעבן. ווײַזט אויס, אַז „מיטן לינקן פוס“. ווײַל זינט דעמאָלט בין איך „אַרײַן“ אין לעבן, אָבער איך בין כמעט „אַרויס“ פון דער געזעלשאַפט, פונעם נאָרמאַלן געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך בין געוואָרן אַ מאָנסטער, וואָס יעדער האָט אויף מיר געקוקט, ווי אויף אַן אַנדער מין מענטש — ווי אויף אַ ווײַ־סער קראָ... איר האָט געזען אַמאָל אַ ווײַסע קראָ? ניין? איך האָב אויך נישט געזען. איך מיין אַז עס עקזיסטירט אין ערגעץ נישט אַזאַ מין קראָ. שטעלט אײַך אָבער פאָר, אַז אין אַ שיינעם טאָג זאָל זיך באַווײַזן אַזאַ מין קראָ. ווי אַזוי וועט מען אויף איר קוקן? אַזוי האָט מען געקוקט אויף מיר...

... וואָס איז געשען? ווען איך בין אונטערגעוואַקסן (אונטערגעוואַקסן בלויז אין די יאָרן. אין דעם וואוקס, בין איך דאָך פאַרבליבן אויף

מיין גאנץ לעבן א קליין הויקערדיק מענטשל!), און האָב אָנגעהויבן פאר־שטיין אויף וואָס פאר א וועלט איך געפין זיך, בין איך געוואויר געוואָרן אז בעת איך בין מיר רואיק געשלאָפן, ווי געזאָגט, און געחלומט מסתמא וועגן די מלאכימלעך, וואָס מע האָט געזאָגט, אז זיי שוועבן איבערן וויגל פון א קליינעם זויגלינג, דעמאָלט זענען איבער מיין קאָפּ, אנשטאט מלא־כימלעך, געהאָנגען פייכטע ווינדעלעך, וואָס מיין מוטער האָט אויסגעהאָנ־גען אויף א בענדל, כדי זיי זאָלן זיך אויסטרוקענען (מיט דעם בין איך דאָך נישט געווען קיין אויסנאם. אלע קינדער אין די וויגעלעך נעצן דאָך איין די ווינדעלעך. אן אנדערע ארבעט האָבן זיי?). כדי סע זאָל זיין וואַ־רעם אין צימער, האָט דאָס פייערל אין אייוועלע געברענט א גאנצע נאכט. פון צייט צו צייט, דאָס הייסט אז צוויי־דריי מאָל אין דער נאכט האָט מען צוגעלייגט צו עטלכע שייטלעך האָלץ אויפן פייער. די ווינדעלעך מיינע האָט מען אויסגעהאָנגען איבערן אייוועלע, וואָס נענטער, כדי זיי זאָלן זיך אויסטרוקענען וואָס גיכער. איז דערפאר קיין וואונדער נישט, וואָס איינס פון די ווינדעלעך, וואָס איז געהאָנגען טאקע איבערן אייוועלע, האָט זיך אָנגעצונדן און אזוי ווי עס איז שוין געווען גוט טרוקן, איז עס אוועק אין פלאמען און אונטערגעצונדן אויך די אנדערע ווינדעלעך, אזוי איז דאָס פייער אָנגעקומען איבער מיין וויגל, אויף וועלכן עס איז ארויפגעפאלן א ברענענדיק ווינדעלע... אָט זעט איר דעם צייכן? — האָט מיר קאָפּמאַן געוויזן מיטן פינגער אויף זיין פנים, אויף וועלכן איך האָב דעם אמת גע־זאָגט, גאָרנישט געזען, אָבער ער האָט געמיינט אז איך וועל נשתומם ווערן ווען איך וועל דערזען דעם צייכן, וואָס דאָס ברענענדיקע ווינדעלע האָט אים מסתמא איבערגעלאָזט — אָט דאָס איז מיר פארבליבן פון דעמאָלט. אָבער נאָך גרעסער איז געווען מיין אומגליק, וואָס איך בין דעמאָלט ארויס געפאלן פונעם וויגל, און מיין רוקנביינדל איז געבראָכן געוואָרן... זינט דעמאָלט בין איך פארוואנדלט געוואָרן אין א הויקערדיקן מאָנסטער, פאר וועלכן מענטשן דערשרעקן זיך. שוין אין די חדר־יאָרן האָבן מיך די קינ־דער געבענטשט מיט א צונאָמען פון „דער הויקערדיקער פון נאָטערדאם פון פאריז", וועלכן זיי האָבן געקענט פון וויקטאָר הוגאָס ראָמאַן, אָדער פון דעם פילם, וואָס זיי האָבן געזען (ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, און ווי געוואָלט זען וואָס פאר א מינע איך וועל מאכן אָדער ווי אזוי איך וועל אויפנעמען זיינע רייד!). איר קאָנט אייך פאָרשטעלן, וואָס סע געשעט מיט א קינד, אין די שול־יאָרן, וואָס האָט אויסצושטיין זילזולים, פון

קליינוויניז אויף, ער זאָל זיין דער שול־נאַר, פון וועלכן יעדער זאָל לאַכן?! ניין, איך פאַרלאַנג פון אייך צו פיל. איר קאָנט עס אייך נישט פאָרשטעלן. קיינער קאָן זיך עס נישט פאָרשטעלן, נאָר דער וואָס האָט עס מיטגעמאַכט וואָס האָט עס געליטן, טאָגטעגלעך, יעדע מינוט, אַז מע זאָל ווייזן אויף אים מיטן פינגער, ווי אויף א קרעציקן, וואָס איז מחוץ למחנה, וואָס האָט צו ליידן פאַר א „שולד“ אין וועלכער ער האָט גאָר קיין חלק נישט. וואָס בין איך שולדיק געווען, אַז איך בין פאַראומגליקט געוואָרן דעמאָלט אין וויגל, און אויסגעוואַקסן א קריפּל?! וואָס בין איך שולדיק געווען, וואָס קיין שום מיידל האָט אויף מיר נישט געקאָנט קוקן, אויך ווען זי האָט פאַר רחמנות יאָ געוואָלט אמאָל אַרויסווייזן א העפלעכקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען אַז סע ווערט געטאָן מיט געוואַלד, נאָר צוליב רחמנות?! ניין איר קאָנט אייך נישט פאָרשטעלן ווי אַזוי סע ווערט פאַרסמט די נשמה פון אַזא קינד. דאָס גאַנצע וועזן איז פאַרוואונדיקט, דאָס עטעמען זיינס איז טראַומאַטיזירט. דאָס בלוט וואָס רינט אין זיינע אָדערן איז פאַרסמט מיט א סם, וואָס האָט די אייגנשאַפט צו פאַרסמען אויך די לופט וואָס איז אַרום אים, אויף זיין גאַנץ לעבן...

(ער האָט זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט און באַלד פאָרגעזעצט):

... איך האָב עס געפילט, ווי מע פילט א שטיקנדיקן רויך, וואָס לאָזט נישט אָטעמען, וואָס רופט אַרויס טרערן פון די אויגן... וואָס האָב איך געזאָלט טון? איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו שיצן קעגן די זילזולים פון די שול־חברים מיינע. שלאָגן זיך? בין איך דאָך געווען דער קלענסטער און דער שוואַכסטער. יאָ, איך האָב איין מאָל יאָ געפּרואווט זיך שיצן. איך בין צוגעפאַלן צו איינעם, וואָס האָט געחוזקט פון מיר און איך האָב איינגעביסן מיינע ציין אין זיין פליישיקן אָרעם, אַז איך האָב פון אים שיער נישט אָפּגעביסן א שטיק פלייש, דאָס בלוט האָט גערונען פון אים, אָבער וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר? איז דאָך פון מיר גערונען נאָך מער בלוט! פון דער נאָז, פון מויל און פון איבעראַל. מע האָט נישט געוואוסט פון וואַנען סע רינט דאָס בלוט פון מיר. איך מיין אַז עס איז גערונען פון מיין נשמה פיל מער בלוט... ביז איינער און נאָך איינער פון די חברים האָבן זיך אָנגענומען די קריוודע פון א נעבעכדיקן קריפּל, און האָבן מיך מציל געווען... דאָס איז געווען איין איינציק מאָל אין מיין גאַנץ לעבן. מער האָב איך שוין נישט רעאַגירט מיט קיין פויסטן, וועלכע איך האָב נישט פאַרמאָגט, אויף די זילזולים וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטיין. איך האָב געשוויגן און געליטן. איך האָב פאַרביסן די ליפּן און געליטן. פאַרשטייט

זיך, אז דאָס האָט אָנגעזאמלט אין מיין בלוט נישט ווייניק סם... יאָ, איך האָב געקאָנט זיך נוקם זיין בלויז אויף איין אופן, אז איך זאָל לערנען בעסער, בעסער פון די אנדערע וואָס זענען נאָרמאַלע קינדער און זענען נישט פאַרשאָלטן פון גאָט צו ליידן ווי א פּאַריאַ, די משא פון א הויקער... איך בין געווען אויפגעטראָגן אויף דער גאנצער וועלט. קודם אויף מיינע אייגענע עלטערן, בפרט אויף מיין מוטער, וואָס זי האָט נישט גענוג אכט געגעבן אויף מיר. ווייל דאָס ברענענדיקע ווינדעלע וואָס איז געפאַלן אויף מיין קינדעריש פּנימל האָט דאָך געקאָנט אויסגעמיטן ווערן, ווען מע הענגט עס געווען נישט אויס איבערן וויגל. און דערנאָך ווען מען וואָלט מיך געווען אריינגעלייגט אין א וויגל וואָס איז אויסגעבעט לייטיש, וואָלט איך דאָך נישט ארויסגעפאַלן און נישט פאַראומגליקט געוואָרן אויף מיין גאנצן לעבן... איך בין געווען אויפגעטראָגן אויף מיינע שול־חברים, וואָס האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין אויפן חשבון פון מיין מאָנסטרועזן אויסזע... אויף דער גאנצער וועלט, וואָס האָט געקוקט אויף מיר מיט חוזק. אויך די וואָס האָבן געקוקט אויף מיר מיט רחמנות האָב איך אויך נישט ווייניקער געהאסט, ווי יענע וואָס האָבן געקוקט אויף מיר מיט חוזק... צו וואָס האָט מיר געטויגט זייער רחמנות? מיר האָט נישט געטויגט גאָרנישט. אלץ איז געווען פאַר מיר דערווידער. אפילו איך אליין בין מיר אויך געווען דערווידער. איך האָב זיך אליין געהאסט. איר קאָנט אייך פאָרשטעלן, ווי אזוי סע זעט אויס א מענטש ווען ער האסט זיך גופא? איר קאָנט עס נישט פאַרשטיין. ניין, איר קאָנט נישט פאַרשטיין, ווען א מענטש קאָן נישט אָנקוקן אין א שפּיגל זיין אייגן געזיכט. איך האָב געלערנט בעסער פון די אנדערע, כדי איך זאָל זיך נוקם זיין. אָבער די רעזולטאטן זענען נישט געווען אלע מאָל די בעסטע. פאַר וואָס? ווייל אפילו איך האָב זיך אָנגעשטרענגט און מיין גאנצן ווילן האָב איך אויסגעניצט צום לערנען, האָט זיך דאָס לערנען נישט אלע מאָל געקלעפּט צו מיר. איך בין דאָך געווען טראַומאַטיזירט, גלייך א שד וואָלט פאַרמישט מיינע געדאנקען. אויך מיין זכרון איז טראַומאַטיזירט געווען פון מיין מאָנסטרועזן אויסזע... ווען עס איז געקומען צו אן עקזאמען האָב איך געציטערט אין קאָנוואולסיעס איך האָב געוואוסט וואָס סע דערוואַרט מיך. איך בין דאָך נישט געווען קיין נאָרמאַלער שילער... אויב מע האָט געדאַרפט געבן שריפטלעכע ארבעטן, איז עס נאָך אריבער מיט חסד. איך האָב תמיד געמאכט פון צווישן די בעסטע ארבעטן. אָבער אז עס איז געקומען מע זאָל מיך פאַרהערן מינדלעך — איז דאָס אלע מאָל אויסגעקומען קאַפּויער. איך האָב זיך געהיקעט און נישט געקאָנט ארויסזאָגן קיין קלאָרן זאַץ. קודם האָב

איך געזען די חוזק־שמייכלעך, וואָס האָבן מיך געשמיסן, ווי מיט נאסע דיקע בייטשן, וואָס פלעגן זיך ווי איינבייסן אין מיין קינדערישן לייב. איר ווייסט וואָס סע הייסט אַן איראָנישער שמייכל אויף אַ קינדערישער נשמה? ניין, איר קאָנט עס נישט פאַרשטיין. דערנאָך זענען זיי אויסגעבראָכן אין אָן אָפענעם געלעכטער, מיינע שול־חברים. און מיט דעם האָט זיך עס געענ־דיקט. ווייל איך בין שוין נישט געווען ביכולת אַרויסצורעדן קיין איין וואָרט. די מוסקלען פון מיין גאַמבע האָבן זיך נאָר קאָנוואולסיוו באַוועגט, ווי אַ שטיק פלייש, וואָס איז אָראָפּגעשניטן פון אַ לעבעדיקן פיש. איך האָב נישט אויסגעבראָכן אין קיין געוויין. קיין טרער האָט מען ביי מיר קיין מאָל נישט געזען, אָבער מיין האַרץ, אוי האָט מיין האַרץ געוויינט!... אויב עס איז געווען אַ פאַרשטענדיקער לערער, האָט ער מיר תיכף געהייסן גיין אויף מיין אָרט. אָבער עס איז אויך געווען צו מאָל דער פאַל, ווען אַ לערער האָט סיי צוליב זיין איגנאָראַנץ, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען זיך צו קיין פּעדאַגאָ־גישער פּסיכאָלאָגיע, סיי ער איז ממש געווען אַ סאַדיקער — נאָך צוגעשיט זאַלץ אויף מיינע וואונדן, וואָס האָבן געבלוטיקט...

— ביז וויפל קלאַסן האָט איר געלערנט? — אַט די פראַגע האָב איך געשטעלט קאָפּמאַנען, נאָר כדי אים איבערצורייסן די געדאַנקען, זיינע רייד, ווייל איך האָב געפילט אַז ער לעבט איבער אויף איצט אַלע ליידן פון זיינע שול־יאָרן.

— קלאַסן? — האָט קאָפּמאַן זיך ווי אויפגעוועקט פון אַ חלום. סע האָט זיך געפילט אַז איך האָב אים צוריקגעברענגט צו דער טעמע, וועגן וועל־כער ער דאַרף מיר דערציילן — ניין, איך האָב נישט געמאַכט קיין צו פיל קלאַסן. איך האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטן די אַטמאָספער פון דער שול... די שטימונג אַרום מיר האָט דאָך מיך געוואָרגן. וויפל קאָן דען אויסהאַלטן אַזאַ יונגטלעכער אַז ער זאָל זיך צוקוקן ווי אַנדערע יינגלעך אין זיין על־טער, נעמען אַרום אַ מיידל אַ קאָלעגין, און גנבענען אַ קוש — און ער קאָן זיך נישט אַ מאָל פאַרשטעלן אין חלום, אַז אַ מיידל זאָל אַמאָל אַק־צעפּטירן אַז ער זאָל זי האַלדזן?...

...איך האָב די שול פאַרלאָזט. ניין, מע האָט מיך פון דער שול אַרויסגעטריבן, מיטן חוזק וואָס מע האָט צו מיר אַרויסגעוויזן, מיטן ביטול, מיט דער גרינגשעצונג וואָס מע האָט אַרויסגעוויזן לגבי מיר. אויך דעמאָלט ווען מע האָט זיך נישט געטשעפּעט צו מיר, אויך דעמאָלט ווען קיינער האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, גלייך איך וואָלט גאָר נישט עקזיסטירט, אויך דעמאָלט האָב איך נישט געקאָנט עטעמען... האָב איך אין אַזעלכע

באדינגונגען געקאָנט לערנען? איז האָב איך פאַרלאָזט די שול און גע־
זעסן טאָג ווי נאכט, באַהאַלטן אין דער היים און פאַרבריינגט די צייט מיט
גאָרנישט. איך האָב גאָרנישט נישט געקאָנט טון. נישט א מאָל א ביכל האָב
איך נישט געקאָנט לייענען. איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פונעם
ארום, וואָס האָט מיך פאַרפאָלגט מיט דער שטיקנדיקער לופט מיט וועלכער
ער האָט מיך ארומגערינגלט. איך וועל זאָגן דעם אמת, אז דאָס לעבן איז
מיר נימאס געווען און האָב שוין אָנגעהויבן טראכטן, ווי אזוי איך זאָל
דערפון איין מאָל פטור ווערן... איך זאָל מיר מאכן דעם סוף, מיט מיינע איי־
גענע הענט...

...אָבער, אומדערוואַרט איז געקומען א פאַרענדערונג אין מיין לעבן.
א קלייניקייט, אָבער דאָס האָט מיך ארויסגעפירט פון מיין איינגעשלאָסענער
איזאָלאציע אין מיין אייגענער נשמה. צו אונדז האָט זיך אריינגעצויגן א
קוואַרטיראַנט. עפּעס א קרוב, א יינגל וואָס איז עלטער געווען פון מיר
מיט נישט מער ווי דריי יאָר, אָבער ער איז געווען שוין א רייפער, געלעבט
אויף זיינע אייגענע פיס. ער האָט געוואוסט וואָס ער טוט, און נאָך מער,
וואָס ער דאַרף טאָן... ווי אזוי ער איז אָנגעקומען צו אונדז? מסתמא, ווייל
ער איז געווען עפּעס א ווייטער קרוב אונדזערער. און אזוי ווי ער איז
געקומען צום ערשטן מאָל אין א פרעמדער שטאָט, זוכן אַרבעט, האָט ער
זיך אָנגעשפּאַרט צייטווייליק ביי אונדז, ביז ער וועט זיך געפינען אַרבעט
און א דירה. ער איז געווען א דרוקער, אָדער בעסער געזאָגט, א זעצער.

...ער האָט געוואוינט ביי אונדז אין שטוב נישט מער ווי עטלעכע
וואָכן. אָבער אויך אָט די קורצע צייט איז געווען גענוג אז מיין גאַנץ לעבן
זאָל זיך ענדערן. דאָס איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס האָט אויף
מיר נישט געקוקט נישט ווי אויף א קריפּל מיט ביטול, און נישט מיט רחמ־
נות, נאָר פּשוט ווי אויף א מענטש, יאָ, דאָס איז געווען מיין ערשטע באַ־
געגעניש מיט א „מענטש“, וואָס האָט מיך אויך באטראכט פאַר א „מענטש“...
איר קאָנט אייך פאָרשטעלן, ווי אזוי דאָס האָט געווירקט אויף מיר? איר
קאָנט אייך נישט פאָרשטעלן וואָס סע געשעט מיט א מענטש. ניין, נאָך
נישט קיין מענטש, נאָר בלויז מיט א יינגל, וואָס האָט איינגעזויגן אין
זיך נאָר שינאה און פאַראַכטונג און איז מיט א מאָל געוואָרן א „מענטש“,
כאָטש מיט איין איינציקן מענטשן גלייך?...

... ער האָט מיט מיר גערעדט ווי צו זיינס גלייכן. נישט רעכענענ־
דיק זיך נישט מיט מיין פאַרקריפּלטקייט און אויך נישט מיטן יונגן עלטער
נאָר גערעדט מיט מיר ווי מיט זיינס גלייכן, אָפן און אויפריכטיק, פּשוט

און אומגעקינסטלט האָט ער מיר געזאָגט אמתן, וואָס איך האָב נישט גע־קאָנט אים נישט גלייבן. איז האָב איך אים געגלייבט. ער האָט דאָך פון מיר גאָרנישט געפאָדערט. איז פאַר וואָס זשע זאָל איך אים נישט גלייבן?!

... אין דער קורצער צייט, וואָס דער זעצער האָט געוואוינט ביי אונדז, איז אים געלונגען מיר צו עפענען די אויגן. ער האָט מיר געהאָלפן און געוויזן א וועג, אז איך זאָל אָנהייבן טראַכטן און דערזען אליין, מיט מיינע אייגענע אויגן, אז די וועלט, די גרויסע וועלט, נישט די שמאָלע דלת־אמות, אין וועלכע איך האָב געלעבט, אָבער נישט געלעבט, נאָר גע־ווען אין זיי פאַרמאַכט ווי אין א געפענקעניש — די וועלט, די גרויסע ברייטע וועלט, באַשטייט דאָך נישט בלויז פון די מין מענטשן וואָס איך האָב ביז איצט באַגעגנט. ער האָט מיר געוויזן אז עס איז פאַראַן אן אנ־דערע וועלט, מיט מענטשן וואָס באַטראַכטן אויך אנדערע פאַר מענטשן. ער האָט מיך באַקענט אויך מיט אנדערע פון זיינס גלייכן. מיט יינגלעך, וואָס האָבן אויף מיר געקוקט פונקט ווי ער. זיי האָבן מיך געהאַלטן פאַר א מענטש, א מענטש... ביי מיר אין הארץ האָט גאָר אויפגעשפּראָצט א ניי געפיל פון א זעלבשטאָלץ, אז איך האָב זיך אויך אין מיינע אויגן אָנגע־הויבן פילן פאַר א מענטש. און אויב איך האָב צופעליק באַגעגנט עמעצן פון מיינע געוועזענע באַקאַנטע, שול־קאָלעגן, האָב איך גאָר אין אכט גענו־מען, אז נישט איך, נאָר זיי זענען די קריפּלען... אויב איך בין א פיזישער קריפּל, אין וועלכן איך טראָג דאָך קיין שום שולד נישט, זענען זיי גייס־טיקע קריפּלען, אין וואָס זיי זענען אין א גרעסערער מאָס יאָ שולדיק... אָט דאָס אלץ האָט גורם געווען אז אָנשטאָט דער מאָס שינאה, וואָס האָט זיך איינגעגעסט אין מיין יונגער נשמה — א בלינדער האס צו יעדן און צו אלעם — האָב איך אָנגעהויבן ליב צו באַקומען מענטשן. עס איז דאָך פאַר מיר געווען א פרעמד געפיל ביז איצט, ליב צו האָבן מענטשן... איצט האָב איך אָנגעהויבן פילן אז די מענטשן טיילן זיך אין אזעלכע וואָס האסן מיך, אָדער זיי באַטראַכטן מיך נישט פאַר קיין מענטש — און אזעלכע וואָס זענען מענטשן און פאַרדינען אז איך זאָל נישט האסן, נאָר אדרבה, זיי ליב האָבן.

... ווי א רעזולטאַט פון אָט דער אנטדעקונג, אין מיין הארץ, אין מיין אייגענער נשמה, האָב איך זיך ארייַנגעלאָזט מיט מיין גאַנצער קינ־דערישער אויפריכטיקייט און איבערגעגעבנקייט אין דער טעטיקייט, צו וועלכער יענער זעצער האָט מיך צו ביסלעך צוגעצויגן... דורך אָט דעם

זעצער האָב איך זיך באַקענט אויך מיט מיידלעך, אָבער דאָס איז געווען
פיל שפּעטער, שפּעטער מיט יאָרן. אָבער אַז איך האָב זיך איצט דערמאָנט
דעריין, וועל איך אייך זאָגן עפּעס וועגן אָט דעם קאַפּיטל, לאָמיר זאָגן,
וועגן ליבע־קאַפּיטל: נישט איך האָב זיי, נאָר די מיידלעך האָבן מיך גע־
זוכט. איך ווייס עס נישט מיט וואָס צו דערקלערן, אָבער אַזוי איז עס גע־
ווען. זיי פלעגן זאָגן, אַז אַזעלכע מין יינגלעך, ווי איך, פאַרקריפּלטע (זיי
פלעגן זיך נישט אויסדריקן אַזוי, נאָר אויף אַ פאַרשטעלטן אופן; מיט אַ
קערפּערלעכן מום, ווי אַ הויקער!) ליבן בעסער ווי יענע, נאָרמאַלע, שיינע
מענער... אָט אַזעלכע ווי איך, דאָס הייסט וואָס מער מאָנסטרועזער דער
אויסערלעכער אויסזע איז, אַלץ הייסער איז זייער ליבע — דערפאַר זענען
זיי בילכער. אַזוי האָבן זיי געזאָגט. און נישט נאָר געזאָגט. מע האָט גע־
זען אַז זיי האָבן מיך גאָר אָן בושה געזוכט. אָבער נאָר אויף אַזוי פיל.
אין בעט בין איך גוט געווען און פאַר זיי אָנגעשטאַנען. אַזוי פיל און
נישט מער. אַזוי ווי מיר זענען אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, האָבן זיי
מיך אויסגעמיטן. זיי האָבן נישט געוואָלט מיט מיר אַדורכגיין די גאַס. מע
זאָל זיי חלילה נישט זען אַרומגיין מיט אַזאַ מין פאַרקריפּלטן פאַרשוין ווי
איך. איך ווייסט וואָס סע הייסט, אַז דו זאָלסט קיין מאָל נישט קאָנען גיין
אין קיין קינאָ, צי שפּאַצירן אויף דער גאַס מיט אַ מיידל?!

... אָבער פון איצט אָן, זינט דער חבר האָט מיך אַרויסגעפירט פון
מיין איזאָלאַציע, בין איך שוין אַ מענטש צווישן מענטשן גלייך. אין דער
נייער געזעלשאַפט האָב איך שוין געפונען מיידלעך, חברטעס, וואָס האָבן
נישט געקרומט מיט דער נאָז, ווען זיי האָבן מיך געזען. זיי איז שוין אָנ־
געשטאַנען אַרויסצוגיין מיט מיר אויך אויף דער גאַס און צו פאַרפירן מיט
מיר אַ שמועס ווי מיט זייערס גלייכן... אָבער, לאָמיך מודה זיין, אַז דאָס
האָט גאָר לאַנג נישט געדויערט, איך האָב באַלד באַמערקט אַז גאָר אין
גאַנצן בין איך אויך איצט נישט אַרויס פון מיין איזאָלאַציע... מע האָט מיך
באַלד אָנגעהויבן אויסמייַדן און וואָס ווייניקער זיך געוויזן מיט מיר אין דער
עפנטלעכקייט. טאַקע דערפאַר וואָס איך בין נישט קיין נאָרמאַלער מענטש
וואָס איך האָב נישט קיין נאָרמאַלן אויסזע... ניין, דאָס מאָל איז עס שוין
נישט געווען צוליב דער בושה, וואָס זיי זאָלן זיך געווען שעמען צו ווייזן
מיט מיר צווישן מענטשן, ניין, דאָס מאָל איז עס שוין געווען צוליב דער
מורא. זיי האָבן מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז מיט מיר איז עס אַ סכנה צו
גיין אויף דער גאַס. אָדער זיך ווייזן צו אָפט אין די אויגן. אַזאַ מין אויס־
זע ווי איך האָב, קאָן מען דערקענען פון אַ מייל די ווייט און דאָס איז

קעגן יעדן פּרינציפּ פון קאָנספּיראַציע... דעם אמת געזאָגט, האָב איך עס נאָך תיכף נישט פאַרשטאַנען ווייל איך האָב נאָך געווען נישט געוואוסט, אז מיינע חברים גיבן זיך אָפּ מיט א טעטיקייט וואָס ווערט פאַרפאָלגט דורך דער פּאָליציי, אָבער געגלייבט האָב איך זיי, אז זיי זאָגן דעם אמת. זיי זאָגן דאָס נישט פאַר קיין אויסרייד. אדרבה, זיי מיינען עס פונקט אזוי אין זייער אינטערעס, ווי אין מיין אייגענעם אינטערעס... דערפאַר האָב איך מסכים געווען, ווען מע האָט מיר אָנגעבאָטן צו אַרבעטן ווי א זעצער. אויף מיין חברס פּלאַץ, וועלכער האָט געמוזט פאַרלאָזן אונדזער שטאָט ווייל ער איז באַקאַנט געוואָרן ביי דער פּאָליציי, און כדי נישט צו שטעלן אין געפאַר די געהיימע דרוקעריי, האָט מען אים איבערגעשטעלט צו אן אנדערער אַרבעט. מעגלעך אז מע האָט אים אויך צוליב אנדערע סיבות איבערגעשטעלט צו אן אנדערער אַרבעט, א מער וויכטיקערע. ווי אזוי עס זאָל נישט זיין, פאַר מיר איז דאָך דעמאָלט נישט וויכטיק געווען דער גורל פון מיין חבר. פאַר מיר איז וויכטיק געוואָרן דאָס, וואָס עס וועט געשען פון איצט אָן מיט מיר. און מיט מיר איז געשען וואָס איך האָב אָנגעהויבן א ניי לעבן. אמת, עס האָט מיר באַנג געטון, וואָס איך מוז זיך צעשיידן מיט מיין חבר. דער ערשטער מענטש אין מיין לעבן, וואָס האָט מיך אַרויסגעפירט אויף דער ליכטיקער שיין, צווישן מענטשן, צו זיין א „מענטש" מיט „מענטשן" גלייך. אָבער, איך האָב זיך געטרייסט, וואָס מע האָט מיר אָנגעטרויט אן אַרבעט, א וויכטיקע. איך האָב געפילט אז איך האָב זיך אָנגעקייטלט, אָדער אַריינגעהאָפטן אין א געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט, וואָס האָט מיר געגעבן א ציל און זינען אין מיין לעבן, דאָס וואָס עס האָט מיר ביז איצט לגמרי אויסגעפעלט. איצט בין איך געוואָרן פון א גאָרנישט, פון איינעם וואָס איז געווען איבעריק אויף דער וועלט און דער־ווידער דער געזעלשאַפט, בין איך מיט א מאָל געוואָרן א „וויכטיקער עלע־מענט", אזוי האָט מען געזאָגט, וואָס נישט נאָר ער איז נישט איבעריק, נאָר איז אויך אפילו ניצלעך... אזוי איז עס געשען אז איך בין אַריין אין א קעלערשטיבל, און האָב אָפּגעאַרבעט גאַנצע זיבן יאָר ווי א זעצער, און געקליבן די אותיות פון די קליינע קעסטעלעך און זיי אויסגערייעט אין שורות, ווי סאָלדאַטן פון א קעמפערישער אַרמיי, פון די שורות האָב איך געמאַכט זייטלעך און אָפּגעדרוקט פון צייט צו צייט א פלוגבלעטל, א צײ־טונגל וואָס איז אין געהיים פאַרשפּרייט געוואָרן כדי אויפצוקלערן די מאַסן... נישט בלויז צוליב מיין יוגנט, נאָר אויך צוליב מיין קליינעם

וואוקס, האָב איך נישט דערגרייכט ביז צום רעגאַל אַז איך זאָל קאָנען זעצן די אותיות. איך האָב געמוזט זיך אונטערשטעלן אַ קליין קעסטעלע אויף וועלכן איך האָב זיך אויפגעשטעלט, כדי צו דערזעצן מיין קליינעם וואוקס... אַזוי האָב איך דאָרט אָפּגעאַרבעט גאַנצע זיבן יאָר. אין דעם קע־לערשטיבל, ביי דער שיין פון אַ נאַכט־לאָמפּ, האָב איך פאַרבראַכט מיינע יוגנט־יאָרן, געזעצט די אותיות. דאָרט האָב איך געגעסן, וואָס מע האָט מיר פון צייט צו צייט געבראַכט. דאָרט האָב איך געטון מיינע באַ־דערפענישן, וואָס מע האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעטראָגן... ביז, אין... (אַ שיינעם טאָג, איז דאָך גאָר נישט שייך צו זאָגן, ווייל דעם אמת גע־זאָגט, האָב איך דאָך נישט געוואוסט צי עס איז טאָג צי נאַכט!) איז מען מיך באַפאַלן, די פּאָליציי האָט מיך אַרעסטירט, געמישפּט און אַריינגעזעצט אין דער באַרימטער תפיסה פאַר פּאָליטישע געפאַנגענע... אַזוי האָט אַ סוף גענומען צום לעבן מיינעם, אין קעלערשטיבל, און סע האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעבן אין אַ תפיסה־קעמערל...

(ווען קאַפּמאַן איז אָנגעקומען אַהער, מיט זיין דערציילן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. גלייך ער וואָלט געוואַרט אויף עפּעס, אָדער האָט ער זיך איבערגעקלערט ווי אַזוי פאָרצוזעצן ווייטער. מע האָט געקאָנט אין אַכט נעמען אַז ער דאַרף אָדער עפּעס איבערהיפּערן אין זיין דערציילן, אָדער עס אַזוי צו זאָגן, אונטער אַזאַ פאָרעם, אַז ער זאָל אַרויסקומען ווייניקער שולדיק. איך האָב נישט געוואוסט מיט וואָס איך וואָלט אים געקאָנט אַרויסהעלפן, אַז ער זאָל זיך רירן פונעם אָרט, ווי אַן אויטאָמאָביל וואָס גליטשט זיינע רעדער אויפן אָרט, ווען ער טרעפט אָן אויף אַ טיפן שניי... נישט געפינענדיק עפּעס בעסערס, האָב איך אים געפרעגט):

— נו, אין תפיסה, איז ווי אין תפיסה. וויפל צייט זענט איר דאָרט געזעסן?

ער האָט אָנגעקניפּט זיין מעשה, וואָס האָט זיך אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן:

— יאָ, אין תפיסה איז טאַקע ווי אין תפיסה: אָבער זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, היינט קאָן איך דאָך שוין זאָגן דעם אמת (דאָ איז דאָך דער עולם־האמת!). וואָס זשע האָב איך זיך אויסצובאַהאַלטן הינטער תירוצים? היינט קאָן איך שוין אַליין זיך מישפּטן און אָנערקענען, אַז איך האָב זיך נישט אויפגעפירט אין דער תפיסה, אַזוי ווי אַ חבר דאַרף זיך אויפפירן... און דאָס־אָ, האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף מיין ווייטערדיק לעבן, וואָס צו מיין מזל איז עס נישט געווען גאָר לאַנג...

(עס איז דאָס ערשטע מאָל ווען איך באַגעגן איינעם, וואָס ער באַדויערט נישט וואָס ער איז געשטאָרבן פאַר דער צייט. אדרבה, ער פילט זיך גאָר גליקלעך, וואָס דאָס לעבן זיינס האָט זיך געענדיקט און ער איז פּטור געוואָרן פון די יענוועלטיקע גליקן, די „לעבעדיקע״!)...

...יאָ, איך קאָן עס איצט אליין אָנערקענען, אָבער געהאַט א שולד האָבן דאָך אויך די חברים מיינע, וואָס האָבן מיך געאורטיילט, דעמאָלט, נאָך אין תפיסה, און בפרט נאָך דעם, ווען עס איז געקומען די באַפרייאונג און מיר זענען ארויס פון דער תפיסה... מע האָט מיר קיין מאָל נישט מוחל געווען פאַר מיין „אינדיווידואליסטישער האַלטונג״ וואָס איך האָב ארויסגעוויזן אין יענער צייט, ווען איך בין געזעסן אין דער תפיסה... אמת, איך האָב אפשר טאַקע געהאַט אזא מין נישט־חברישע אויפפירונג. אָבער, איך קאָן דאָס אויך היינט נישט פארשטיין: ווי אזוי האָט זיך במשך דער גאַנצער צייט נישט געקאָנט טרעפן כאָטש איין מענטש, צווישן די חברים, וואָס האָבן אויסגעדרייט דעם רוקן צו מיר און נישט געוואָלט וויסן, וואָס סע פאַסירט מיט אזא איינעם ווי איך? זיי האָבן מיך איזאָלירט, גלייך איך וואָלט געווען א קרעציקער, אז זיי זאָלן זיך חלילה נישט אָנשטעקן פון מיין חולאת... פאַר וואָס האָבן זיי עס מיר קיין מאָל נישט מוחל געווען? פאַר וואָס האָט זיך נישט געפונען כאָטש איין איינציקער, וואָס זאָל מיר געפינען א זכות און ער זאָל עס קודם אליין פארשטיין און דערנאָך עס אויפקלערן אויך פאַר די אנדערע, אז איך האָב דאָך געלעבט איזאָלירט מיין גאַנץ לעבן?! נאָך זייענדיק אין וויגל בין איך דאָך פאראורטיילט געוואָרן צו בלייבן מחוץ למחנה, מחוץ פון דער געזעלשאַפט. זיי, די חברים מיינע, זענען דאָך געווען די ערשטע וואָס האָבן מיך מקרב געווען און ארויסגעפירט פון יענער איזאָלירטקייט, איז פאַר וואָס האָט זיך נישט געפונען כאָטש איינער, וואָס זאָל מיר ארויסהעלפן אויך דאָרט, אין דער תפיסה, און מיך אריינגעמען אין דער חברותא, אויך אין פאַל ווען איך האָב זיך ווי אָפּגעריסן פון זיי? זיי האָבן דאָך דאָס געזען, פאַר וואָס האָבן זיי מיר דעמאָלט נישט ארויסגעהאָלפן? און אויב זיי האָבן עס נישט געטאָן, הייסט עס דאָך אז זיי זענען געווען אזוי שולדיק אין מיין איזאָלאַציע, נישט ווייניקער פון מיר — איז פאַר וואָס האָבן זיי מיך ווי אויסגעשלאָסן פון זייער געזעלשאַפט? האָט זיך נישט געטראָפן אפילו איינער נישט וואָס זאָל עס פארשטיין?...

...ניין. יאָרן לאַנג האָב איך עס געפּרואווט געבן צו פארשטיין און סע האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן.

(איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט אָפּגעוואָרן פון זיין דערציילן. ער האָט אָנגעהויבן מערער זיך אַראָפּצורעדן פונעם האַרץ, וועגן די עוולענטועלע עוולות וואָס זענען לגבי אים באַגאַנגען געוואָרן, אָבער די פאַקטן, וואָס עס איז בעצם געשען, דאָס האָט ער דאָך נישט געזאָגט. האָב איך דאָך נישט געוואוסט וואָס צו טון. וואָס זאָל איך זאָגן? איך זאָל אים אונטערהאַלטן און געבן געראָכטס? וואָס קאָן איך מיך אַריינמישן, אויב איך ווייס נישט וואָס עס איז פאַקטיש געשען מיט אים?).

...ווען מיר זענען באַפרייט געוואָרן — האָט קאָפּמאַן פאַרגעזעצט נאָך א קליינער פויזע — בין איך דאָך געווען א שברי־כלי, נישט נאָר וואָס איך בין געווען דער קריפּל, אויסערלעך, אָבער אויך אינערלעך. ניין, נישט וועגן מיין פסיכישן צושטאַנד רעד איך, נאָר ממש קערפּערלעך, פיזיש, בין איך דאָך געווען א קראַנקער מענטש... עס איז דען א וואונדער? שטעלט אייך פאָר, אַז נאָך די זיבן „גוטע יאָרן" פונעם קעלערשטיבל זענען געקו-מען די אַכט יאָר פון שווערער תפיסה (לאָמיך זאָגן דעם אמת, אַז סע זענען געווען נאָר פיר יאָר תפיסה און פיר יאָר קאָנצענטראַציע־לאַגער, נאָך דעם ווי די תפיסה איז איינגעפאַלן פונעם ערדציטערניש פונעם פערציקער יאָר!). נו, איז דען א וואונדער וואָס איך בין געווען א קראַנקער, צעבראָכענער טשערעפּ?!

...איז נאָך דער באַפרייונג האָב איך קודם געאַרבעט אויף אַן אַדמי־ניסטראַטיוון פּאָסטן. טאַקע די חברים האָבן מיר די אַרבעט צוגעטיילט, אָבער דעם אמת געזאָגט, בין איך דאָך שוין איצט צו קיין שום אַרבעט נישט פע־איק געווען. איך בין מער געזעסן אין שפּיטאָל ווי ביי דער אַרבעט...

(ער האָט געמוזט איבעררייסן מיט זיין דערציילן, ווייל סע האָט זיך אָנגעהויבן הערן קרייען דאָ און דאָרט א האָן, און אין אַזא פאַל מוזן מיר דאָך גיין יעדער איינער אין זיין קבר אַריין. אָבער איך האָב דאָך אים נישט גע־קאָנט איבעררייסן, סע זאָל זיך נישט מאַכן דער איינדרוק, אַז איך וויל זיך פון אים אָפּשאָקלען, אַז איך וויל אים מער נישט אויסהערן... איך האָב דאָך געזען אַז איך האָב צו טאָן מיט א זייער עמפּינדלעכער סענסיביליטעט, וואָס אַט־אַט וועט ער דאָך מיך, איצט, חושד זיין, אַז איך וויל אים „איזאָלירן"... האָב איך געמוזט האָבן אויסדויער און זיך איינהאַלטן און נישט אַרויסווייזן קיין אומגעדולד, אַז איך איל זיך, ווייל סוף־כל־סוף מוז ער דאָך אויך פאַר־שווינדן, גלייך ווי איך!).

...נו — זאָגט ער נאָך א מינוט שווייגן — הייסט עס אַז מיר מוזן זיך צעשיידן. עס איז דאָך שוין פרי (איך מוז דאָ מאַכן א באַמערקונג:

אויף יענער וועלט, זאָגט מען נישט „עס איז שוין שפעט!"). מע זאָגט, לאָמיר זיך איילן ווייל עס איז שוין פרי!), און מיר מוזן זיך גיין יעדער אין זיין קבר. איז וועלן מיר פאָרזעצן אַן אנדערט מאָל.

(ער האָט נישט געזאָגט: מיר וועלן פאָרזעצן מאָרגן. דאָ, אויב מען איז נאָך נישט געמישפּט ווייסט מען דאָך נישט געננוי, וואָס סע וועט געשען „מאָרגן". מע איז דאָך נישט קיין פרייער מענטש אז מע זאָל זיך קאָנען אָפּרעדן א באגעגעניש אויף מאָרגן. און אז מע רופט גראָד מאָרגן צום בית־דין? מע קאָן דען וויסן?!).

# משה מענדלסאָן האָט אויך חתונה געהאַט...

(נאָך עטלעכע טעג... ניין, נאָך עטלעכע נעכט, האָט ער מיך אָפּגע־וואַרט. ווי אזוי איך האָב זיך נאָר געוויזן האָט ער אָנגעהויבן, גלייך מיר וואָלטן נישט איבערגעריסן דעם שמועס, נאָר פאַרגעזעצט, פון דאָרט וואו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט:)

— איך האָב געלעבט — האָט מאַטיע קאַפּמאַן פאַרגעזעצט — מען האָט מיר געגעבן א פענסיע, ווי סיי וועלכן געוועזענעם פּאָליטישן אַנטיפאַשיס־טישן פאַרפאָלגטן, וואָס איז שוין נישט פעאיק צו קיין נאָרמאַלער אַרבעט... נעבן דער קליינער פענסיע האָב איך נאָך צופאַרדינט פון יענער אַרבעט אויף מיין פּאָסטן. דאָס הייסט אז צווישן איין אינטערנירן אין שפּיטאָל און צווייטן האָב איך נאָך געאַרבעט.

— חבר קאַפּמאַן — פּרוּאוו איך אים אַרויספירן צוריק אויף די רעלסן פון מיין פראַגע, וואָס איך האָב אים געשטעלט ביים סאַמע אָנהויב — אויב איר דערמאַנט אייך, האָב איך אייך געפרעגט „ווי אזוי איר האָט חתונה גע־האַט?"...

— איר האָט פאַרלוירן דאָס געדולד, חבר זעליקאָוויטש? — פרעגט ער כמעט א ברוגזלעכער — איך קום דאָך תיכף אָן צו אייער פראַגע... טאַקע דאָרט, זייענדיק אין שפּיטאָל, האָב איך זיך באַקענט מיט מאַרגיטן, מיין פרוי... זי איז דאָרט געווען א קראַנקן-שוועסטער, און יעדעס מאָל ווען איך בין דאָרט געווען אינטערנירט, האָט זי אויף מיר אַכט געגעבן ביז מיר האָבן זיך באַפריינדט... זי איז געווען א פּשוט מיידל, געקומען פון דער פּראָווינץ און האָט איצט געלעבט אין דער הויפּטשטאָט און געאַרבעט אין אָט דעם שפּיטאָל... ווי אזוי זי איז אָנגעקומען צו מיר? דאָס האָט זיך גע־מאַכט כמעט פון געוואוינקייט: צו ערשט איז זי געקומען מיר מאַכן אָן איינ־שפּריץ פון די אינזשעקציעס, וואָס איך האָב געדאַרפט מאַכן צוויי מאָל טעגלעך, איז זי געקומען זיי מיר מאַכן. דאָס הייסט, אז די ערשטע האָב איך געמאַכט אין דער קליניק, אָבער די צווייטע האָט זי מיר געמאַכט אין דער היים. און אז זי איז שוין אָנגעקומען צו מיר אַהיים, געוואָרן היימי־שער מיט מיר, האָט זי שוין אין איין וועגס געמאַכט א ביסל ריין אין מיין צימער. דערנאָך האָט זי שוין געמאַכט א קאַווע און מירביידע האָבן גע־טרונקען און געפּלוידערט. היינט אזוי, מאָרגן אזוי, ביז מיר האָבן זיך איינ־

פארשטאנען אז מיר זאָלן חתונה האָבן... ווי אזוי עס איז געשען — האָט איר געפרעגט — איצט וועל איך אייך ענטפערן אויף אייער פראגע:

... איך וועל אייך דערציילן — האָט קאָפּמאַן פאַרגעזעצט מיט א שעמעוודיקן שמייכל — נאָר איר זאָלט פון מיר נישט לאכן... האָב איך גע־נומען אין א שיינעם טאָג, טאקע ביי א קאווע, וואָס מיר האָבן געטרונקען, און איר דערציילט די מעשה מיט משה מענדלסאָן. זי האָט דאָך ביז דע־מאָלט נישט געהערט פון אזא מענטש, האָב איך איר דערציילט: צוריק מיט א דריט האלבן יאָרהונדערט האָט געלעבט אין פרייסן א גרויסער יידישער געלערנטער, א פארשמטער פילאָזאָף, מיטן נאָמען משה צי מאָזעס מענדל־סאָן. מע דערציילט, אז ער איז געווען זייער גוט באפריינדט מיטן קייסער פרידריך דעם צווייטן, וועלכער האָט אים זייער געאכט צוליב זיין גרויסער חכמה... האָט זיך איין מאָל געמאכט, אז אָט דער גרויסער חכם האָט זיך באגעגנט טאקע ביי א קיניגלעכן באל מיט איינער א יפהפיה, נישט נאָר וואָס זי איז געווען א גרויסע שיינהייט. נאָר איז אויך געווען א טאָכטער פון א זייער גרויסן נגיד. נו, מיט דער צייט האָבן זיי זיך פארקנסט... דאכט זיך אז דאָס איז געווען אזא געלונגענער שידוך, אז לייטן האָבן זיי מקנא געווען. ווייל ער איז געווען באַרימט מיט זיין חכמה און זי מיט איר שיינקייט און עשירות... אפשר האָט זיי טאקע עמעצער אויפריכטיק מקנא געווען? מע קאָן דען וויסן?! אָבער די כלה, זי איינע האָט זיך נישט זייער מקנא געווען, ווייל דער גרויסער געלערנטער, דערציילט מען, האָט אויסגעזען כמעט ווי איך, א הויקערדיקער קריפּל... איז פרעג איך אייך, האָט געקאָנט גליקלעך זיין אזא כלה, אזא שיינקייט, אזא גבירס א טאָכטער?! איז איין מאָל ווען דער חתן איז געווען ביי זיי צו גאסט, ביי דער כלה זיינער, ווען מע האָט שוין געדארפט אָפּשמועסן דעם טערמין פון דער חתונה, האָט די כלה אויסגעבראָכן מיט א געוויין. זי האָט אים געהאלדזט און געקושט און געוויינט, זי האָט אים געבעטן אז ער זאָל איר מוחל זיין, וואָס טראָץ די אלע אָנשטרענגונגען וואָס זי מאכט, אים ליב צו באקומען, זי ווייסט דאָך אז זיין רום ווי א גרויסער געלערנטער, וואָס זיין גלייכן געפינט זיך נישט אין דער גאנצער מדינה פרייסן, שיינט איבער דער וועלט מער ווי איר שיינקייט צי עשירות — אָבער וואָס זאָל זי טון, אז ווען זי דערזעט אים, זאָל ער איר מוחל זיין, וואָס זי זאָגט עס אים אָפן דעם גאנצן אמת, קערט זיך ביי איר איבער די גאל... קאָן זי זיך באשליסן מיט אים חתונה צו האָבן?... אזוי ווי מענדלסאָן האָט דאָס אויסגעהערט, האָט ער זי אָנגעהויבן גלעטן איבער אירע שיינע

גאָלדענע האָר און איר געזאָגט צערטלעך, ציילנדיק די ווערטער ווי א פּראָפעסאָר אויף דער קאטעדרע: איך דאנק דיר פונעם גאנצן הארץ, וואָס דו ביסט געווען אזוי אויפריכטיק און אָפנהארציק צו מיר, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט דעם גאנצן נאקעטן אמת, וואָס דו פילסט ווען דו דערזעעסט מיך... נאָר איך בעט דיך איין זאך. איידער דו ווילסט צערייסן די תנאים, בעט איך דיך, אז דו זאָלסט מיך אויסהערן ביז צום סוף און דערנאָך ועסטו טון אזוי ווי דיין הארץ וועט דיר דיקטירן... און די לעגענדע דערציילט אז ער האָט איר דערציילט אזוי:

„אפשר האָסטו שוין געהערט, אז אין די אלטע ספרים ווערט דער־ציילט, אז פערציק טעג איידער דער מענטש ווערט געבוירן, ווערט דאָרט אויפן הימל אויסגערופן א מודעה: דער און דער בחור וועט נעמען פאר א פרוי דאָס און דאָס מיידל... אזוי געשעעט עס מיט יעדן, איידער ער ווערט געבוירן. אזוי איז געשען אויך מיט מיר. אָבער זעסטו, מיט מיר איז געשען א ביסל אנדערש. ווייל, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אָן דעם אז איך זאָל חוטא זיין מיט גאווה, אז א שארפן מוח האָב איך געהאַט שוין דע־מאָלט, אָדער ווי מע זאָגט היינט, א „קאָפּ פון א פילאָסאָף"... איז ווי איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך אויסגעשריגן: וואַרט איין מינוט! איך וויל זען ווער סע וועט זיין מיין כלה... קודם האָט מען זיך אויף מיר אומגעקוקט ווי אויף א משוגענעם, ווייל עס איז געווען, האָט מען געזאָגט, דער ערשטער פאַל, וואָס איינער וואָס גרייט זיך געבוירן צו ווערן איז געקומען מיט אזעלכע פּרעטענציעס, אז ער וויל זען זיין קומענדיקע באשערטע... אָבער אז איך האָב זיך איינגעשפּאַרט, ווי אַן עקשן, האָט מען מיר געמוזט נאָכ־געבן מיין בקשה (איך בין דאָך געווען דער קומענדיקער „מאָזעס מענדל־סאָן"!) און מע האָט מיר געוויזן מיין כלה, דאָס הייסט דיך... איך בעט דיך, האָב נישט קיין פאראיבל, וואָס איך וועל דיר זאָגן דעם אָפענעם אמת, אז ווי נאָר איך האָב דיך דערזען, האָט זיך ביי מיר איבערגעקערט די גאַל, אזא מיאוס פארזעעניש האָב איך פאר מיר דערזען. א קריפּל, א הויקער־דיק מיידל, וואָס א גאסן-קערער וואָלט זי נישט גענומען פאר קיין פרוי... האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען, צו וויינען: איך וויל נישט! גיט מיר אַן אנדערע כלה!... אָבער עס איז געווען אומזיסט דאָס וויינען, האָט מען מיר געזאָגט. דאָס איז א גזירה און א גזירה קאָן מען נישט ענדערן, ווייל דאָס איז מיין מזל. וואָס זשע איז מיר געבליבן צו טון? האָב איך געוואָרפן דעם גט צו די פיס: איך האָב פשוט געזאָגט אז איך וויל נישט געבוירן ווערן... שטעלט אייך פאָר, האָב איך געטענהט, אז א „מאָזעס מענדלסאָן",

וואָס איז א באַרימטער פילאָסאָף וועט אדורכשפּאצירן די גאס מיט זיין הויקערדיקן ווייבל, וועלן דאָך אלע נאָך מיר ווייזן מיט די פינגער און לאכן אין די פויסטן... ניין, איך וויל נישט געבוירן ווערן... גלייב מיר, מיין ליבע כלה, אז עס איז געווען זייער א נישט אָנגענעמער ספּעקטאקל. די מלאכים האָבן געטענהט אז זיי האָבן א פּלאַן, א פּראָגראַם. זיי מוזן אלץ טון אזוי, ווי אזוי עס איז זיי פירגעשריבן. די נשמות וואָס דאַרפן געבוירן ווערן האָבן קיין אנדערע ברירה נישט און זיי קומען אויף דער דאָזיקער וועלט, בעל כרחו, סיי זיי ווילן יאָ, סיי זיי ווילן נישט — און דאָ האָט זיך געטראָפן אן „אייבער־חכם“ (אזוי האָב איך געהערט ווי איין מלאכל האָט זיך אויסגעדריקט. ער האָט נישט געזאָגט „פילאָסאָף“ נאָר „אייבער־חכם“)... נו איז וואָס האָבן זיי געהאט צו טאָן מיט מיר, אז איך האָב געשריגן „ניין“, איך וויל נישט געבוירן ווערן? אמת, מע פרעגט דאָרט ווייניק צי דו ווילסט יאָ געבוירן ווערן צי נישט, פארגעס אָבער נישט אז זיי האָבן דאָס מאָל געהאט צו טון נישט מיט א סיי וועמען — זיי האָבן דאָך געהאט פאר זיך דעם קומענדיקן פילאָסאָף „מענדלסאָן“!... האָבן זיי זיך שואל־עצה געווען, איך ווייס נישט וועמען זיי האָבן געפרעגט, נאָר אזוי פיל ווייס איך, אז מע האָט מיר געגעבן א ברירה (און דאָ בעט איך דיך, דו זאָלסט זיין אויפמערקזאם!) יאָ מע האָט מיר געגעבן א ברירה: איך זאָל איבערנעמען דיין אויסזע, דאָס הייסט אז איך זאָל זיין שטאָטס דיר א הויקערדיקער, און דו זאָלסט זיין שטאָטס מיר דאָס וואָס דו ביסט היינט, א שיינקייט... נו, וואָס האָב איך געהאט אויסצוקלויבן? איך האָב זיך געטראכט, בעסער וועל איך זיין א הויקערדיקער פילאָסאָף (איך זע דאָך מיך בלויז אין שפיגל, און אין שפיגל מוז איך דאָך נישט קוקן!) און דו זאָלסט זיין מיין פרוי, דאָס הייסט די פרוי א זעלטענע שיינקייט... ווען איך וועל דיך זען, זאָל אין מיר וואקסן דאָס הארץ פאר שמחה... איצט זאָג דו, וואָס דו טראכטסט צו טאָן. ווילסטו זיין מיין פרוי, דאָס הייסט די פרוי פונעם הויקערדיקן פילאָסאָף מענדלסאָן, צי ווילסטו אז דו זאָלסט דיר צוריק באקומען דיין אויסזע, מיטן הויקער, און זאָלסט נישט זיין מיין פרוי...“ ווען די כלה פון משה מענדלסאָן האָט אויסגעהערט די מעשה, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין ווי אן אמתדיקע, אָבער פאקטיש איז זי דאָך נישט מער ווי א משל, האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען און דאָס מאָל אים שוין געהאלדזט און צוגעזאָגט, אז זי וועט זיך קיין מאָל נישט צעשיידן פון אים...

... ווען מיין מאַרגיט האָט זיך צוגעהערט צו אָט דער געשיכטע וואָס האָט געקלונגען אין אירע אויערן ווי א צויבערנדיקע לעגענדע, ווייל זי האָט נישט געהערט קיין מאָל נישט פון די יידישע מעשהלעך און מש־

לים, האָט זי אויך אָנגעהויבן צו וויינען. זי האָט מיך אויך ארומגענומען, געהאלדזט און צווישן די שלוכצן מיט טרערן האָט זי אויך געשעפטשעט, אז זי וועט זיך אויך קיין מאָל נישט צעשיידן פון מיר...

... איך וועל אייך זאָגן גאַנץ אויפריכטיק, חבר זעליקאָוויטש, איך האָב פארשטאנען אז דאָס קאָן נישט זיין קיין ליבע־חתונה. איך האָב דאָך נישט געקאָנט האָבן אזעלכע פרעטענציעס, ווייל זי איז דאָך געווען אזא יונגע און שיינע... מעגלעך אז זי האָט מיט מיר חתונה געהאט ווייל זי האָט נאָך נישט געהאט קיין וואוינאָרט אין דער הויפּטשטאָט? מעגלעך אז זי האָט זיך געלאָקעמעט אויך אויף מיין פּענסיע, פון וועלכער מע האָט קוים געקאָנט אויסקומען? איך האָב זיך דעמאָלט נישט געגריבלט אין דעם. סע האָט מיך נישט אינטערעסירט, ווייל וויכטיק איז דאָך געווען פאר מיר, וואָס כמעט אויף דער עלטער האָב איך געפונען א מיידל, וואָס האָט גע־וואָלט מיט מיר חתונה האָבן... זאָל איך זיך נאָך אינטערעסירן, פאר וואָס זי האָט עס געטון?! איך האָב געזען אז זי איז א נאָכגיביקע, אז זי האָט השגחה אויף מיר, איז וואָס האָב איך געדאַרפט מערער?... אָבער א פאקט איז, אז שפּעטער מיט א יאָר־צוויי, ווען מיר האָבן שוין געהאט א יינגעלע האָט מען מיך ווידער גענומען צום פאַרהער. מע האָט מיך גערופן צו דער קאָנטראָל־קאָמיסיע און מע האָט ווידער בודק געווען מיין טעקע, און — מע האָט מיך אויסגעשלאָסן פון דער באַוועגונג... דאָס מאָל בין איך שוין געבליבן אויך אָן דער פּענסיע.

(דאָ איז קאַפּמאַן שטיין געבליבן אויף א ווײַלע. ער האָט מסתמא געוואָלט אָפּמערקן א סוף קאַפּיטל, פון זיין דערציילונג, אָדער עס איז אים שווער אָנגעקומען פאַרצווזעצן ווייטער? ער האָט געוואַרט. אויף וואָס? איך זאָל אים איבערפרעגן? איך האָב נישט געהאט וואָס אים איבערצופרעגן, ווייל אזעלכע פאלן זענען דאָך געווען, איז וואָס איז זיך דאָ צו חידושן?).

— נו, און איר האָט אייך געלאָזט? — האָב איך ארויסגעשטאַמלט.

— וואָס הייסט, איך זאָל זיך לאָזן?! — האָט קאַפּמאַן פאַרגעזעצט. צופרידן וואָס איך האָב אים א ביסל אונטערגעטריבן, אז ער זאָל קאָנען דערציילן ווייטער — איך האָב דען געקאָנט שווייגן? שטעלט אייך פאָר, אז איך בין געבליבן אָן פּרנסה און נאָך דערצו מיט א קליין קינד. אמת, זי, מאַרגיט, האָט געארבעט ווייטער. אָבער קאָן מען דען לעבן פון דעם וואָס א קראַנקן־שוועסטער פאַרדינט מע זאָל אויסהאלטן א משפּחה, צו שפּייזן דריי מײַלער?!

... ניין, איך האָב זיך טאקע נישט געלאָזט. איך האָב געמאכט א „מעמאָריע“ (די באַרימטע „מעמאָריעס“!) און געגאנגען אויף „אוידיענצן“ (ווילט איר אז איך זאָל אויך דאָ באמערקן: „די באַרימטע אוידיענצן“?)... איר ווייסט וויפל מעמאָריעס איך האָב געמאכט און אויף וויפל אוידיענצן איך בין געווען?... ביז מע איז מסתמא זאט געוואָרן פון די מעמאָריעס מיינע און מע האָט זיי פשוט אוועקגעוואָרפן און נישט געלייענט מער, און אויף נייע אוידיענצן האָט מען מיך שוין מער נישט אויפגענומען... זיי האָבן דאָך שוין געקאָנט אויסנווייניק מיין געשיכטע, וואָס זשע זאָלן זיי אויסהערן?... נו, ביז וואָס ווען דאַרף מען דאָך פון עפעס לעבן, האָב איך אָנגעהויבן זוכן אן ארבעט. נאָר וואָס פאר אן ארבעט בין איך גאָר פעאיק געווען צו טאָן, און ווער האָט עס געוואָלט האָבן צו טון מיט אן „אויס־געשלאָסענעם“?

— און מאָרגיט? — האָב איך געפרעגט אזוי, אָן שום כוונות.

— וואָס „מאָרגיט“? וואָס זי האָט געזאָגט דערצו, וואָס איך בין געבליבן אָן פרנסה און געזעסן ליידיק, אז זי זאָל מיך דאַרפן אויסהאלטן?! ניין, זי האָט נישט געזאָגט גאָרנישט... אדרבה, זי האָט זיך אויפגעפירט ווי א צדקית. זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, טאקע דעמאָלט האָב איך זיך געקאָנט איבערצייגן, צום ערשטן מאָל, אז זי האָט חתונה געהאט מיט מיר אָן שום הינטער־כוונות. זי האָט דאָך מיך געקאָנט פארלאָזן דעמאָלט. זי האָט דאָך פון מיר גאָרנישט נישט געקאָנט דערוואַרטן, קיין שום מאטעריעלן ריווח. זי האָט דאָך גאָר מיך אויסגעהאלטן, נישט איך זי. און דאָך האָט זי אויסגעדויערט מיט מיר צוזאמען די אלע צרות וואָס איך האָב געהאט אויס־צושטיין. אדרבה, זי האָט מיך נישט איין מאָל געטרייסט און דערמוטיקט, אז איך זאָל נישט פארצווייפלען, אז מיר זאָלן לעבן שפּאָרזאם און מיר וועלן אדורכקומען אויך מיט קלענערע הכנסות... יאָ, אָבער מיט די באשיידענע הכנסות, וואָס זי האָט אריינגעבראכט, האָט מען קוים געקאָנט אויסלעבן. אויך ביים בעסטן גוטן ווילן.

...בין איך אריין ארבעטן זעצעריי... דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט געקענט נישט די מלאכה (פון וואנען זאָל איך זי קענען?), נישט איך האָב געהאט כוח דערצו. אָבער, איך האָב געהאט א מזל, וואָס דורך א באַ־קאנטן, בין איך אויפגענומען געוואָרן, און שפּעטער האָט ער מיך איבער־געשטעלט צו מאכן קאָרעקטורן... דעם אמת געזאָגט, אז אויך איצט בין איך געווען מער קראנק ווי געזונט. דאָס הייסט, אז מער אין שפּיטאָל ווי ביי דער ארבעט... די דאָקטוירים, וועלכע זענען שוין אויך זאט געוואָרן

פון „היילן“ מיך, האָבן מיך געעצהט: „מאַך דיר די פּאַפּירן אויף צו פּענ־סיאָנירן!“... אָבער אויף צו מאַכן די „פּאַפּירן“ צום פּענסיאָנירן האָב איך דאָך געדאַרפט אויפווייזן אַז איך האָב געאַרבעט ווינציקסטנס פופצן־צוואַנ־ציק יאָר, כדי צו האָבן אַ רעכט אויף כאָטש אַ קליינער פּענסיע, פון וואָס איך זאָל קאָנען לעבן. אָדער לכל־הפּחות צו באַווייזן, אַז איך האָב געאַר־בעט כאָטש צען יאָר, כדי צו באַקומען אַ קליינע סאָציאַלע הילף, פון וואָס מע קאָן נישט לעבן, אָבער אויך נישט שטאַרבן פון הונגער... איז פון וואַנען זאָל איך געווען נעמען „פּאַפּירן“ אויף אויפצואווייזן, אַז איך האָב „געאַרבעט“?... איז געבליבן אַז דער פּאָליטישער־אַרכיוו זאָל מיר געבן אַ צייגעניש אַז איך האָב געאַרבעט יענע „זיבן יאָר“ אין קעלערשטיבל און דערנאָך געזעסן אַכט יאָר אין דער תּפיסה, וועלכע ווערן אויך אַריינגע־רעכנט צו דער אַקטיוויטעט... יאָ, דאָס אַלץ איז שיין און גוט, אָבער דער פּאָליטישער־אַרכיוו האָט מיר אַזאַ צייגעניש נישט געוואָלט אַרויסגעבן, אַז איך זאָל חלילה נישט באַניצן זיך מיט אָט די פּאַפּירן און פאָדערן אַ פּאָ־ליטישע פּענסיע, ווי איינער וואָס האָט געליטן ווי אַן אַנטיפאַשיסט...

— איר האָט זיי עס דען נישט דערקלערט? — האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אים נישט איבערצורייסן.

— וואָס הייסט, איך האָב זיי נישט דערקלערט? — האָט קאָפּמאַן זיך ווי אויפגערעגט, וואָס איך פאַרשטיי נישט, וואָס ער רעדט צו מיר — איך זאָג דאָך אייך, אַז איך בין אַרומגעגאַנגען ווי מיט דער שיקע־שער, פון איינעם צום אַנדערן. דאָ איבערגעלאָזט אַ „מעמאָריע“, דאָרט סתּם אַ בקשה, דאָ געבעטן אַן אוידיענץ, דאָרט אַ השתּדלות, אין דער היים, אויף דערוואַרטונג פון אַ חבר, וועלכער האָט נישט געקאָנט צומאַכן די טיר פאַר מיר, ווייל ער האָט דאָך נישט געוואוסט וועד עס האָט אָנגעקלונגען...

אָבער אַלץ איז געווען אומזיסט. איך האָב נישט אָנגעטראָפן קיין אויערן, וואָס זאָלן אויסהערן מיין בקשה, וואָס האָט זיך געלאָזט באַגניגן מיט אַ פּשוטן צייגעניש, אַז איך האָב אין יענער צייט געאַרבעט. איר פאַרשטייט? איך האָב שוין נישט געפאָדערט אַז מיר זאָל מען געבן די רעכטן צו וועל־כע איך בין געווען באַרעכטיקט ווי אַ פּאָליטישער, אַנטיפאַשיסטישער, פאַרפאָלגטער. ניין, בלויז ווי אַ פּשוטער אַרבעטאָרער, וואָס האָט געאַרבעט ווי אַ זעצער און האָט דאָס רעכט אויף אַ פּענסיע, אָט דאָס האָב איך אויך נישט געקאָנט באַקומען... סע האָט אויסגעזען, אַז יעדער איינער וואָס האָט מיך אויסגעהערט האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז איבערצייגט אַז איך בין באַרעכטיקט צו באַקומען אַזאַ צייגעניש, אַז איך האָב געאַרבעט אַ געוויסן

פעריאָד, אָבער ווען עס איז געקומען דערצו, אז מע זאָל מיר געבן אָט יענעם צייגעניש, דעמאָלט האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אין א וואנט, וואָס איך האָב נישט געקאָנט אדורכברעכן, צי אריבער קריכן... ווייזט אויס, אז עמעצער האָט עס בשתיקה פארבאָטן, פשוט פארבאָטן, אנדערש קאָן זיך עס דאָך נישט דערקלערן...

— די אָנפירערשאפט האָט אייך נישט געקענט? — האָב איך געפרעגט משתומם.

— וואָס הייסט, נישט געקענט! — אָבער באלד האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל — איך מיין, הייגט מיין איך, אז טאקע דאָס איז געווען מיין אומגליק, וואָס זיי האָבן מיך געקענט... איינער וואָס איז נישט באקאנט, האָט זיך נישט אָנגעשלאָגן אין אזעלכע שוועריקייטן... איינער, וואָס האָט אין דער זעלביקער צייט געארבעט אין א דרוק, וואו מע האָט געדרוקט א פאשיסטישע צייטונג, האָט דאָך נישט באגעגנט קיין שום שוועריקייטן און באקומען אזא צייגעניש און, פארשטייט זיך, אז אויך א פענסיע...

(דעם אמת געזאָגט, האָט עס מיך שוין אָנגעהויבן לאנגווײלן, אָט דאָס שטענדיקע באוויינען זיך. איך וואָלט שוין געוואָלט פשוט פטור ווערן פון אָט דעם קאפיטל. סע האָט דאָך קיין זינען נישט, איצט זיך צו באַ־קלאָגן, אויף אזא זאך, וואָס איז שוין עובר... הייגט קאָן מען דאָך שוין נישט איבערמאכן דאָס וואָס איז געשען אויף יענער וועלט! האָב איך געפרואווט ארויספירן די דערציילונג אויף א גלייכן וועג):

— ביזן סוף — פרעג איך שוין א ביסל אויפגערעגט — האָט איר באקומען אזא צייגעניש צי נישט?

— איך זע — זאָגט קאָפּמאַן — אז איר האָט שוין אָנגעוואוירן דאָס געדולד... „ביזן סוף“? דער סוף איז א טראגי־קאָמישער... איך האָב קיין צייגעניש נישט באקומען. ניין, קיין שום צייגעניש, נישט אז איך האָב געארבעט, נישט אז איך בין געווען אין דער תפיסה, אין יענער, אין וועל־כער איך האָב געהאט אן „אינדיווידואליסטישע“ אויפפירונג... פאר וואָס איך האָב געהאט אזוי פיל צו ליידן.

...דער סוף? אזוי ווי איר האָט פארלוירן דאָס געדולד, אזוי האָב איך דאָך אויך געקאָנט פארלירן דאָס געדולד, אָבער איך האָב עס נישט געטאָרט טון. ווייל איך האָב געדארפט קעמפן צו באקומען מיינע רעכטן, כדי איך זאָל האָבן פון וואָס צו לעבן... פון אזא מין שיקן הין און הער איז גע־וואקסן מיין בלוטדרוק... שטעלט אייך פאָר: א מענטשל ווי איך, וואָס האָב אין גאנצן הונדערט און צען צענטימעטער די הייך, מיט א הויקער פון

פאַרנט און פון הינטן — איז וואו זאָל ארײַן אזוי פיל הארצפיקעניש, אין אזא קלײנער בריאה?! שטעלט אײַך פאָר, אז מיר איז גאָר לײַכטער אָנגע־קומען איבערצוטראָגן די שלעק וואָס איך האָב באַקומען בײַ דער געהײם־פּאָליצײ. זײ האָבן מיך געשלאָגן מכות רצח, איז האָב איך עס פארשטאַנען, אז אזוי דאַרף עס צו זײַן. זײ דאַרפן מיך ממיתן און איך דאַרף לײַדן און אויסדויערן און פארבײַסן די צונג און נישט ארויסגעבן קײן אײנעם פון מײַנע חברים, וואָס האָבן געבערענגט די כתב־ידן, אז איך זאָל זײ זעצן... דאָס איז געווען קלאָר: זײ זענען מײַנע שונאים, סײַ ווי אן אנטיפאַשיסט, סײַ ווי א ייִד — איז האָבן זײ דאָך דאָס „רעכט" מיך צו שלאָגן. אָבער איצט, פאַר וואָס דאַרף איך אויך איצט אזוי פיל לײַדן, פון מײַנע אײגענע חברים?... איז אײַך א וואונדער, וואָס דער בלוטדרוק האָט זיך צײַטנווײַז געהויבן און ארויף ביז כמעט דרײַסיק?!... נו, וויפל קאָן אזא מצב גע־דויערן? איז אין א שײנעם טאָג. נײן, עס איז נישט געווען בײַ טאָג — עס איז געווען אין א בײַנאַכט. דער בלוטדרוק האָט זיך געהויבן ביז, ביז... דאָס הארץ האָט געפּלאַצט...

— נו, חבר קאַפּמאַן — פּרוּוו איך אים טרײסטן — זענט איר כאָטש פּטור געוואָרן פון...

— וואָס „פּטור געוואָרן"? — חזרט ער איבער מײַנע ווערטער איראָניש — נאָר, אפשר זענט איר אויך גערעכט, איך בין טאַקע פּטור גע־וואָרן... אָבער איר, חבר זעליקאָוויטש — זאָגט ער מיט א שמײכל — זענט נאָך נישט פּטור געוואָרן פון מיר... איך האָב נאָך נישט געענדיקט די גאַנצע מעשה... ערשט איצט קומט דאָס קאָמישסטע, אָדער דאָס טראַגי־קאָמישסטע... דאַכט זיך, אז איך האָב אײַך געזאָגט: מאַרגיט, מײַן פרוי, איז דאָך נישט קײן ייִדישע... אָבער זי האָט זיך אָפּגעגעבן אז מע זאָל מיך באַערדיקן אזוי ווי מע איז זיך נוהג בײַ ייִדן, אויף א ייִדישן בית־עלמין, לויט די דינים און מנהגים... נאָך מער, בײַם אָפּענעם קבר האָט געזאָגט מײַן ייִנגל קדיש נאָך מיר. אָבער נישט דאָס וויל איך אײַך זאָגן. דאָס איז נישט אזוי וויכ־טיק... איך וויל אײַך זאָגן, אז אײדער מע האָט געזאָגט קדיש, האָט געהאַלטן נאָך מיר א הספד א חבר, וואָס איז געשיקט געוואָרן (מצד דעם אינסטיטוט פאַר דער געשיכטע פון דער באַוועגונג? מצד דעם פאַראײן פון די געוועזענע אנטי־פאַשיסטישע אינטערנירטע?) ער האָט אלײן נישט געוואוסט גענוי, אין וועמענס נאָמען ער רעדט. א פאַקט איז אָבער, אז ער האָט געהאַלטן א הספד און ווי בײַ א הספד האָט ער אויסגערעכנט אלע מײַנע שבחים, לויטער מע־שים־טובים... וואָלט מען מיר געוועזן געגעבן א צײַגעניש בלויז פאַר אײן

פראַצענט פון אַט דעם אויסגערעכנטן ביים אָפענעם קבר, וואָלט איך גאַנץ באַשטימט נאָך נישט געשטאָרבן... דאָרט אין קבר, איידער עס איז נאָך געווען פאַרשיט דער גרוב, איז מיר אָנגעקומען צו לאַכן. ווען איך האָב געהערט, בעת דער חבר האָט מיר אויסגערעכנט מיינע שבחים, האָט איינער א קאָלעגע פון יענער דרוקעריי, וואו איך האָב געאַרבעט, וואָס איז געקו־מען מיט א דעלעגאַציע און מיט א קרענצל בלומען, געזאָגט אויפן קול, כדי אַלע, אויך דער בעל־מספּיד זאָל קאָנען הערן: „ביז איצט האָט מען גאָרנישט געוואוסט אַז דער פאַרשטאָרבענער איז אַמאָל געווען א פּאָלי־טישער אינטערנירטער. איצט ווען ער האָט צוגעמאַכט די אויגן איז מען מיט א מאָל געוואויר געוואָרן?!“...

מסתמא צו פאַרגלעטן די געדריקטע שטימונג, וואָס סע האָט זיך גע־שאַפן ביי דער לוויה, האָט יענער „חבר“ געזאָגט צו מיין פרוי, טאַקע אַז אַלע זאָלן הערן:

— איר זאָלט מאַרגן, פרוי קאַפּמאַן, מוחל זיין אריינקומען, וועלן מיר מאַכן דעם דאָסאַר פאַר א פּענסיע, ווי א י. רש, פאַרן יינגל...

— נו זעט איר — זאָג איך מיט א פריילעכן טאָן — זעט איר חבר קאַפּמאַן, איז דאָך גוט, וואָס כאָטש אייער זינדל איז אויסגעזאָרגט!

— ווער „אויסגעזאָרגט“?... די פּענסיע ווייס איך נישט צו ער האָט שוין באַקומען... אָבער איך ווייס, אַז דאָ, ביים בית־דין של מעלה, האָט מען אריבערגעבראַכט אהער מיין טעקע, און ווען מע וועט מיך מישפּטן, וועט מען זען...

— וואָס איז דאָ צו זען? — פרעג איך קאַפּמאַנען פאַרוואונדערט.

— איך ווייס וואָס עס איז דאָ צו זען? דעם אמת געזאָגט, ווייס איך אויך נישט. אָבער דער קטיגור, ער האָט מיר געלאָזט אָנצוהערן, אַז איך בין נאָך נישט פּטור געוואָרן... ווען מע וועט מיך מישפּטן, וועט מען אויך יענע טעקע, וועגן מיין „אינדיווידואַליסטישער“ האַלטונג מיינער אין דער תפיסה נעמען אין באַטראַכט...

— ווי זאָל מען עס פאַרשטיין? דאָס וועט מען נעמען אין באַטראַכט צו די מצוות צי צו די עבירות? — האָב איך געפרעגט.

— לויט ווי ער האָט עס מיר געזאָגט, האָב איך געקאָנט פאַרשטיין, לויטן טאָן, אַז מע וועט עס לייגן אויף דער וואָגשאָל צווישן די עבירות.

— וואָס זשע האָט איר מורא?! וואָס קאָן מען אייך טון?

— וואָס מע קאָן טון? ווייזט אויס, חבר זעליקאָוויטש, אַז איר זענט דאָ נאָך א גרינער. איר קענט זיך נאָך נישט אויס, ווייזט אויס. איר ווייסט

נישט אז מע קאָן דאָ פאַראורטיילן צוריקגעשיקט צו ווערן אויף יענער וועלט?...

(איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. וועגן דעם האָב איך טאַקע ביז איצט נאָך נישט געהערט).

...יאָ, — האָט ער פאַרגעזעצט — דאָס איז די איינציקע מורא, וואָס איך האָב, אז מע זאָל מיך נישט פאַראורטיילן ווידער מגילגול צו ווערן און ווידער אַ מאָל געבוירן צו ווערן אויף יענער וועלט, און אָנהייבן אַלץ פון דאָס ניי...

— ווי איך זע, חבר קאַפּמאַן, האָט איר גאָר אין גאַנצן פאַרלוירן דעם גלויבן אין די מענטשן און אין דער מענטשהייט...

— ניין, איר וועט מיר אפשר נישט גלייבן, חבר זעליקאָוויטש, אָבער איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אז איך האָב נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער „מענטשהייט". איך בין נאָך היינט איבערצייגט, צי עמעצער וויל צי נישט, אז די צוקונפט פון דער געזעלשאַפט געהער דער נייער וועלט, צו וועלכער איך האָב אויך צוגעלייגט אַ האַנט, אז זי זאָל זיך דערנענטערן. מעג זיין דער וועג אפילו זיג־זאַגיק, מיט „אַרויפן" און „אַראָפּן", מעג זיין אז סע וועלן נאָך זיין אַזעלכע קרבנות, וואָס זאָלן האָבן צוליידן אַזעלכע עוולות ווי איך, וואָס זענען אויף דער מחיצה צווישן טראַגישן און קאָמישן, דאָך וועט די נייע געזעלשאַפט זיגן... איך בין איבערצייגט אין דעם, ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג און אויסוועג פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אָבער ווי אַזוי סע זאָל אויסזען אָט די געזעלשאַפט, זעט איר, אָט דאָס איז שוין אַן אַנדערע פראַגע... איין זאַך קאָן איך אייך זאָגן, אז אַזוי וועט זי גאַנץ זיכער נישט אויסזען. זי קאָן און טאָר אַזוי נישט אויסזען. אדרבה, וואָס שנעלער זי וועט בייטן איר אויסזע, מיט אַזוי פיל גיכער וועט זי זיגן אויף דער גאַנצער וועלט...

— לויט ווי איך זע — זאָג איך קאַפּמאַנען מיט אַ פּילדייטיק אָנצוהערעניש — האָט איר נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער „מענטשהייט", אָבער איר גלייבט נישט אין די מענטשן...

— אָט דאָס איז טאַקע דאָס אומגליק — זאָגט קאַפּמאַן מיט אַ שמייכל — וואָס איר, ווי זייער פיל, מאַכן אַ חילוק צווישן די „מענטשן" און דער „מענטשהייט". ווען מע וועט שוין נישט מאַכן קיין חילוק צווישן אָט די ביידע באַגריפן, ווייל זיי זענען דאָך נישט קיין צוויי באַגריפן, און זיי טאָרן נישט צעשייד ווערן, דעמאָלט וועט באמת קאָנען זיגן יושר, ווי סע האָבן געחלומט דורות... ניין, איך האָב נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין

די מענטשן. איך קאָן אייך געבן א ביישפּיל מאַרגיטן, מיין פרוי. זי האָט זיך דאָך ארויסגעוויזן צו זיין א צדקית. הגם זי איז א פשוטע פרוי פון דער פּראָווינץ, אָדער אפשר טאקע דערפאר וואָס זי איז א פשוטע פרוי, האָט זי ארויסגעוויזן אזוי פיל מענטשלעכקייט, אז אפילו ביי מיין קבורה, האָט זי געטון אלץ ווי סע האָט זיך געפאָדערט ביי די יידישע מנהגים. וויפל האָט איר געטראָפן אזעלכע נישט־יידישע פרויען?

(ווי! וואָלט קאַפּמאַן געוואוסט, וויפל סע מאטערט מיך מיין מצב, וואָס איך בין באַערדיקט געוואָרן אויף א צווינטער, טאקע פון מיין יידישער פרוי, וואָלט ער געוויס נישט גענומען אָט דעם ביישפּיל!)...

— דווקא אייער ביישפּיל — זאָג איך קאַפּמאַנען — מיט וועלכן איר ווילט באווייזן א רעגל, איז דאָך אן אויסנאם? א זעלטענער פאַל...

— ניין, דאָס זענען נישט קיין זעלטענע פאלן פון מענטשלעכקייט. איך וואָלט געקאָנט אייך ווייזן, און מסתמא ווייסט איר אליין אויך גענוג פאלן פון מענטשלעכקייט... איך האָב באגעגנט אין מיינע געראַנגלענישן פאר מיין גערעכטיקייט, נישט ווייניק חברים, וואָס האָבן מיטגעפילט מיט מיר, אָבער צו יענער צייט, אין יענע באַדינגען, אין יענער אטמאָספער האָבן זיי נישט געהאט קיין מאכט מיר ארויסצוהעלפן... אָט דאָס האָב איך פאַר־שטאַנען, אָבער דאָס בלויזע פארשטיין האָט מיר דאָך נישט פארלייכטערט די ליידן. אדרבה, דווקא דאָס האָט פארגרעסערט מיינע ווייטיקן... סע האָבן מיך ווי געטון די חבלי־לידה פון דער נייער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וועלכע שניידן זיך אזוי שווער א וועג, אז דער מענטש זאָל קאָנען ווערן אן אמתדיקער מענטש... נאָר, לאָמיך נישט זאָגן „האָפּ“, ביז איך האָב נאָך נישט געטון דעם שפּרונג. איך דארף דאָך נאָך געמישפּט ווערן אויך דאָ...

— ווען ריכט איר זיך צום מישפּט?

— גענוי קאָן מען דאָך נישט זאָגן, ווען סע קומט די ריי, ווייל א מאָל נעמט מען נאָכן אלף־בית, א מאָל נאָך דער עלטער און צו מאָל גאָר נאָך אן אינטערווענציע — איינס איז קלאָר: ווען מע רופט דארף מען גיין... אויף יעדן פאַל, דארף איך זיך ריכטן גערופן צו ווערן אין די טעג...

...קאַפּמאַנען האָט געמאטערט די דאגה וועגן קומענדיקן מישפּט זיינעם, און מיך האָט געמאטערט אן אנדערער געדאנק, און צוליב דעם בין איך שוין נישט געווען אויפמערקזאם אויף זיינע דאגות, פאר מיר איז געשטאנען איין גרויסער פּרעגצייכן: מאַרגיט האָט יאָ געקאָנט אים באַער־דיקן אויף א בית־עלמין, און מיינע, די יידישקע...

# אויך טביה דער מילכיקער האָט געהאַט טענות...

א לעבעדיקער מענטש, ווען ער איז פאַרזאָרגט, אָדער אויפגערעגט, קאָן ער נישט איינשלאָפן. ער דרייט זיך אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אנדערער און וויפל ער באמיט זיך איינצושלאָפן, אלץ מער קלעפן זיך אים נישט צו די אויגן... דאָס איז ביי נאכט. ביי טאָג מאכט זיך אויך, אמת זייער זעלטן, אז ווען א מענטש ווערט געמאַטערט פון עפּעס א געדאנק, וואָס ער קאָן אים נישט לייזן, ווערט אים אלץ דערווידער. ער וויל פון גאַרנישט וויסן און אפילו פון גאַרנישט הערן. אין אזא צו־שטאנד איז מעגלעך אז דער מענטש זאָל זיך איזאָלירן און זיצן אין שטוב א גאנצן טאָג כדי ער זאָל קיין מענטש נישט זען פאַר זיינע אויגן... אין אזא מצב בין איך איצט געווען. איך בין געלעגן אין מיין קבר און צום ערשטן מאָל זינט איך זיץ דאָ, וויל איך זאָגן, זינט איך בין א מת, בין איך געבליבן אין מיין קבר, נישט נאָר ביי טאָג, ווען דאָ איז נאכט, נאָר אויך ביי נאכט, ווען ביי אונדז הייסט עס „טאָג", בין איך דאָך נישט ארויסגעגאנגען פון מיין קבר... איך בין געלעגן און געטראַכט און גע־טראכט: ווי אזוי זאָל איך פאַרשטיין אזא מאָדנע עסק? די פרוי פון מאָטיע קאָפּמאַן, יענע מאַרגיט (זי איז מיר שוין אזוי היימיש געוואָרן זינט איך הער אזוי פיל רעדן וועגן איר שיינקייט און ערלעכקייט!), איז נישט קיין יידישע. אדרבה, זי איז א קאַטוילישע, וואָס געוויינטלעך זענען זיי, יענע מין פרויען, נאָך מער פאַרביסן אין זייער אמונה און אפילו אָבערגלויבעכץ — זי האָט זיך באמיט צו באַערדיקן איר מאַן, וועלכער האָט אויסגעזען אזוי ווי ער זעט אויס, אויף א יידישן בית־עלמין מיט אלע פּיטשעווקעס. אלץ האָט זי געטון נאָכן יידישן דין און מינהג. אפילו דער זון אירער, וואָס איז לויטן יידישן דין קיין ייד נישט, סיידן ער איז געמלעט (גאנץ באַש־טימט ווייסט זי עס. סע קאָן דאָך נישט זיין, אז זי זאָל געוועזן פון דעם נישט געוואויר ווערן!), האָט זי געלאָזט זאָגן קדיש נאָכן פאָטער... בעת מיין פרוי, וואָס איז א יידישע, אויפגעוואקסן אין א טראַדיציאָנעלער היים, כאָטש מיר האָבן שוין אין אונדזער שטוב נישט זייער אָפּגעהיט קיין יידישע מינהגים, אָבער דאָך איז עס געווען א יידיש הויז, מיט א נאַציאָנאַל־יידי־שער שטימונג — ווי אזוי האָט זי געקאָנט מסכים זיין אז מע זאָל מיך באַערדיקן אויף א צווינטער?! זי האָט דאָך געקאָנט וויסן, אז ווען דאָס

זאָל געווען פאַרקומען מיט מיין וויסן, צי נאָך מיין ווילן, וואָלט איך דאָך קיין מאָל נישט מסכים געווען אויף דעם... נישט ווייל איך בין (וואָס בין איך א שאָוויניסט?) אזא צדיק, נאָר פשוט, ווייל אזוי טוען דאָך אלע, אָדער לכל־הפחות דער גרויסער רוב. וואָלטן אנדערע חברים נישט געמאכט קיין חילוק צווישן קיין בית־עולם און קיין צווינטער, וואָלט איך דאָך אויך נישט געמאכט. אָבער אז אנדערע מאכן דווקא יאָ א חילוק, פאר וואָס זאָל איך נישט מאכן?

מע זאָגט, אז מסתמא האָט מען איר געלאָזט אָנצוהערן, אז אזוי וועט לייכטער זיין אז מיין טאָכטער זאָל אפשר האָבן א בעסערע פענסיע, ווי א יורש נאָך מיר... נו, איז וואָס? אָן דעם וואָלט זי קיין פענסיע נישט באקומען? איז דען די פענסיע א מתנה צי א נדבה? דאָס דארף זי דאָך באקומען לויטן געזעץ, אזוי ווי זי איז א מינדעריעריקע?!

...זי, קאָפּמאנס מאָרגיט, האָט זיך נישט געטראכט אז איר זון וועט אפשר באקומען א גרעסערע פענסיע? אדרבה, זי איז דאָך אין א פיל ער־גערן מצב געווען ווי מיין פרוי — פאר וואָס האָט זי זיך נישט געטראכט צו אזא אייגנצלהייט, בפרט ווען זי איז א קאַטוילישע?!...

עס איז מעגלעך, אז א מענטש וואָס האָט מיך נישט געקענט ביים לעבן, וואָס האָט נישט געוואוסט פון מיין טעטיקייט, זאָל מיך פאַראורטיילן. אָדער לכל־הפחות מיך נישט פארשטיין. אָבער וואָס גייט עס מיך אָן צי מע פארשטייט מיך יאָ אָדער נישט? דאָ, אויפן עולם־האמת, דארף איך שוין נישט אז מע זאָל מיך פארשטיין. דאָ וואָלט מיר געגוג געווען ווען איך גופא וואָלט מיך פארשטאנען... רעכטפארטיקן זיך בין איך דאָך נישט מחויב פאר קיינעם נישט, בלויז פארן בית־דין של מעלה. ממה־נפשך, איז עס א ייד, איז האָט ער נישט דאָס רעכט מיך צו מישפטן נאָר אין איין פאל, ווען ער האָט ביי זיין לעבן מער אויפגעטון פאר דער נייער געזעלשאפט פון מיר און איצט איז ער אויך באערדיקט דאָ, נעבן מיר, אויפן צווינטער; איז ער נישט קיין ייד, דאַן האָט ער דאָס רעכט מיך צו מישפטן נאָר אין איין איינציקן פאל, אויב ער איז געוואָרן באערדיקט מיט זיין רצון, צי אפילו אָן זיין רצון, אויף א יידישן בית־עולם... קיין אנדערער האָט נישט דאָס רעכט מיך צו אורטיילן און צו מאָנען ביי מיר חשבון, פאר וואָס איך בין נישט צופרידן דאָ, ביי מיר אין קבר...

קאָן מען מיט אזעלכע פינצטערע געדאנקען רוען אין א קבר?!

בין איך נישט ארויסגעגאנגען איין נאכט, א צווייטע און איך ווייס שוין נישט וויפל נעכט, פונעם קבר. איך האָב קיינעם נישט געוואָלט זען און מיט קיינעם זיך נישט געוואָלט באַגעגענען.

איצט, טראַכטנדיק אזוי, שוין אזוי פיל מעת־לעתן אין פינצטערן קבר, האָב איך אָנגעהויבן פארשטיין טביה דעם מילכיקנס פילאָסאָפירן... אייגנטלעך איז דאָך עס דאָס פילאָסאָפירן פון שלום־עליכמען גופא, וואָס האָט עס ארייגעלייגט אין מויל פון זיין העלד:

„...און עס קריכן מיר אין קאָפּ אריין משונה־מאָדנע מחשבות און געדאנקען: וואָס איז אזעלכס ייד און וואָס איז נישט־ייד?... און פאר וואָס האָט גאָט באשאפן יידן און נישט־יידן?... און אז גאָט האָט שוין באשאפן יידן און נישט־יידן, פאר וואָס זשע זאָלן זיי זיין אזוי אָפּגעטיילט איינס פון דאָס אנדערע, נישט קאָנען אָנקוקן איינס דאָס אנדערע, גלייך ווי דער איז פון גאָט און יענער איז נישט פון גאָט?...“

און שלום עליכם גופא? האָט ער דאָך אויך זיך באדויערט, ווען ער איז געווען אין דער שווייץ, קראנק, עטלעכע יאָר פארן טויט — האָט ער געשריבן אין א בריוו: „סקוטשנע אָן יידן. טאָמער... טאָמער... איז נישטאָ אפילו, קיין בית־עולם, קיין יידישער בית־עלמין. ווי אזוי וועל איך קומען צו קבר ישראל?“ — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

# מיין ארויסטריט ביי קאָפּמאַנס מישפּט

אין א טאָג האָב איך געזען אויסגעקלעפּט מודעות, אז ווער סע קען דעם חבר קאָפּמאַן און ווייסט עפּעס עדות צו זאָגן, זאָל זיך מעלדן ביים בית־דין. אזוי פיל האָב איך געלייענט אין דער מודעה. פון אָט דעם האָב איך נישט געוואוסט אויף קלאָר, וואָס מע זוכט. וואָס פאַר אן עדותשאַפט זוכט מען. אזעלכע וואָס ווייסן עפּעס אים צו באַשולדיקן צי אזעלכע וואָס ווייסן עפּעס מלמד־זכות צו זיין, אים צו פאַרטיידיקן?

אזוי ווי פון דער מודעה האָב איך נישט געקאָנט מער דערפאַרן, האָב איך זיך גראָד געלאָזט צום בית־דין. דאָרט וועל איך זען, וואָס איך האָב צו טון.

... איך בין אָנגעקומען אין מיטן דערינען, ווען דער מישפּט איז געווען אין סאַמע פייַנלעכסטן מאָמענט. ווי איך האָב געקאָנט פאַרשטיין האָט מען דעם אָנגעקלאָגטן געהאַט אויסגעהערט (דאָס האָב איך נישט באַדויערט, ווייל די געשיכטע זיינע האָב איך דאָך שוין מער־ווייניקער געוואוסט, פון אים גופא!). אָבער דאָס וואָס סע האָט געזאָגט דער קטיגור, דאָס האָט מיר לייד געטון, וואָס איך האָב נישט געהערט. איך וואָלט באמת נייגעריק געווען צו הערן וואָס פאַר א באַשולדיקונגען מע האָט קעגן אים...

דער פאַרטיידיקער האָט עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז, אָבער איך האָב נישט געקאָנט הערן וואָס ער זאָגט (דעם אמת געזאָגט, גלייב איך נישט אויב עמעצער האָט אים יאָ געהערט!). איך האָב זיך נאָר געטראַכט, אז דאָס מזל פון אָט דעם אומגליקלעכן מענטש: אפילו אויך דאָ, אויפן עולם־האמת, האָט ער אויך אזא מין פאַרטיידיקער...

(איך וועל דאָ זאָגן אין האלבע לבנות: איך בין נישט קיין אָבערגלויביקער. איך גלייב נישט אין קיין מזל, צי גליק, אָבער איך בין דאָ דאָך געקומען צו דער מסקנה — אז עס איז דאָך גוט צו האָבן מזל... „אָן מזל זאָל מען נישט געבוירן ווערן!" פלעגט מיין מוטער זאָגן. אָבער דעמאָלט האָב איך נאָך נישט פאַרשטאַנען דעם גרויסן באַטייט פון אָט דעם ווערטל. ערשט איצט, אויך דאָ, אויפן עולם־האמת. האָב איך זיך נאָך מער איבערצייגט, אז אָן מזל זאָל מען אויך נישט — שטאַרבן!... מחמת איבעראַל דאַרף מען האָבן כאָטש א ביסעלע גליק — אפילו צום אומגליק!).

(צו אַט דער פאַראַנטעז דאַרף איך צוגעבן נאָך איינע: ווען איך האָב דערמאַנט מיין מוטער, האָב איך נישט צוגעגעבן „רוען זאָל זי אין ליכ־טיקן גן־עדן" ווי דער שטייגער איז, פון כבוד וועגן צו די עלטערן, צו זאָגן. ניין. איך האָב עס נישט פאַרגעסן און אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט. תמיד איז ביי מיר פאַרהייליקט געווען דער זכרון פון מיינע עלטערן, בפרט ווען זיי האָבן נישט געהאַט די פשוטע זכייה נישט צו זיין קיין קדושים... פאַר וואָס זשע האָב איך עס אויך איצט נישט געזאָגט, אַט דאָס ווערטל, אָדער אַנווינטשעניש? איז פשוט, ווייל עס איז איצט שוין נישט נויטיק. דעמאָלט, ווען איך בין געווען אויף יענער וועלט, האָב איך דאָך נישט געוואוסט, אַזוי ווי קיינער פון אונדז האָט דאָס דעמאָלט נישט געקאָנט וויסן, צי זיינע עלטערן האָבן זוכה געווען אָנצוקומען אין גן־עדן, איז האָט מען געדאַרפט עס תמיד אָנווינטשן. איצט אָבער, בין איך דאָך, אין אַ מזלדיקער שעה שוין דאָ, און איך ווייס שוין אַז מיין מוטער איז שוין אין גן־עדן און וואַרט אויף מיר דאָרטן, איז צו וואָס זאָל איך עס נאָך אָנווינטשן?!... פון וואַו איך ווייס אַז מיין מוטער איז שוין אין גן־עדן? איז וועל איך זאָגן, אַז דאָס בין איך מיר משער. דווקא ווייל איך ווייס נאָך נישט. ראשית איז זי געווען אַ צדקית און איז אומגעקומען אויף קי־דוש־השם ווי אַ צדקית, איז פאַר וואָס זאָל זי געווען נישט אָנקומען שוין לאַנג אַהין? צוליב מיר, איר זינדיקן זון! בין איך דען זינדיקער ווי אַנדע־רע?... נאָר בעסער לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן איצט. דאָס וועלן מיר באַהאַנדלען, ווען איך וועל געמישפּט ווערן. דאָ איז דאָך בדרך־אַגב דערמאַנט געוואָרן דער חלק גן־עדן פון מיין מוטער, נישט פון מיר. יאָ, דער לעצטער אַרגומענט, אַז מיין מוטער איז שוין אוודאי אין גן־עדן איז אויך דער, וואָס זי האָט מיך נישט דערוואַרט דעמאָלט, ווען איך בין אָנ־געקומען אַהער... מע האָט דאָך געזאָגט, אַז די נאָענטסטע קרובים וואָלטן מיך געדאַרפט אָפּוואַרטן, איז אַזוי ווי זי האָט מיך נישט אָפּגעוואַרט און נישט באַגעגנט ביי מיין אָנקומען אַהער, איז אַ בפירושער סימן אַז זי איז שוין אין גן־עדן... אָבער דאָ האַנדלט זיך דאָך נישט וועגן איר גופא, נאָר וועגן איר ווערטל וועגן מזל, אַז אַ מענטש זאָל בעסער נישט געבוירן ווערן איידער צו זיין אָן מזל... און אַט דער איצט געמישפּטער, צו וועמענס מישפּט איך הער זיך איצט צו, דער „איזאָלירטער" חבר קאַפּמאַן, אַט דער דאָזיקער איז טאַקע אָן אַ ביסל מזל)...

דער פאַרטיידיקער האָט געבאַמבלט עפּעס אונטער דער נאָז, גלייך ער וואָלט געזאָגט עפּעס אַזעלכס וואָס עס איז אים אַ בושה אַרויסצוברענ־

גען אויף די ליפּן נאָר ער איז נענויטיקט עס צו טון. סע האָט אויסגעוויזן אַז נישט קאַפּמאַן האָט אים אויסגעוויילט, אַז ער זאָל אים פאַרטיידיקן, נאָר אַז מען האָט אים געשטעלט מצד דעם בית־דין, כדי די פּראָצעדור זאָל זיין לויטן דין. נאָר פון יוצא וועגן. האָב איך זיך געפרעגט: צוליב וואָס טויג דאָ, אויפן עולם־האמת, אַזאַ מין סניגור!... דאָס האָב איך פאַרשטייט זיך געטראַכט ביי מיר, אָבער איך האָב פאַרגעסן וואו איך געפין זיך, פאַר אויפגעבראַכטקייט, און האָב אויפגעהויבן אַ האַנט, כדי מע זאָל זען אַז איך בעט דאָס וואָרט.

אין יענעם מאָמענט, האָב איך וויזט אויס פאַרגעסן, אַז איך בין אַ ווייסע קראָ... צו וואָס האָט מיר געטויגט אויפצוהייבן אַ האַנט? אַז אַלע נשמות, ריינע, ווייסע, אין לייוונטענע תכריכים, האָבן אויסגעדרייט די קעפּ און געבליבן פאַרוואונדערט פון מיין אָנוועזנהייט. ערשט איצט האָבן זיי דערזען אַז צווישן זיי געפינט זיך אַזאַ „פאַרפּרעמדטע נשמה" ווי איך. קודם האָבן זיי געמיינט (און אויך דער ראש בית־דין האָט אַזוי געמיינט!) אַז איך בין נישט קיין ייד און בין אַ פּשוטע נשמה, וואָס האָט פאַרבלאָנ־דזשעט פאַר נייגעריקייט בייצוזיין ביי דעם מישפּט פונעם „געוועזענעם חבר" קאַפּמאַן, אָבער אַז אויפן ראש בית־דינס פראַגע האָב איך געענטפערט. אַז מע רופט מיך בנימין זעליקאָוויטש, האָט מען תיכף דאָך געזען אַז איך בין נישט אָנגעטון צוליב געוויסע סיבות מיט קיין תכריכים.

— וואָס וויל די נשמה, אָנגעטון אין ציווילע קליידער? — האָט דער ראש בית־דין געפרעגט, גלייך ער וואָלט זיך נישט געוואָנדן צו מיר, נאָר אין אַ טיפן חלל, אין וועלכן ער האָט מסתמא מיך געמיינט.

— איך וויל שטעלן אַ פראַגע — האָב איך קוים, נישט געוואַגט, אַרויסגעשטאַמלט.

— אַ פראַגע? וועמען ווילט איר שטעלן אַ פראַגע און אין וועמענס נאָמען? — האָט דער ראש בית־דין שוין ברוגזלעך אַ דונער געטון.

איך האָב אים געפּרוואווט ענטפערן אויף זיינע פראַגן, אָבער נישט מיטן זעלביקן סדר, מיט וועלכן ער האָט זיי געשטעלט... דאָס איז שוין אַ באַקאַנטער אָנשטעל, נאָך בעת איך בין געווען אַ שול־יינגל. מע דאַרף אויסמיידן יענע פראַגן אויף וועלכע מע קאָן נישט געבן קיין גאָר קלאָרע תשובות, און מע זאָל זיך אָנכאַפּן אין יענע, אויף וועלכע מע איז זיכער אַז מע באַהערשט גוט דעם ענטפער. דאָס מאָל האָב איך אויך אַזוי געטון... איך האָב געענטפערט געוואַגט, כדי ער זאָל מיך נישט האַלטן פאַר איינעם וואָס וואַקלט זיך. אויך דאָס איז אַן אַלט מיטל: מע דאַרף זיך נישט לאָזן

באהערשן פון באפעלערישע ווערטער. אדרבה, מע דארף ענטפערן אפילו אויך א ביסל עזותדיק, וועט מען דאך מיך מוזן אויסהערן:

— די פראגע שטעל איך אין נאָמען פונעם אמת — האָב איך גע־רעדט הויך, גלייך איך וואָלט דאָ געווען דער קטיגור — מיר געפינען זיך דאך אויפן עולם־האמת, ניין? (די פראגע „ניין?" איז ביי מיר נישט געווען קיין רעטאָרישע, נאָר אן ענטפער, צי א רעאקציע אויף די איראָנישע שמייכלען, וואָס איך האָב דערזען אויף די פנימער פון די בייוועזנדיקע נשמות!) איז וויל איך רעדן אין נאָמען פונעם אמת, אויב עס איז מיר דערלויבט...

דער ראש בית־דין איז שוין אומגעדולדיקער געוואָרן:

— איך האָב דאָך אייך געפרעגט: וועמען ווילט איר שטעלן די פראגע ?

— אייך, דעם בית־דין וויל איך שטעלן א פראגע, צי איך קאָן זיך מעלדן צום וואָרט, אז איך זאָל דאָ, ביי אָט דעם פראָצעס זאָגן עדותשאפט?

— ווער האָט אייך אהער פארבעטן? — האָט דער ראש בית־דין מיך געפרעגט, אָבער דאָס מאָל שוין מיט א ווייכער קול. ער האָט שוין נישט געשריגן אזוי — דער קטיגור צי דער סניגור?! איז וועמען ווילט איר העלפן מיט אייער עדותשאפט, דעם באשולדיקער צי דעם פארטיידיקער?

— מיך האָט קיינער נישט פארבעטן, נישט דער פראָקוראָר און אויך נישט דער פארטיידיקער. איך בין געקומען אומגעבעטן, בלויז אויף דער איינלאדונג פון דער מודעה (פון וואו זאָל איך געווען וויסן אז די מודעה איז בלויז א פאָרמעלע?), איך וויל נישט ארויסהעלפן מיט מיין עדותשאפט נישט דעם קטיגור און נישט דעם סניגור — איך וויל ארויסהעלפן דעם בית־דין צו מישפטן לויטן אמת...

(איך האָב דערהערט ווי איין נשמה שעפטשעט אריין אין אויער איר שכן: אָט א נאאיווער, גרינער חתן!)...

— איך זענט א קרוב פונעם באשולדיקטן? — פרעגט דער ראש בית דין.

— ניין, איך בין מיט אים קיין שום קרוב נישט. אָבער איך פיל זיך נאָענט, נישט אזוי צו זיין [געוועזענעם לעבעדיקן גוף, ווי צו דער היינטיקער נשמה זיינער, אָבער דאָס איז נישט קיין קרובותשאפט, וואָס זאָל קאָנען פסלענען אן עדותשאפט...

(אין דער אמתן האָט מיך אפילו קאפמאן נישט גערופן צו זיין מישפט, אז איך זאָל פאר אים עדות זאָגן. איך האָב דאָך אים ערשט דאָ,

אויף דעם עולם נישט לאנג דערקענט, איז וואָס פאַר אַן עדות קאָן איך פאַר אים זיין? יאָ, אָבער איך אַליין האָב דווקא דערפילט דעם חוב, נישט לגבי אים, נאָר לגבי די חברים זיינע, וועלכע זענען דאָך געווען אויך מיי־נע, איך זאָל זיך מעלדן, אַז איך וויל עדות זאָגן, פאַרשטייט זיך, לטובה אים, אָבער בעסער געזאָגט, ווי איך האָב נאָך וואָס דערמאָנט, לטובת אונדז אַלע. דערפאַר האָב איך געוואָלט עדות זאָגן!).

— זאָגט מיר נאָך די שבועה — האָט דער ראש בית־דין געזאָגט

— איך שווער צו זאָגן דעם אמת, זייענדיק באַוואוסטזיניק אַז דאָ, אויפן עולם־האמת...

איך האָב דאָס אָפּגעזאָגט מער מעכאַניש ווי מיט ציטער, מיט וועלכן מע גיט אָפּ געוויינטלעך אַ שבועה, ווייל איך האָב דאָך גאָר נישט געהאַט צו זאָגן וואָס זאָל נישט זיין אמת, אָדער סע זאָל יאָ זיין אמת. איך האָב דאָך אין זינען געהאַט אים אַרויסצוהעלפן, אָדער בעסער געזאָגט, אַרויס־צוהעלפן די ריכטער, אַז זיי זאָלן נישט באַגיין דעם זעלביקן פעלער, וואָס מע איז באַגאַנגען לגבי אָט דער נשמה, ווען זי איז געווען נאָך אין אַ גוף. און איך האָב געמיינט, אַז איך קאָן אים אַרויסהעלפן אויך אפילו ווען איך זאָל גאָר נישט זאָגן, ווי אַ סתם עדותשאַפט, נאָר סע וואָלט געגנוג געווען ווען איך זאָל שטעלן עטלעכע פראַגן, כדי זיי אַרויסהעלפן צו פאַרשטיין אָט די נשמה, וואָס לויט מיין מיינונג, פאַרדינט זי אַז מע זאָל איר געפינען אַ זכות.

— וואָס ווייסט איר וועגן דער אָנגעקלאָגטער נשמה?

— איך ווייס כמעט גאָרנישט וועגן איר — האָב איך געענטפערט, טראָץ די חוזק־שמייכלעך, וואָס איך האָב באַמערקט ביים קטיגור און אפילו ביי די ריכטער, ווען איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט, האָב איך אויף אַ קול פאַרגעזעצט — איך בין אהער געקומען טאַקע זיך דאָ צו דערוויסן... דאָס הייסט, אַז איך וויל זיך דערוויסן וועגן דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט. וועגן דעם וואָלט איך געוואָלט דאָ זיך דערוויסן... איז דערלויבט מיר זיך אַרויסצוזאָגן אין דעם ענין אַ מיינונג, וואָס וועט אפשר ניצן ווי אַן עדותשאַפט...

— רעדט, זאָגט וואָס איר האָט צו זאָגן לטובת דער אָנגעקלאָגטער נשמה!

— טאַקע אָט דאָס — האָב איך געזאָגט — וואונדערט מיך: פאַר וואָס דאַרף איך זאָגן „לטובת דער נשמה“? די נשמה איז דאָך אַראָפּ־געגאַנגען אויף יענער וועלט גלייך מיט יעדער נשמה, וואָס איז אַראָפּגע־

שיקט געוואָרן פון אונטערן כסא הכבוד, מיט די זעלביקע מעלות און חס־רונות, וואָס יעדע נשמה האָט געוויינטלעך, איז פאַר וואָס מיינט איר אַז אָט די נשמה איז זינדיקער, פאַר וואָס האָט זי יעדער איינער, נאָך אויף יענעם עולם, נאָר פאַראורטיילט?... ווייזט מיר, איך בעט אייך, כאָטש איין מענטש, וואָס זאָל געוועזן זיך נישט אָפּשאָקלען פון איר און זי אויסמיידן? ווייזט מיר כאָטש איין חבר, וואָס זאָל איר געווען אַ מאָל געפינען אַ זכות?...

— וואָס האָט איר געמיינט—האָט מיך דער פּראָקוראָר איבערגעריסן — אַז די חברים האָבן צייט געהאַט צו פילאָזאָפירן? זיי האָבן געדאַרפט אין יענער צייט בויען אַ נייע געזעלשאַפט, נישט זיך אָפּגעבן מיט זוכן זכותים פאַר „אינדיווידואַליסטישע טענדענצן", וואָס זענען פרעמד דער נייער געזעלשאַפט...

— פאַר וועמען בויט מען די נייע געזעלשאַפט? — האָב איך מיט עזות זיך געוואַגט צו פרעגן דעם פּראָקוראָר, ווייל סע האָט מיר אויסגעוויזן, אפשר האָט זיך עס מיר טאַקע נאָר אויסגעוויזן, אַז ער האָט גערעדט הע־כער ווי מע וואָלט געדאַרפט, און דאָ, אויפן עולם־האמת, דאַרף איך דאָך נישט פאַרשווייגן, אַז עמעצער זאָל פּרוּוון מיך איבערשרעקן מיט אויפהייבן אַ קול קעגן מיר. וואָס האָב איך דען דאָ אָנצואָווערן? איך האָב אים איבער־געפרעגט, נאָך איין מאָל, אויך מיט אַן אַרויסרופערישן קול — זאָגט, פאַר וועמען בויט מען די נייע געזעלשאַפט?

אָט די פראַגע מיינע איז געבליבן הענגען אין דער לופטן, ווי אַ פויגל מיט אויסגעשפּרייטע פליגל, וואָס איז געבליבן הענגען און פליט נישט ווייטער. האָט ער געמוזט ענטפערן:

— וואָס הייסט פאַר וועמען? פאַר דער מענטשהייט!

אָבער דאָ בין איך אויפגעשפּרונגען פאַר כעס:

— אָט דאָ איז דער פעלער, חשובער חבר פּראָקוראָר, וואָס פיל האָבן טאַקע אַזוי געמיינט, אַזוי ווי איר האָט זיך דאָ אויסגעדריקט, אַז די נייע יושרדיקע געזעלשאַפט בויט מען פאַר דער „מענטשהייט". ניין, מיין חשובער קטיגור, נישט פאַר דער מענטשהייט דאַרף מען יושר און די נייע יושרדיקע וועלט, נאָר פאַר די „מענטשן"... וואָלט מען אין זינען געהאַט אַז אַלץ וואָס מע טוט, אַלץ וואָס מע בויט איז פאַר די מענטשן, און ממילא אויך פאַר יעדן מענטש באַזונדער, וואָלט מען זיך אפשר צוגעהערט אויך צו אָט די נשמות, וואָס זענען אָנגעקלאָגט און מיינסטנס פאַראורטיילט ווי „אינדיווי־דואַליסטן"... ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען — האָב איך אָנגעהויבן צו רעדן רואיקער, דאָס מאָל נישט צום פּראָקוראָר, נאָר צו די ריכטער — ווי אַזוי

איז עס מעגלעך געווען, אז סע האָט זיך נישט געפונען קיין איין מענטש, וואָס זאָל נישט פּרוּוון כאָטש געפינען א זכות? איך האָב דאָך שוין פריער אָנגעהויבן צו דערקלערן, נאָר דער חבר פּראָקוראָר האָט מיך איבערגעריסן. ווי אזוי איז עס געשען, אז אָט די נשמה, וואָס איז אראָפּ אויף דער ערד, גלייך מיט אלע נשמות, איז וואָס איז געווען מיט איר, אז זי זאָל ווערן „אינדיווידואַליסטיש" און זאָל זיך אין א צייט איזאָלירן פונעם קאָלעק־טיוו?... איך וויל קיינעם נישט באשולדיקן, אָבער דערלויבט מיר צו שטעלן די פראַגע: וואָס האָט דער קאָלעקטיוו געטאָן? האָבן זיי געפּרוּווט ארויס־פירן אָט די נשמה פון דער איזאָלירטקייט? האָט דאָך דער קאָלעקטיוו גע־דארפט זען אין די מעשים פון דער נשמה, די רעזולטאטן פון זייער אייגענער טעטיקייט, פון זייער פארנאַכלעסיקטער דערציערישער טעטיקייט, וואָס זיי האָבן משפּיע געווען אויף אָט דער נשמה? די נשמה איז דאָך דער פּראָדוקט פון דער סביבה, אין וועלכער זי האָט געלעבט...

— מיינט איר — האָט דער פּראָקוראָר מיך ווידער אונטערבראָכן — אז די חברים האָבן צייט געהאט צו גריבלען זיך אין פּסיכאָאנאַליטישע פי־לאָזאָפיעס?

— ניין, איך האָב קיין טענות נישט — האָב איך רואיק געזאָגט — אז זיי זאָלן זיך געווען גריבלען, אָבער מענטשן, יאָ, מענטשן, דאָס האָבן זיי דאָך דווקא יאָ געדארפט זיין, כדי צו פארשטיין א צווייטן מענטשן?... זאָל מיר זיין דערלויבט צו דערמאנען דעם אוראלטן יורידישן פּרינציפּ נאָך פון די צייטן פון ירושלימער סנהדרין: אויב דער גאַנצער סנהדרין, אלע זיבעציק שופטים האָבן זיך ארויסגעזאָגט „חייב!", דעמאָלט איז דער אָנגעקלאָגטער ארויס „זכאי!". ווידער אויב דער גאַנצער סנהדרין האָט זיך ארויסגעזאָגט „אומשולדיק", דעמאָלט האָט מען דעם געמישפּטן פאר־אורטיילט... באטראכט אייך נאָר גוט, וואָס עס איז געשען: אויב עמעצער איז פאראורטיילט געוואָרן צום טויט, פאר א באגאנגענעם פארברעכן, אָבער דאָס איז געשען איינשטימיק, דעמאָלט האָט מען דעם פּסק־דין נישט אויס־געפירט, און דער פאראורטיילטער איז ארויס פריי. פאר וואָס? ווייל, האָט מען זיך דעמאָלט געזאָגט, אויב צווישן די אַלע זיבעציק שופטים האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל געווען מלמד־זכות זיין אויפן באשולדיקטן, איז א סימן אז מע באגייט א „יוסטיץ־מאָרד". די שופטים זענען מסתמא נישט געווען גענוג אָביעקטיוו, אָדער זיי האָט פארבלענדט אַן אנדערער סוביעקטיווער טעות... אָט דאָס איז געווען א הייליקער יורי־דישער פּרינציפּ, וואָס האָט אין זינען געהאט דעם „מענטש", דווקא דעם

מענטש, וואָס ליגט אין יעדן איינעם באַשולדיקטן — איך שטרייך אונטער, נישט די „מענטשהייט" האָט מען דעמאָלט אין זינען געהאַט, נאָר פּשוט דעם מענטש, יענעם וואָס מע האָט פאַראורטיילט און מע האָט אים אַרויסגעפירט צו דער תליה. יאָ, יענעם מענטש האָבן די סנהדרין געדאַרפט און מחויב געווען צו געפינען אַ זכות... און אויב זיי האָבן דאָס נישט געטאָן, איז געווען אַ סימן אַז זיי, די סנהדרין, האָבן נישט געטאָן זייער חוב...

— איר מיינט — האָט דער פּראָקוראָר ווידער איבערגעהוזרט — אַז די חברים האָבן געדאַרפט זיין פילאָזאָפישע פּסיכאָלאָגן?

— ניין, איך מיין אַז זיי האָבן געדאַרפט זיין נישט מער ווי פּשוטע מענטשן און טראַכטן מענטשלעך וועגן זייער מיטמענטש... וואָלטן זיי געטראַכט ווי „מענטשן" וואָלטן זיי גאַנץ באַשטימט אויסגעפינען, אַז צו זיין אַ מענטש, דאַרף מען אין אַלע הינזיכטן, אין אַלע ענינים, וואָס מע דאַרף דערלעדיקן — אויך אין יענע פאַלן, צי דווקא אין יענע פאַלן, ווען מע אורטיילט איבערן גורל פון אַ מענטש, בפרט פון אַן אייגענעם חבר...

— איר זענט אַליין געגנוג אַ „קאָמפּראָמיסלער" — האָט דער פּראָקוראָר אַ וואָרף געטון אַ באַשולדיקונג קעגן מיר גופא.

— זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערמאָנען דעם חבר פּראָקוראָר — האָב איך געזאָגט מיט אַ חוצפּהדיקן שמייכל, ווייל איך האָב דערפילט אַז די נשמות וואָס הערן זיך צו אויפמערקזאַם צו מיינע רייד זענען אויף מיין זייט — אַז איך בין דאָ נישט קיין אָנגעקלאָגטער. לעת־עתה בין איך דאָ אַן עדות, און אין אַזאַ מצב, וועל איך קיינעם נישט דערלויבן אַז מע זאָל מיך אָפּשרעקן מיט אַזעלכע עפּיטעטן ווי „קאָמפּראָמיסלער"... איך רעד דאָ פאַר אַ בית־דין, און פאַרן בית־דין, מיין איך, אַז איך האָב דאָס רעכט צו דערמאָנען יורידישע פּרינציפּן, אין דעם פאַל, פון די צייטן פון די סנהדרין, וואָס זענען „מענטשלעך" גערעדט, אייביק גילטיק, אין אַלע געזעלשאַפטן, בפרט אין אַזעלכער וואָס פּרעטענדירט צו זיין אַ יושרדיקערע ווי די פריערדיקע... איז אויב מע וויל מישפּטן, איז לויט מיין מיינונג, דאַרף מען צו אַלעם ערשט מישפּטן אָט יענע, וואָס האָבן געהאַלטן פאַרריגלט מיט זיבן שלעסער די טירן, וואו דער אָנגעקלאָגטער האָט געפּרואווט זוכן גע־רעכטיקייט און וואָס אייגנטלעך האָט ער דאָס געפאָדערט, פּריווילעגיעס פאַר זיך? ער האָט דאָך צום סוף זיך באַגניגט מיטן מינימום, וואָס אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, וואָס איז נישט געווען זיבן יאָר אין אַ קעלער־שטיבל און אַכט יאָר אין תפיסה, האָט עס באַקומען אָן שום שוועריי־קייטן?! באַרעכנט אייך גוט, אַז נישט אַ מאָל אַ צייגעניש, אַ פּשוט

צייגעניש, אז ער האָט געאַרבעט ווי א זעצער, ווי א פשוטער זעצער, שוין אָפּגערעדט פון די באַדינגונגען אין וועלכע ער האָט געאַרבעט און פאַר וועמען, נאָר ווי א פשוטער זעצער, אויך דאָס האָט ער נישט געקאָנט באַקומען. פאַר וואָס? ווייל ער איז געווען אַן „אינדיווידואַליסט״?! סוט נאָר א טראַכט, איך בעט אייך: יענער זעצער וואָס האָט געאַרבעט אין דער זעלביקער צייט, אין א דרוקעריי, וואו מע האָט געדרוקט די פאַשיס־טישע צייטונגען, יענער האָט באַקומען אַן שווערקייטן אַזא מין צייגעניש, און קיינער האָט אים נישט געפרעגט צי ער איז געווען אַן אינדיווידואַליסט צי נישט...

(איך האָב באַמערקט אַז דער ראש בית־דין האָט עפּעס אַריינגעשוש־קעט אין אויער צו זיין מיטריכטער פון דער רעכטער זייט, דערנאָך האָט ער זיך צוגעבויגן צו יענעם פון זיין לינקער זייט און אים אַריינגעשושקעט עפּעס אין אויער... איך האָב זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט, ווייל צו וועמען זאָל איך רעדן אַז זיי רעדן צווישן זיך?).

דער ראש בית-דין האָט זיך אויפגעשטעלט און געקלאַפּט דריי [מאָל מיטן הילצערנעם העמערל אין טיש:

— די זיצונג ווערט אָפּגעלייגט!

איך בין געבליבן משתומם: פאַר וואָס האָט מען אָפּגעלייגט די זיצונג? איז עס צוליב מיין חוצפּה? אפשר האָב איך טאַקע נישט געדאַרפט אַזוי שאַרף אָנגרייפן?

אָבער אַז מען האָט אָנגעהויבן זיך צעגיין, האָב איך באַמערקט, אַז אין דרויסן הויבט אָן טאָגן. נו, האָב איך זיך אויך געאיילט אין מיין קבר אַריין...

# אפשר וועל איך ווערן א סניגור?...

שפעטער מיט עטלעכע טעג, דאָס הייסט, מיט עטלעכע נעכט, האָט מיך אָפּגעוואַרט א נשמה, וואָס האָט זיך אזוי פּאַמעלעך, נישט געוואַגט צוגעשלייכט צו מיר, גלייך זי וואָלט געוואָלט ביי מיר בעטן א נדבה.

— האָט נישט קיין פאַראיבל — האָט זי אָנגעהויבן נישט געוואַגט — איך וויל אייך עפּעס פרעגן... איך האָב אייך געהערט רעדן, פאַר עטלעכע נעכט, דאָ אויפן פּראָצעס... איר זענט פון פאַך אַן אַדוואָקאַט?

— וואָס פאַלט אייך איין? — האָב איך זי דערמוטיקט מיט א שמייכל — פאַר וואָס האָט אייך אויסגעוויזן אַז איך זאָל זיין אַן אַדוואָקאַט? ניין, איך בין נישט קיין אַדוואָקאַט, אָבער, לויט ווי איך האָב זיך דאָ ארומגעקוקט האָב איך אין אכט גענומען, אַז מע האַלט מיך פאַר א נאַאיווען וואָס גלייבט טאַקע אַז דאָ איז דער עולם־האמת... נו, וואָס זאָל איך טון, אַז איך בין פאַרבליבן נאָך פון דער „אַלטער וועלט" וואָס גלייבט נאָך אין יושר?... מיך האָט ארויסגעבראַכט פון די כלים נישט אזוי דער ענין גופא, ווי דער טאָן, דער קטיגור האָט גערעדט, ניין, ער האָט געשריגן אויף אזא טאָן, גלייך ער וואָלט גאָר קיין מלאך נישט געווען, גיכער איז ער א שד... יאָ־יאָ א שד. סע קאָן זיין. אין דעם אויגנבליק איז מיר געקומען אין געדאַנק אַז ער איז טאַקע נישט קיין מלאך נאָר א שד. א שטן, אַן אשמדאי...

— און דער פאַרטיידיקער? — פרעגט מיך די נשמה.

— דער פאַרטיידיקער?! — האָב איך געענטפערט, ווי איינער וואָס האָט זיך נאָר וואָס דורכגעוועקט פונעם שלאָף און ער ווייסט נאָך נישט וואָס מע רעדט צו אים, אזוי בין איך געווען פאַרטראַכט פונעם גאַנצן ענין — יאָ, דאַכט זיך אַז איר האָט רעכט. עס איז אויך נישט זיכער אַז דער פאַרטיידיקר איז א מלאך. ווי סע ווייזט אויס, איז ער אויך נישט מער ווי א שד, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט, כּפעציעל פאַר אָט דער ראָלע פון א סניגור, אין די פליגלען פון א מלאך, אָבער פאַקטיש איז ער נישט מער פון א שד...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך צעלאַכט מיין מיטשמועסער — סע וואָלט מיך גאָרנישט געוואונדערט, אַז איר זאָלט אַנטדעקן, אַז אפילו דער גאַנצער בית־דין איז נישט מער ווי א באַנדע שדים...

איך האָב אים אָנגעקוקט, און נישט פארשטאנען, וואָס איך זאָל אראָפּלייענען פון זיין פארטרויערט פנים. שפּילט ער מיט מיר טעאטער? ווי וואגט ער צו לאָזן פאלן אזעלכע שווערע ווערטער?! אזוי רעדט דאָך נאָר א פּראָוואָקאטאָר... איך האָב גאָרנישט רעאגירט אויף זיינע רייד, איך האָב נאָר אָנגעשפּיצט די אויערן, פאָרזיכטיק, וואכזאם. צו וואָס טויג עס־קים מיט אזא מין פארשוין?

א ווײַלע האָט קיינער פון אונדז ביידע נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט. איך פון וואכזאמקייט, און ער, ווי סע האָט אויסגעוויזן, האָט ער זיך אָפּגעגעבן חשבון, אז ער האָט געלאָזט פאלן צו שווערע ווערטער, וואָס מע דארף זיי נישט ארויסרעדן פאר איינעם, וואָס דו קענסט אים נאָר פון איין טאָג...

כדי צו ראטעווען די לאגע האָב איך געפּרואווט אָנבינדן א שמועס מיט אים, אן אומשולדיקן שמועס, וואָס זאָל נישט קאָנען אויסגעטייטשט ווערן ווי אן אומהעפלעכקייט פון מיין זייט, צו א נשמה, וואָס איך האָב נאָר וואָס באגעגנט. האָב איך געפרעגט:

— ווי רופט מען אייך?

— משה דיאמאנט — האָט ער הייטערער געזאָגט. סע האָט זיך גע־זען אז ער פילט זיך דערמוטיקט און גייט ארויס פון זיין פארלעגנהייט, אין וועלכער ער גופא האָט זיך ארייַנגעלייגט, מיט זיינע אומפאָרזיכטיקע ווערטער, וואָס ער האָט געלאָזט פאלן קעגן בית־דין של מעלה...

— יאָ. האָב איך געוואָלט זיך שואל־עצה זיין — האָט דיאמאנט פאָרגעזעצט דעם געשפּרעך. גלייך סע וואָלט צווישן אונדז גאָרנישט געשען — אפשר וואָלט איר מיר געגעבן אן עצה... איך האָב אזא מין ענין... א ביסל ענלעך, צו יענעם, וועמען איר האָט געפּרואווט ארויסהעלפן מיט אייער עדותשאפט.

— איך האָב קיינעם נישט געוואָלט ארויסהעלפן — האָב איך אים קורץ איבערגעהאקט, מיך האָט נישט געגלוסט צו פארפירן א שמועס מיט אים. פאר וואָס? איך ווייס נישט פאר וואָס. נאָר מיר האָט די נשמה נישט געפעלן. סע האָט נאָך נישט פאסירט אז אייך זאָל אָנקומען שווער און איר זאָלט אפילו פילן אן אָפּשטויס צו איינעם, וואָס איר קענט אים נישט? מיר האָט זיך עס נישט נאָר איין מאָל געטראָפן, דאָס מאָל איז טאקע געווען אויך איין מאָל, וואָס איך האָב שווער אָנגעהויבן א שמועס מיט אָט דעם, אָבער נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך שוין ארייַנגעלאָזט אין שמועס, האָב איך באַ־

מערקט אז איך האָב אים געאורטיילט, אָדער פאראורטיילט נאָך איידער איך האָב עפּעס געוואוסט וועגן אים. יאָ, ער איז טאקע געווען א ביסל אָפּשטויסנדיק, זיין גאנצער אויפפיר, זיין רעדן, זיין באוועגן זיך וואָס איז געווען אזא פאַרזיכטיקער ווי איינער וואָס גייט אויף א גלעזערנער בריק... און תיכף האָב איך חרטה געהאַט: פאר וואָס זאָל איך אים אָפּשטויסן איידער איך האָב אים נאָך געקענט און זאָל זיך אויפפירן מיט אים אזוי ברוטאַל? האָב איך געפּרואווט אָנקניפּן ווידער דעם שמועס:

— מיט וואָס קאָן איך אייך ארויסהעלפן? אויב איר זענט ביי דער דאָזיקער מיינונג, איז לאָמיר הערן, וואָס פאר אן ענין איר האָט?

— מיין ענין — האָט דיאמאנט אָנגעהויבן שוין א ביסל פריילעכער. ער האָט באמערקט אז איך האָב געביטן מיין האלטונג צו אים — איז אויך פון דער דאָזיקער נאטור, הגם ער איז נישט אזוי טראגיש ווי יענער ביי וועלכן איך האָב אייך דערקענט. מיין ענין איז א ביסל גרינגער...

— איר זענט א מיטגליד? — האָב איך געפרעגט, הגם מיר האָט עס נישט אויסגעוויזן צו זיין וויכטיק פאר מיר, נאָר פשוט אזוי, כדי אים צוצואיילן, אז ער זאָל אָנקומען שנעלער צום תוך פון זיין ענין — איך וויל זאָגן, איר זענט געווען א מיטגליד?

— יאָ,ביידע זענען אמת. איך בין טאקע געווען א מיטגליד, אָבער איצט בין איך שוין פאָרמעל נישט מער...

— איצט — זאָג איך מיט א שמייכל — איז שוין קיינער נישט. דאָ איז דאָך נישט שייך... דאָ זענען דאָך נאָר „געוועזענע"...

— ניין, איר האָט מיך נישט פארשטאנען. איך בין שוין אויך דאָרט נישט געווען מער קיין מיטגליד, מע האָט מיך אויסגעשלאָסן... כמעט אזוי ווי יענעם חבר קאַפּמאַן.

— וואָס הייסט „כמעט"? — האָב איך איבערגעפרעגט צו דערפאַרן פּרטים.

— דאָס וויל הייסן, אז איך בין געווען, ווי מע פלעג זאָגן, אן „אי־לעגאליסט" ווי ער, בין געווען טעטיק אין דער באוועגונג, געצאָלט דעם מיטגליד־ביישטייער — ביז עס איז געקומען דאָס איבערפּרואוון די בילעטן, ווען מע האָט איבערגעקוקט יעדן חברס טעקע און דעמאָלט האָט מען מיך אויסגעשלאָסן...

— איך פארשטיי נישט — בין איך שטיין געבליבן פארחידושט — וואָס הייסט, אן א „פארוואָס" האָט מען קיינעם נישט אויסגעשלאָסן... איך

בין אויך געווען א מיטגליד, מיך האָט מען אויך איבערגעפּרואווט, אָבער מיך האָט מען נישט אויסגעשלאָסן.

— נו, וואָס זשע ווילט איר מיט דעם זאָגן — האָט חבר דיאמאנט אָנגעהויבן רעדן אויף א העכער קול — אויב מע האָט אייך נישט אויס־געשלאָסן, ווילט איר זאָגן אַז סע זענען נישט געווען אויך אַזעלכע פאלן ווי איך, וואָס מע האָט יאָ אויסגעשלאָסן, אויף וועלכער וועלט האָט איר געלעבט?!

— איך האָב געלעבט אויף דער זעלביקער זינדיקער ערד — האָב איך געזאָגט מיט א שמייכל כדי צו פאַרזיסן דעם שמועס, ווייל איך האָב דאָך שוין אָנגעהויבן פילן אין זיין שטימע אַן אויפגערעגטקייט, וואָס האָט פאַרדעקט זיין ביז איצטיקע באַשיידענע צוריקגעהאַלטנקייט. איך האָב גע־וואָלט אַרויספירן דעם שמועס אויף א נאָרמאַלן וועג, א רואיקן — אַן א פאַרוואָס האָט מען קיינעם נישט אויסגעשלאָסן, עפּעס האָט מען דאָך מסתּ־מא ביי אייך אויסגעפונען... אויב איר ווילט, ווי איר דריקט זיך אויס, אַז איך זאָל זיין אייער „אַדוואָקאַט״, איז דאַרף איך מיך קודם־כל באַקענען מיט אייער דאָסיער, מיט אייער טעקע...

— נו, טאַקע אָט דאָס איז געווען דער אומגליק מיינער — האָט ער אויך שוין גערעדט א ביסל זיסער — וואָס ווען מע האָט זיך אָנגעזעצט מיך צו איבערפּרואוון, צי איך בין א כשרער מיטגליד, האָט מען נישט אי־בערגעקוקט מיין אַנטיפאַשיסטישע טעטיקייט, דאָס הייסט אַז נישט מיך האָט מען איבערגעפּרואווט, נאָר מיין טעקע...

(ווידער א מאָל דאַרף איך מאַכן א פּאַראַנטעז. יאָ, איך האָב, ווייזט אויס טאַקע געמאַכט א פעלער, וואָס איך האָב אויך געוואָלט פאַראַנטווערטלען מיין מיטשמועסער, ווען איך האָב בכלל נישט געקענט, אפילו נישט זיין טעקע. דאָס איז מסתּמא אַן איבערבלייבסל נאָך פון יענער וועלט... דאָס הייסט, אַז איך בין אויך נישט פריי, אָדער איך האָב זיך נאָך נישט אין גאַנצן באַפרייט פון די אַלע געווירשנטע חטאים, וואָס זענען באַגאַנגען גע־וואָרן קעגן ערלעכע מענטשן!).

— מע האָט מיך בודק געווען, דאָס הייסט די פּראָצעדור איז געווען כמעט א נאָרמאַלע. מע האָט מיר געהייסן דערציילן מיין אויטאָביאָגראַפיע. מע האָט מיר געשטעלט פראַגן, אויף וועלכע איך האָב געענטפערט. אמת, סע האָט געדרונגען פון מיר דער קאַלטער שווייס, ווען איך האָב געדאַרפט ענט־פערן. ווייל א גרויסע צאָל פראַגן זענען דאָך געווען נישט קיין נאָרמאַלע. דאָס הייסט, נישט אַזעלכע וואָס אַן ערלעכער מענטש שטעלט אַן אַנדערן ער־

לעכן מענטש. אדרבה, סע האָט זיך געקאָנט מאכן דער איינדרוק, אז דאָס זענען טענדענציעזע פראגן, וואָס „איבערגעשפּיצטע״ האָבן זיך געקליגט אגי־דערצולייגן איינעם, ווי אין א געפעכט, איינעם וואָס דאלט זיך אויך פאר אן „איבערגעשפּיצטן״ חכם... אזוי האָט אויסגעזען דאָס בודק זיין מיינס, ווי א געראנגל צווישן צוויי אטלעטן — אָבער איינער האָט א געבונדענע האנט. יאָ, דאָס איז געווען דער איינציקער חילוק... אין מיין פאל, בין איך גע־ווען דער, וואָס האָט געהאט די געבונדענע האנט (איך וויל אז איר זאָלט מיך נישט שלעכט פארשטיין, אז איך באקלאָג זיך. ניין, אזוי האָט מען זיך אויפגעפירט אויך מיט אנדערע, נישט נאָר מיט מיר. כמעט יעדער געפרעג־טער איז דאָך געווען ווי געבונדן. ווייל דער וואָס האָט געפרעגט האָט דאָך נישט ריזיקירט מיט גאָרנישט. ער האָט געקאָנט פרעגן די גרעסטע נאריש־קייט, די גרעסטע גראָבקייט, די באליידיקנדיקסטע פראגע. אים האָט דאָך גאָרנישט געקאָנט פאסירן, אויך ווען סע האָט זיך ארויסגעוויזן אז די פראגע איז געשטעלט געוואָרן מיט דער גרעסטער פרעכהייט, מיט בייזוויליקייט (אין מיין פאל איז עס געווען אויך מיט שינאה, וואָס האָט ארויסגעוויזן א טיף באהאלטענע שינאה. יאָ, איך דערמאָן זיך, למשל, אז איינער א חבר, וואָס איז דווקא געווען גאנץ אן אָנשטענדיקער מענטש, האָט מיך געפרעגט, איך זאָל ענטפערן אויב מיינע עלטערן האָבן געהאלטן א דינסט ביי דער שטוב, און אויב איך דערמאָן זיך צי זי איז געווען א יידישע... און ווען איך האָב געענטפערט ווי א זיגער, ווייל מע האָט מיך נישט דערכאפּט, ווייל מיינע עלטערן האָבן באמת קיין מאָל נישט געהאט קיין שום משרת נישט ביי דער שטוב, נישט קיין יידישע און נישט קיין נישט־יידישע, ערשט דעמאָלט האָב איך באקומען דעם „טויט־קלאפּ“. דער זעלביקער חבר האָט זיך נישט געלאָזט און געשטעלט די צווייטע פראגע, אין שייכות מיט מיין ענטפער: „איז ווער זשע האָט ביי אייך איינגעהייצט אין די ווינטערדיקע שבתים?!“). יאָ דער פרעגער האָט גאָרנישט ריזיקירט. ער האָט געמעגט פרעגן סיי וואָס, ווייל אין תוך גענומען, האָט ער דאָך מיט זיינע פראגן „ארויסגעהאָלפן“ אי דעם חבר, וועלכן מע האָט איבערגעפּרואווט זיינע מע־שים, אי די קאָמיסיע וואָס איז בודק... יאָ, דער פרעגער איז געווען ווי פון פריער פּריווילעגירט, נאָר דער וואָס האָט געדארפט ענטפערן, אָט יענער איז געווען ווי פון פריער פאראורטיילט. ווייל דער אורטייל איז דאָך נישט אלע מאָל געווען אָפּהענגיק אָן די ענטפערס, וואָס ער האָט געגעבן...

בעת דיאמאנט האָט גערעדט, און גערעדט האָט ער מיט הארץ, ווייל איך האָב געפילט אז דאָס וואָס ער דערציילט זענען איבערגעלעבטע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אים איינגעקריצט טיף אין זיין באוואוסטזיין, ווי מיט א מעסער, און האָבן דאָרט איבערגעלאָזט א וואונד, וואָס האָט זיך נאָך ביז היינט נישט פארהיילט, הגם דאָס זענען שוין זאכן, וואָס געהערן צו דער פארגאנגענהייט...

— נו, דאָס אלץ איז דאָך שוין פאראיבער — וויל איך אים טרייסטן — איצט איז דאָך שוין נישט אזוי. היינט, ווייסט איר דאָך, אז סע געשעען שוין נישט מער אזעלכע עוולות... עס איז אינטערעסאנט — זאָג איך צו אים, כדי א ביסל אריבערצושפרינגען איבער אָט דעם פיינלעכן מאָמענט — וואָס אָט די אלע פרעגער, וועגן וועלכע איר רעדט, זיי גופא זענען דאָך אויך געווען „געפרעגטע“. מע האָט דאָך זיי אויך געשטעלט די זעלביקע קלאָץ־קשיות, איז פאר וואָס זאָל מען געווען נישט באגעגענען א צוריקהאלטונג, מיטן געדאנק אז מאָרגן וועט מען אים גופא שטעלן די זעלביקע „טענדענציעזע“ פראגעס...

— ניין — זאָגט דיאמאנט — איר האָט נישט תופס געווען דעם קערן פון דער זאך. אפשר איז עס ביי אייך אנדערש געווען, ביי מיר איז עס געווען גאָר אנדערש... נישט די יעניקע חברים, וואָס זענען געשטאנען פארן בודק זיין האָבן געפרעגט אָט יענע איבערגעשפיצטע פראגן... יענע האָבן זיך טאקע א ביסל צוריקגעהאלטן, דווקא פאר אָט דער מורא, אז מאָרגן־איבערמאָרגן זאָל מען אויך זיי נישט שטעלן אזעלכע מין פראגן. געשען איז עס אָבער מיט יענע וואָס זענען שוין אדורך די סכנה, וועלכע מע האָט שוין בודק געווען. אָט יענע האָבן דאָך שוין נישט געהאט וואָס מורא צו האָבן, איז וואָס האָבן זיי דען ריזיקירט?!... זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, דאָס בודק זיין איז פאָרגעקומען ווי מיט א קנויל שביי, וואָס קוילערט זיך בארג־אראָפּ, און מיט יעדן צענטימעטער שטח וואָס ער קוילערט זיך, נעמט ער אָן מער שביי אויף זיך און ער וואקסט אויס אין א ריזיקן קנויל... א קנויל אונטער וועלכן נשמות זענען צעריבן געוואָרן, אויף שביי־שטויב... קיינער האָט ווי נישט באמערקט, אז אונטער דעם ריזיקן שביי־קנויל ווערן צעדריקט מענטשלעכע לעבנס, מענטשלעכע נשמות, דווקא נישט קיין שונאים. ניין, דאָס רוב זענען זיי דאָך געווען אייגן בלוט און פלייש, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייערע בעסטע יאָרן פאר דעם אנטיפאשיסטישן געדאנק, זיי האָבן זיך באוואוסטזיניק מקריב געווען, זיי האָבן דאָך געוואוסט אז זיי דערוואַרט

נישט קיין קרעפּלעך, נאָר אכזריותדיקע שלעק מצד די געהיים־פּאָליצייאישע רוצחים, תפיסות – און דאָך האָבן זיי פאַרגעזעצט מיט איינגעשפּאַרטקייט, זיי האָבן נישט ארויסגערעדט קיין וואָרט וואָס זאָל פירן צו ארעסטן... און איצט? איצט ווערן זיי געמישפּט פון זייערע אייגענע חברים, וואָס האָבן יאָ אָדער נישט געליטן אזעלכע פּייניקונגען. ווייסט איר ווי שווער עס איז איצט אויס־צוהאלטן? עס איז פיל שווערער היינט, יאָ, היינט איז עס פיל שווערער אויס־צוהאלטן אָט די פּייניקונגען פון די אייגענע, ווי יענע ביי דער געהיים־פּאָ־ליציי. יענע זענען דאָך געווען די שונאים און האָבן עס געטון אָפן, אין נאָמען פון אויסראָטן דעם אנטיפאשיסטישן געדאנק, וואָס איז פארקערפּערט דורך אָט די געפאנגענע נשמות. איז אין אזא פאַל, האָבן מיר, די ארעס־טאנטן געהאט געגוג כוח אויסצוהאלטן, ווייל מיר האָבן דאָך פארטרעטן א הייליקן אידעאַל. אָבער איצט, ווען מיר שטייען אנטוואָפנט פאר דער צי־נישער באהאנדלונג פון טייל פון אונדזערע אייגענע חברים, איז פון וואו זאָלן מיר היינט נעמען דעם כוח אויסצוהאלטן?!...

— מע האָט אייך שוין געמישפּט? — האָב איך געפרעגט דיאמאנטן, כדי זיך באמת צו אינטערעסירן מיט זיין גורל, ווייל איך האָב דאָך גע־זען, אז ער רעדט נישט סתם אין דער וועלט אריין. דאָס וואָס ער זאָגט זע־נען דאָך טיילווייז אמתן, וואָס מע קאָן נישט אוועקמאכן מיט דער האנט.

— ניין, מע האָט מיך נאָך נישט געמישפּט — האָט דיאמאנט מיט א שמייכעלע געזאָגט, און מע האָט געזען אז ער וויל מיר זאָגן ווי צו איינעם וואָס מע האָט שוין צוטרוי — אָבער סע רוקן זיך צו די טעג, ווען מע וועט מיך רופן... איך האָב עס דערפאַרן פון מיין א באקאנטן, וואָס ארבעט דאָרט, ער איז א מין סעקרעטאר פון יענעם בית־דין...

— גוט, אז איר וועט שוין וויסן פונקטלעך דעם טערמין — האָב איך אים געזאָגט — איז זייט מוחל און זאָגט מיר, וועל איך אויך קומען צו אייער פּראָצעס... אָבער איידער מיר צעשיידן זיך, וואָלט איך אייך נאָך גע־וואָלט עפּעס פרעגן: פאר וואָס זענט איר אָנגעטון „ציוויל“, איך מיין, פאר וואָס האָט איר נישט אויף אייך קיין תכריכים?

— תכריכים? — האָט ער מיך אָנגעקוקט פארוואונדערט — וואָס מיינט איר, אז מע האָט מיך אויסגעשלאָסן, בין איך שוין קיין מיטגליד נישט?!

— וואָס האָט דען דאָס צו טון מיט מיטגלידשאפט?

— סע האָט... איך בין תמיד געווען אן „אינטערנאציאָנאליסט“, איז פארוואָס זאָלן מיר זיך אויסשיידן פון די איבעריקע, אויף א יידישן בית־

עולם, גלייך מיר וואָלטן געגאַנגען פּרייווויליק אין א געטאָ?... ניין, איך האָב עס אַזוי געוואָלט. איך האָב געלאָזט א צוואה, אַז מע זאָל מיך נישט באַ־ערדיקן אויפן יידישן בית־עולם, נאָר צוזאַמען מיט די אַנדערע חברים זאָל מען מיר מאַכן די צערעמאָניע אין דער קרעמאַטאָריע... איך האָב זיך אָפּ־געזאָגט פונעם קדיש, נאָר מע זאָל זינגען ביי מיין לוויה דעם „אינטערנאַ־ציאָנאַל"... ווי ביי די אַנדערע חברים...

— ביי וועלכע אַנדערע? — האָב איך מיר שוין אויך דערלויבט מיט אים אַן איראָנישע באַמערקונג — די אַנדערע האָבן זיך דאָך נישט געלאָזט פאַרברענען אין דער קרעמאַטאָריע, נאָר א קורץ שטיקל צייט, זייער א קורצע פּעריאָדע, שפּעטער זענען דאָס רוב, ניין, כמעט אַלע, זענען באַער־דיקט געוואָרן אויפן צווינטער... דווקא א טייל פון די יידישע חברים, בלויז זיי זענען נאָך פאַרבליבן ביי דער קרעמאַטאָריע...

— ווי אַזוי איר ווילט עס פאַרשטיין — האָט דיאַמאַנט געזאָגט א רעזיגנירטער — עס איז אמת, אַז שפּעטער האָט מען שוין נישט געפירט צו דער קרעמאַטאָריע נאָר די יידן, וואָס האָבן געוואָלט אַז די קבורה זאָל קאָסטן א ביסל ביליקער, צי אַזעלכע ווי איך, וואָס האָבן דעמאָנסטראַטיוו געוואָלט ווייזן, אַז הגם מע האָט זיי אויסגעשלאָסן, זענען זיי דאָך געבליבן געטריי צו דער באַוועגונג, אויך מיט דעם, וואָס זיי זענען געבליבן קאָנ־סעקווענטע אינטערנאַציאָנאַליסטן... און סע טוט מיר נישט באַנג, אויך איצט נישט, וואָס איך גיי נישט אַנגעטאָן איצט מיט קיין תכריכים... מיינט איר אַז אויך דאָ דאַרף מען זיין אָפּגעטיילט ווי אין א געטאָ, מיט יידישע בית־עלמינס און נישט־יידישע צווינטערס?!

— איז פאַר וואָס מיינט איר אַז מע וועט אייך מישפּטן דאָ ביי א יידישן בית־דין, טאָמער וועט איר קאָנען פועלן אַז מע זאָל אייך נישט אויס־טיילן און אייך מישפּטן צוזאַמען מיט די אַנדערע חברים? — האָב איך פאַרגעזעצט מיט מיין איראָניע, וועלכע ער האָט שוין דערפילט.

— ניין, דאָס איז אויך נאָך אַן איבערבלייבעניש פון יענע צייטן, ווען מע האָט געמאַכט א חילוק צווישן יידן און נישט־יידן. לויט מיין מיינונג איז דאָס דווקא אַן עוולה, וואָס איך בין זיכער אַז מיט דער צייט, וועט זיך עס אויפקלערן: מע דאַרף נישט קיין מערערליי בית־דינס, קריסטלעכע, יידישע צי בודיסטישע, אַלע חברים דאַרף מען מישפּטן דורך איין מין בית־דין... אַזוי איז מיין מיינונג. מע דאַרף נישט לייגן אויף די מצבות צלמ־לעך צי מגן־דודלעך, מע דאַרף לייגן איין פינף שפּיציקן שטערן, פאַר אַלע, פאַר אַלע...

— וואו וואוינט איר איצט? — דאָס האָב איך שוין נישט געפרעגט איראָניש ווייל איך האָב זיך איבערצייגט, אז איך האָב נישט מיט וועמען צו טרייבן איראָניעס. עס איז אַן אויפריכטיקער אינטערנאַציאָנאַליסטישער מענטש, וואָס רעדט לויט זיינע איבערצייגונגען (איך האָב געוואָלט זאָגן: „ער איז גאָט די נשמה שולדיק!“, אָבער איך האָב זיך תיכף געכאַפּט, אז דאָס איז נישט שייך צו זאָגן. מע דאַרף דאָך זאָגן אין אזא פאַל: „ער איז גאָט דעם גוף שולדיק!“... צי כאָטש: „ער איז דער באַוועגונג די נשמה שולדיק!“...). איך האָב פשוט געפרעגט, ווייל איך האָב געוואָלט דערפאַרן דאָס, וואָס איך ווייס נאָך נישט — איך מיין, אז קיין קבר, ווי איך צו אַנ־דערע האָבן, האָט איר נישט, איז וואו רוט איר אייך אָפּ?

— מיין „קבר“ איז דאָס קעסטעלע, אין וועלכן מע האָט אריינגעלייגט דאָס אש פון מיין פאַרברענטן קערפּער... נאָר אז איר פרעגט וועל איך אייך אינפאָרמירן, אז אויך ווען דאָס קעסטעלע אש איז שוין נישטאָ, דאָס הייסט, סע האָט זיך אויסגעשיט, צי עס איז פאַרלוירן געגאַנגען, דעמאָלט איז אויך דאָס רו־אָרט דאָרט וואו דאָס פאַרברענען איז פאָרגעקומען, דאָס הייסט, אין דער קרעמאַטאָריע... אזוי ווי ביי די אינדיאַנער, וואָס צע־שפּרייטן דאָס אש אויף אַלע שבעה ימים, זייער רו־אָרט איז אויך אויפן זעלביקן אָרט, וואו מע האָט זיי פאַרברענט, נישט דאָרט וואו מע האָט פונאַנדערגעבלאָזן זייער אש. נאָר לאָמיר זיך נישט פאַררעדן, אָט קרייען שוין די הענער — האָט ער געזאָגט און מירן זיך צעשיידן, אָבער לאָמיר אָפּשמועסן, אזוי ווי איר האָט מיר צוגעזאָגט, אז ווען איך וועל געוואויר ווערן פונעם טערמין פונעם מישפּט, דעמאָלט וועל איך אייך מודיע זיין...

מיט דעם האָבן מיר זיך צעשייד. עס איז געגנוג געווען פאַר היינט...

דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט חרטה געהאַט וואָס איך האָב זיך מיט אים באַקענט ער איז דאָך אויך נישט מער ווי א ווייסע קראָ — נאָר אויף אַן אנדערן אופן...

וואָס מע טראַכט ביי טאָג, חלומט מען ביי נאַכט... יאָ, אזוי איז עס אויף דער ערדישער וועלט. דאָ, אויפן עולם־האמת איז דאָך להיפוך — האָב איך געטראַכט ביי טאָג, וועגן מיין אויפגעבראַכטקייט פון ביי נאַכט.

האָב איך זיך געקלערט, אז די חומשדיקע מעשה, וואָלס מען גע־קאָנט דערציילן אזוי:

... ווען אָדם און חוה האָבן געבוירן זייער ערשט קינד (דאכט זיך אז עס איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער „קין“?), האָבן זיי זיך מוראַ־דיק פאַרטרויערט. ווי אזוי דאָס?! ער איז שטום, ער קאָן נישט גיין, ער הערט קוים — בקיצור, ער האָט אַלע חסרונות. האָבן זיי געמיינט אז אזוי וועט ער תמיד זיין, אויף זיין גאַנץ לעבן. פון וואַנען זאָלן זיי געווען וויסן אז יעדעס קינד ווערט געבוירן אומבאַהאָלפן און שפּעטער וואַקסט עס אויס? קודם וואַקלט עס זיך, לערנט זיך שטעלן א טריט, ביז סע גייט. קודם שטאַמלט עס, דערנאָך רעדט עס. אזוי גייט עס מיט אַלעמען, וואָס ביים אָנהייב זעען זיי אויס ווי „חסרונות“.

אמת, דאָס חומש דערציילט עס נישט. אָבער איך בין זיכער, אז סע האָט געקאָנט אזוי געשען.

איצט, ווען איך האָב זיך אזוי אויפגעבראַכט סיי פאַרן בית־דין, סיי ווען מע האָט געשמועסט וועגן אַזעלכע „חסרונות“ פון דער נייער געזעל־שאַפט, וואָס איז ווי א פריש־געבוירן קינד, איצט בין איך זיכער, אז אויך אין דעם פאַל איז עס אויך אזוי. די נייע געזעלשאַפט וועט אויסוואַקסן, שטעלן א פוס, אויך אפילו א נישט־זיכערן, שטאַמלט אונטער — אזוי לערנט זי גיין און רעדן, אזוי ווי סע האָבן געטראַכט און געחלומט יענע, וואָס האָבן זי גערופן צום לעבן...

מע דאַרף דען רישפּטן לויטן „נעכטן“. צי אפילו נאָר לויטן „היינט“?

— מע דאַרף זען אין דער פּערספּעקטיוו...

און די פּערספּעקטיוו, דאָס הייסט, דער „מאָרגן“ — דאָס ווייסט קיי־נער נישט ווי אזוי סע וועט אויסזען. איינס איז זיכער, אז „מאָרגן“ וועט זיין אַנדערש, בעסער, יושרדיקער.

די ביאָגראַפיע פון א מענטש מעסט זיך אין יאָרן, די היסטאָריאָ־גראַפיע פון דער מענטשהייט — מעסט זיך אין יאָרהונדערטער.

# גלויבן איז אָפּיום...

## וואָס איז כף־הקלע?

ווען איך זאָל געווען אים זוכן, ווייס איך נישט צי איך וואָלט אים ווידער באַגעגנט, אָבער דער צופאַל האָט גורם געווען, אַז מיר זאָלן זיך דווקא יאָ באַגעגענען. פון דער ווייטנס האָב איך אים באַמערקט, האָב איך אויסגעשריגן „וואָס טוסטו, קאַפּמאַן?״...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און האָט מיט אַ ווייטיקדיקן איראָנישן שמייכעלע, וואָס איז ביי אים געווען זייער זעלטן צו באַמערקן, מיר געזאָגט:

— איר קאָנט אייך נישט פאָרשטעלן, חבר זעליקאָוויטש, וואָס פאַר אַ זכרונות סע וועקן אין מיר אָט די ווערטער אייערע... איר גיט אייך גאַנץ געוויס נישט אָפּ קיין חשבון דעריבער, ווייל איר ווייסט עס נישט און האָט עס נישט פון וואו צו וויסן. אַלע חברים, מיט גרויסע בענקלעך אין דער באַוועגונג, פון די סאַמע העכסטע, פלעגן מיך אַזוי מקבל־פּנים זיין, סיי ווען זיי האָבן מיך צופעליק באַגעגנט, סיי ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין זייערע טירן, כדי צו זוכן מיין „רעכט״. שטעלט אייך פאָר, ווי ווייטיק עס איז פאַר מיר דעמאָלט געווען צו הערן יעדעס מאָל פון זייער מויל אויף יידיש, די אייביקע פראַגע זייערע: „וואָס טוסטו, קאַפּמאַן?“... דאָס יידישע לשון האָבן זיי דאָך אין די תפיסות אויסגעלערנט פון די יידישע חברים... אויך דעם אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיי געקאָנט זינגען אויף יידיש, און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער יידישע... איז אָט די היימישע גוט ברודערישע פראַגע: „וואָס טוסטו, קאַפּמאַן?“ איז מיר שוין אַזוי דערווידער געוואָרן, אַז ווען איך האָב זי געהערט אָט די פאַרשאָלטענע פראַגע, פלעג איך אין געדאַנק זיי ענטפערן: „גיי אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!...״ ווייל איך האָב געפילט דאָס צביעות, וואָס באַהאַלט זיך אויס׳הינטער אָט די פּאָר „היימישע“ ווערטער. פון איין זייט האָט עס געהייסן, „דו ביסט דאָך אַן אונדזעריקער“

מיר רעדן דאָך די זעלביקע שפּראַך, וואָס מיר האָבן אויסגעלערנט אין דער זעלביקער תּפיסה, אָבער פון דער אַנדערער זייט, זענען זיי אָפּגעקומען לגבי מיר מיט בלויז אָט די עטלעכע ווערטער, דערנאָך האָבן זיי ווייטער געקאָנט זאָגן א חכמהלע, אויף יידיש צי אויף זייער לשון און — געזוכט פּטור צו ווערן פון מיר, אָן אַן ענטפער, וואָס זאָל זיין א קלאָרער, אויב נישט קיין צוזאָג צו דערלעדיקן מיין ענין, איז זאָל זיין כאָטש אַן אָפּזאָג, אז איך זאָל וויסן וואו איך האַלט אז איך זאָל מער נישט אָנקלאַפּן אומזיסט אין זייערע טירן...

— איך בעט, איר זאָלט מיר מוחל זיין — האָב איך געשטאַמלט, זיך צו פאַרענטפערן — איך האָב דאָך דאָס אַלץ גאָר נישט געוואוסט... איך האָב בכלל נישט געוואָלט לאַכן פון אייך, איך מיין אז איר גלייבט מיר אין מיין אויפריכטיקייט...

— איך זאָג עס אויך אויף א שפּאַס — האָט קאַפּמאַן טאַקע געזאָגט לאַכנדיק — איך האָב נישט פאַר וואָס ברוגז צו זיין אויף אייך. איך ווייס אז באמת האָט איר טאַקע דאָס נישט געוואוסט, דערפאַר האָב איך עס אייך טאַקע געזאָגט... און איצט וועל איך אייך ענטפערן אויף אייער פראַגע, וואָס איך טו: איך טו טאַקע גאָרנישט. איך וואַרט אויפן פּסק-דין...

— וועלכע זענען די אויסזיכטן? — האָב איך געפרעגט — זענט איר כאָטש געוואויר געוואָרן, וואָס פאַר א סכנה סע דראָעט אייך?

— די סכנה איז נישט קיין קליינע — האָט קאַפּמאַן שוין טרויעריק געענטפערט — סע קאָן מעגלעך זיין, אז מע זאָל מיך פאַראורטיילן...

— וואָס הייסט פאַראורטיילן? האָט נישט קיין פּאַראיבל, וואָס איך פרעג אייך איבער איינצלהייטן, ווייל איך בין נאָך דאָ נישט גענוג באַ־האוונט. איך ווייס דאָס נאָך נישט וואָס פאַר א מין „פאַראורטיילן" סע קומען דאָ פאָר...

— איר האָט עס נאָך נישט דערפאַרן? איז וועל איך אייך זאָגן, אז אין מיין פאַל קאָנען זיין צוויי אַלטערנאַטיוון: אָדער מע זאָל מיך פאַראור־טיילן אויף יאָרן כף־הקלע...

— וואָס הייסט „כף-הקלע"? — האָב איך אים איבערגעריסן די רייד נאָך ביי דער ערשטער אַלטערנאַטיוו, ווייל געהערט האָב איך וועגן דעם נאָך אויף יענער וועלט, אויף דער ערדישער, נאָר דעם אמת געזאָגט האָב איך עס נישט געגלייבט מער ווי א לעגענדע...

— כף־הקלע הייסט, ווען מע לייגט אָפּ דעם פּסק־דין, און דאָס בית־דין זאָגט זיך נישט אַרויס, נישט קיין „חייב", וואָס הייסט צו פאַרמישפּטן צום גיהנום און נישט קיין „זכאי" וואָס הייסט צופּסקענען גן־עדן, נאָר די נש־

מה דארף זיך ארומוואלגערן אויפן עולם-התוהו. דאָס הייסט, אז דו ביסט נישט אהין און נישט אהער. נישט אין גיהנום און נישט אין גן־עדן... דו ביסט איזאָלירט פון דער איבעריקער וועלט ווי אמאָל א קרעציקער. קיינער וויל זיך מיט דיר נישט אָנזאָגן. די צדיקים ווייכן דיך אויס, ווייל קיין צדיק ביסטו דאָך שוין זיכער נישט. וואָלטסטו געווען געוועזן א צדיק, וואָלט מען דאָך שוין דיר געזאָגט דעם פסק־דין פון „זכאי" און פטור פון אן עסק: קאָנסט זיך פריי ארומשפאצירן וואו דו ווילסט אָדער דאָס הארץ גלוסט דיך, אפילו די טירן פונעם גן־עדן זענען דאָך פאר דיר אָפן... איז צו וואָס זאָלן זיך צדיקים קאָמפּראָמיטירן מיט אזא מין באקאנטשאפט? איז ווייכט מען דיך בעסער אויס... די רשעים מיידן אויך אויס אין אזא פאל: צו וואָס טויג זיי א מגע־ומשא מיט אזא מין פארשוין, וואָס נישט א מאָל קיין זיכע־רער רשע איז ער אויך נישט...

— וואָס, זיי ווילן זיך נישט קאָמפּראָמיטירן? — האָב איך געוואָלט זיך חוזקן אויף זייער חשבון.

— איר לאכט, חבר זעליקאָוויטש, אָבער א פאקט איז — זאָגט קאָפּ־מאן גאנץ ערנסט — אז אויך די רשעים מיידן אויס אזא מין נשמה. נישט ווייל זיי ווילן זיך נישט קאָמפּראָמיטירן, ווי איר האָט געוואָלט זאָגן. זיי האָבן טאקע שוין נישט מיט וואָס זיך צו קאָמפּראָמיטירן, ווייל זייער מצב איז דאָך שוין א קלאָרער... איר וועט אוודאי ווידער לאכן, אָבער איר זאָלט וויסן, אז די לאגע פון א רשע איז מער סטאבילער ווי פון א צדיק. ער האָט שוין גאָר נישט מיט וואָס צו ריזיקירן, ער זיצט זיך אָפּ אין גיהנום זיין טערמין און פטור! בעת דער צדיק, יאָ, קיין איין צדיק האָט זיך נישט אין די הענט... סיי ווען קאָן מען ווידער עפענען זיין דאָסאר, און ווידער איבערקוקן זיין פסק־דין און אפילו אָנהייבן פונסניי זיין משפט... דער רשע אָבער, האָט א מין זיכערקייט, וואָס גאָרנישט ריזיקירט ער שוין נישט. אים קאָן שוין ערגער נישט זיין (איר ווייסט וויפל צדיקים סע ציטערן אין גן־עדן, אז מע זאָל חלילה זיי נישט צוריק רופן צום משפט? איך בין זיי נישט מקנא! מער בין איך מקנא די סטאבילקייט פון א רשע... איך האָב קיין מאָל נישט ליב געהאט אומסטאבילקייט. איך האָב זיך תמיד געזאָגט: „בעסער אפילו אן אומגינציקער פסק־דין, אָבער א קלאָרער, ווי אן אומ־סטאבילער צוזאָג, צי סכנה, וואָס לויערט אויף א מענטש!") — איז צו וואָס טויג פאר אזא רשע א חברשאפט מיט א נשמה פון כף־הקלע?! ער ווייסט דאָך, אז מיט אים קאָן ער זיין נאָר א צייטווייליקער גוטער פריינד, בעת אין דער טיף פון זיין נשמה, ווארט ער דאָך אז מע זאָל אים מוחל

זיין און אים דערקלערן „זכאי“ און אים שיקן צווישן די צדיקים... צו וואָס זשע טויג פאר א רשע אזא מין חברשאפט? ניין, איך וועל עס אייך דערקלערן. איר האָט געקענט אויף יענער וועלט, אויף דער ערדישער, דעם מצב פון איינעם וואָס איז געווען צו דער דיספּאָזיציע פון דעם קאדערן־אָפּטייל?! אויב איר האָט אין אייער לעבן געגעסן אָט דאָס מין מאכל, דע־מאָלט קאָנט איר פארשטיין וואָס סע הייסט כף־הקלע. אויב איר האָט דאָס מאכל קיין מאָל נישט טועם געווען, זענען אומזיסט מיינע רייד, בין איך זיכער, אז איר וועט דאָס נישט פארשטיין...

– איך וועל אייך מודה זיין — האָב איך ווי פארשעמט געשטאמלט, אָבער געמוזט אָנערקענען, אז איך בין טאקע ממש א נאאיווער, וואָס האָב זיך נישט אויסגעקענט מיט די אַלע איינצלהייטן פונעם לעבן אין דער באוועגונג. הגם איך בין א לענגערע צייט געווען אן אקטיוויסט — אז איך ווייס טאקע נישט, וואָס פאר א טעם דאָס האָט, אָבער איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אז איך פארשטיי נישט, וואָס איז דאָס אזוי שווער צו זיין א גע־וויסע צייט צו דער דיספּאָזיציע פון דעם קאדערן־אָפּטייל? דאָס געהאלט צאָלט מען דאָך געוויס, ניין?

— נישט וועגן געהאלט גייט עס — האָט קאָפּמאן מיר געפּרואווט אויפקלערן, ווי ווען איינער א דערוואקסענער פּרואווט אויפקלערן א קינד, אזא פּשוטע זאך ווי דאָס וואָס דער רויך הייבט זיך אין דער הייך און לאָזט זיך נישט אראָפּ אין דער נידער — דאָ האנדלט זיך עס אין עפּעס אנדערש, ווי אין געהאלט. נישט וועגן דעם גייט עס. נישט אין געהאלט האנדלט זיך עס... שטעלט אייך פאָר, אז איר ארבעט אויף א פּאָסטן, (אויף א הויכן פּאָסטן, ווייל פון קליינע פּאָסטנס ווערט מען נישט „סוספּענדירט“ נאָר ממש „אראָפּגעשטעלט“, אָדער נאָך קלאָרער: „ארויסגעוואָרפן“, הגם מע זאָגט אויך „באפרייט!“) און אין א שיינעם טאָג רופט מען אייך... וואוהין מע רופט? אויך דאָס איז אָפּהענגיק פון מדרגה צו מדרגה. מע קאָן אייך רופן „ארויף“ און אייך דערקלערן, אז מע וויל אייך אָנטרויען א „וויכטי־קערע“ ארבעט. אָבער מע דארף דערווייל שטעלן אן אנדערן אויף אייער פּלאַץ, איז זייט מוחל און וואַרט א ביסל צו, ביז מע וועט אייך נאָמינירן אויפן העכערן פּאָסטן... סע זענען פאראן פאלן ווען מע רופט אייך צום קאַ־דערן־אָפּטייל און מען איז אייך מודיע, אז צוליב די פעלערן וואָס איר זענט באגאנגען, איר האָט געארבעט „סעקטאר, אָפּגעזונדערט, נישט אין קאָלעקטיוו“, ווערט איר „באפרייט“ פון דער ארבעט. מע זאָגט נישט פּאָסטן, אין אזא פאל. מע זאָגט „ארבעט“ (עס איז א גרויסער חילוק!). איז דער־

ווייל דארפט איר צוואווארטן כדי מע זאָל אייך אָנטרויען אַן אנדערע „אַר־בעט“, פאַרשטייט זיך, אַז אַ קלענערע ווי די וואָס איר האָט געהאַט ביז איצט. סע זענען אָבער פאַראַן אויך נישט ווייניק פאַלן, ווען מע רופט אייך אין ערגעץ נישט. סע קומט „עמעצער“ און זאָגט: „דערלאַנגט די שליסעלעך אָט דעם חבר!“ וועלכן איר האָט ביזן היינטיקן טאָג קיין מאָל נישט געזען, און אויב איר זענט נאָך אַן אומדערפאַרענער (און אַלע זענען מיר דאָך אַזוינע געווען!) און מיט אַ פולער מאָס נאַאיווקייט, ווילט איר פאַרשפּעטיקן די זאַך. איר ווילט אָנבאָטן אייער גוטן ווילן, אַז איר ווילט איבערגעבן אויך דעם אינווענטאַר, פאַר וועלכן איר האָט דאָס „אַחריות“, אָדער איר ווילט איניציאירן דעם נייעם חבר, וואָס וועט פון היינט אָן אַרבעטן אויף אייער אָרט, איר ווילט אים איבערגעבן אויך די פּראָבלעמען, וואָס איר האָט זיי אָנגעהויבן דערלעדיקן און איצט וועט ער זיי דאַרפן ענדיקן (דאַכט זיך אַז סע וואָלט אַזוי לאָגיש געווען, אַז איר זאָלט יענעם איניציאירן... אָבער צו וואָס טויג אייער לאָגיק? וועמען טויג אייער דער־פאַרנקייט?!) — מע זאָגט אייך קלאָרע דיבורים, קורץ און שאַרף: „מע דאַרף נישט“, „עס איז נישט נויטיק“... יאָ, שטעלט אייך פאָר אַז איר אַרבעט אויף אַ פּאָסטן, סיי וואו דאָס זאָל נישט זיין, מיינט איר דאָך גע־וויס, אַז דאָרט זענט איר דער אלף און דער תּוו, אָן אייך קאָן דאָך די דאָזיקע אַרבעט נישט אָפּגעטון ווערן, אַזוי מיינט איר, ווייל אַלע מיינען דאָך אַזוי, אין אַ געוויסער צייט. ווען מע דאַרף אָפּטרעטן דאָס אָרט, דער־זעט איר זיך אין אַ מצב, אַז איר זענט גאָר אַן איבעריקער אויף דער וועלט. נישט נאָר וואָס מע זאָגט זיך אָפּ פון אייערע אָנגעבאָטענע דינסטן, נאָר מע וויל אייך ממש מער נישט זען דאָרט, אפילו ווען איר באָט אָן אייער הילף מיטן בעסטן גוטן ווילן אַרויסצוהעלפן דעם נייעם חבר, ביז ער וועט זיך באַקענען מיט די פּראָבלעמען...

...שטעלט אייך פאָר, איר האָט געהאַט אַן ענין, וואָס איר האָט אין אים אַריינגעלייגט אַזוי פיל חיות, אַזוי פיל נשמה, נישט נאָר ווי אַ פּשוטער אָנגעשטעלטער, אָבער דאָס איז נאָך לעת־עתּה נישט פאַרענדיקט. מע דאַרף נאָך עטלעכע טעג, נישט מער, און איר וועט עס פאַרענדיקן, איר וועט האָבן אַ סאַטיספאַקציע, אַז איר האָט עפּעס אויפגעטאָן — און מיט אַ מאָל האָט זיך דער פאָדעם איבערגעריסן: סטאָפּ! מע דאַרף שוין נישט מער גאָרנישט פון אייך. אדרבה, מע פאָדערט פון אייך, אַזאַ קלייניקייט, אַז איר זאָלט נישט שטערן מער דעם גאַנג „פּאָרויס“. איר פאַרשטייט? ביז איצט האָט איר געמיינט, אַז אָן אייך וועט שטיין בלייבן דער סדר־

עולם, די זון וועט אין דער פרי נישט אויפשיינען, און אין אָוונט וועט זי אָן אייך נישט פאַרגיין — און פּלוצעם זענט איר געשטעלט פאַר אַ נייעם מצב: אַלץ געשעט, ווי געוויינטלעך, גאָר נישט פּאַסירט נישט אויסטער־לישס. אַלץ גייט זיך נאָכן אַלטן סדר, נאָר בלויז איר זענט אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם שפּיל... איר זיצט און וואַרט אַז מע זאָל אייך רופן צום קאַדערן־אַפּטייל און מע זאָל אייך „אַנטרויען" אַ נייע אַרבעט...

(בעת קאַפּמאַן האָט דאָס מיר דערקלערט מיט אַזאַ פייער, האָט ער נישט באַמערקט אַז סע האָט זיך צו אונדז דערנענטערט מיין חבר־שכן מיהאַי מאַנידעס. ער האָט זיך פּאַמעלעך צוגעשלייכט, גלייך ער וואָלט נישט גע־וואָלט שטערן און איבעררייסן דעם שמועס אונדזערן. אָבער אויך נישט ווילנדיק האָט ער דאָך געשטערט, ווייל ווי נאָר קאַפּמאַן האָט אים דערזען, האָט ער זיך אַ סעקונדע אָפּגעשטעלט און זיך געספּקט: זאָל ער ווייטער רע־דן, צי זאָל ער בייטן די טעמע? דאָס איז שווין אַן איבערבלייבסל נאָך פון „יענער וועלט", ווען אַזעלכע שמועסן האָט מען געפירט בלויז צווישן פיר אויגן — צווישן זעקס אויגן מיידט מען אויס אַזעלכע שמועסן, ווייל מע קאָן אַמאָל חרטה האָבן, ווען עס איז שוין צו שפּעט!).

... איך האָב אויך דאָס דאָזיקע מאכל געגעסן! — האָט קאַפּמאַן פאַרענדיקט, אויך אין דער אָנוועזנהייט פון מאַנידעסן.

— וועלכעס מאכל? — האָט זיך אַריינגעמישט אין די רייד מיהאַי מאַנידעס, אָבער תיכף צוגעגעבן — אויב עס איז נישט קיין סוד?!

— וואָס זאָלן מיר האָבן סודות דאָ, אויף דעם עולם — האָב איך אים געענטפערט העפלעך, פאַר וואָס זאָלן מיר אים אָפּשטויסן? גענוג איז פאַר אים וואָס ער איז צוגעשטאַנען צו אונדז, דאָס הייסט נישט אַזוי צו מיר וואָס בין אָנגעטון „ציוויל" ווי צו מיין פריינד מאַטיע קאַפּמאַן, וועל־כער טראָגט תכריכים, און לויט ווי איך האָב געזען פריער, האָט ער דאָך טאַקע עפּנטלעך אויסגעמיטן זיך צו ווייזן מיט יידן — איך וועל אייך זאָגן, ווענן וואָס פאַר אַ מאכל מיר רעדן: וועגן דעם מעטאָד פון שטעלן אַ חבר „צו דער דיספּאָזיציע פון דעם קאַדערן־אַפּטייל"...

— יאָ, פון דעם רעדט איר?! — איז מאַנידעס ווי הייטערער גע־וואָרן — דאָס מאכל האָב איך געגעסן אויף אַלע טעמים... אַי געזאַלצן אַי געפעפערט.

— איר זענט אויך אמאָל געווען „צו דער דיספּאָזיציע"? — האָט אים קאַפּמאַן איבערגעריסן.

— ווער איז נישט געווען? — האָט מאַנידעס איבערגעחזרט זיין פראַגע און פאַרגעזעצט — זעלטן, ווען איינער וואָס האָט געהאַט א פאַר־אנטוואָרטלעכן פּאָסטן, אז ער זאָל געווען נישט האָבן איבערגעקומען אָט אזא מין חיבוט־הקבר (איצט איז עס צום ערשטן מאָל, וואָס איך הער אויף אָט דער דאָזיקער „יענער" וועלט, אָט דאָס דאָזיקע וואָרט: חיבוט־הקבר. הגם מאַנידעס האָט עס באַניצט בלויז ווי א מעטאַפער, האָט עס מיך דאָך דערמאָנט א וואָרט וואָס איך האָב אין גאַנצן פאַרגעסן. זינט איך בין דאָ האָב איך דערפון גאָרנישט געהערט און פארשטייט זיך, אז אזעלעכס איז בכלל נישט פאַראַן!)... איר וועט לאַכן ווען איך וועל אייך דערציילן — זעצט פאָר מאַנידעס — אז איין מאָל, ווען איך בין געווען „צו דער דיס־פּאָזיציע" האָט מען מיר גאָר געהעכערט דאָס געהאַלט...

— דאָס הייסט טאַקע א מזלדיקער מענטש! — האָט אויסגערופן קאַפּמאַן.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — דערציילט מאַנידעס — אז איך האָב אויך נישט געוואוסט מיר צו פארטייטשן וואָס דאָס זאָל באַטייטן. ווען דער קאַסירער האָט מיר אויסגעציילט דאָס געלט, האָב איך זיך נאָך נישט געכאַפּט תיכף. אָבער ווען איך האָב איבערגעציילט נאָך איין מאָל דאָס געלט, האָב איך באַמערקט אז איך האָב באַקומען מיט אַן ערך פון הונדערט גילדן מער ווי געוויינטלעך... אז איך זאָל באַקומען ווייניקער, דאָס איז געווען מעגלעך, אויף אזעלכן האָב איך זיך געקאָנט ריכטן. אָבער מערער?! האָב איך זיך צוריקגעקערט צום פענצטערל פון דער קאַסע: „אנו, זעט נאָר, זייט מוחל. דאַכט זיך אז איר האָט זיך טועה געווען. איר האָט מיר געגעבן מערער ווי סע קומט מיר..." דער קאַסירער האָט מיך אָנגעקוקט פארוואונ־דערט, ווייל נישט זייער אָפט קומען מענטשן צו אים זיך באַקלאָגן אז זיי האָבן באַקומען מערער (דעם אמת געזאָגט, בין איך אויך נישט פון די וואָס באַקלאָגן זיך אז זיי באַקומען צו פיל. נאָר דאָ איז דאָך געווען א סכנה, אז שפּעטער מיט א צייט, ווען מע וועט אין אכט נעמען אז איך האָב באַקו־מען מערער ווי סע קומט מיר, וועל איך דאָך דאַרפן צוריק געבן דעם גאַנצן סכום, איז דאָך בעסער איצט צוריקצוגעבן, ווען איך האָב נאָך וואָס!), אָבער אז ער האָט געזען אז איך שטיי מיטן געלט אין די הענט, האָט ער דאָך גע־מוזט איבערקוקן און קאָנטראָלירן, צי עס איז טאַקע א טעות... נאָך עטלע־כע מינוט האָט ער זיך איבערצייגט אז איך האָב באַקומען טאַקע מערער ווי

געוויינטלעך, אָבער פאר וואָס, ווייסט ער נישט. אזוי האָט ער באקומען די ליסטע פון דעם קאַדערן־אָפּטייל... איך בין מיר געגאנגען מיין וועגס, אָבער רואיק האָב איך דאָך נישט געקאָנט זיצן. וואָס טו איך אז נאָך א צייט, ווען איך וועל אפשר נישט זיין ביי געלט, וועט מען זיך דאָרט ביי די קאַ־דערן דערמאנען אז זיי האָבן געהאט א טעות און מע וועט ביי מיר צוריק־בעטן די סומע, און דערביי מיר מאכן א פאָרוואורף אז איך האָב גענומען געלט, וואָס סע געהער נישט מיר און איך האָב געשוויגן?... מע וועט נאָך אָנהייבן צו קאָמענטירן אז „נישט צופעליק!"... בין איך אוועק צו די קאַדערן, זיך צו אינטערעסירן. וואָס מיינט איר בין איך דאָרט געוואויר געוואָרן?

— אז איר דארפט צוריק געבן דאָס געלט! — העלף איך ארויס מאָנידעסן דאָס דערציילן.

ניין — זאָגט מאָנידעס — איר האָט נישט געטראָפן. דאָרט האָט מען נאָכגעקוקט און מע האָט געטראָפן אז עס איז קיין שום טעות נישט. פרעג איך ווידער: „ווי אזוי זשע איז עס מעגלעך, אז איך זאָל באקומען מערער ווי אן אנדערש מאָל דווקא איצט, ווען איך טו גאָרנישט. איך בין דאָך „צו דער דיספּאָזיציע" און וואַרט אז מע זאָל מיר „אָנטרויען" אן אנדערע ארבעט?!"... האָבן זיי זיך איבערגעקוקט מיט פילדייטנדיקע בליקן און מיט גרינגשעצונג געשמייכלט: „חבר מאָנידעס, זאָגט איינער צו מיר, גייט אייך לחיים ולשלום, דאָס געלט איז אייערס און פרעגט נישט קיין שאלות. ווען מע וועט אייך באדארפן, וועט מען אייך רופן!"... איך בין אוועק מיט פאמעלעכע טריט, נישט פארשטייענדיק גאָרנישט פון דעם גאנצן עסק. נאָר אז מע זאָגט ביי די קאַדערן אז איך זאָל מיר גיין לחיים ולשלום, איז דאָך נישט שייך דאָרט זיך צו דינגען, אזוי זאָגט מען — איז אזוי מוז מען טון... בין איך אוועק. אָבער ווי איך האָב געמאכט עטלעכע שפאן, הער איך נאָכגיין נאָך מיר מיט איילנדיקע טריט. איינער, מיינער א באקאנטער, וואָס האָט געארבעט ביי די קאַדערן, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם גאנצן ספּעקטאַקל, איז ער מיר נאָכגעקומען, כדי מיר אויפצוקלערן דאָס רע־טעניש: „צוריק מיט א וואָך, זאָגט ער מיר בסוד, האָט מען אייך נאָמינירט אויף א פּאָסטן, די נאָמינאציע איז אונטערגעצייכנט געוואָרן, אָבער ביז מע זאָל אייך פארשטענדיקן, אז איר זאָלט אייך מעלדן צו אייער נייער ארבעט, האָט זיך דער אָפּטייל רעאָרגאניזירט. איר פארשטייט? און ביים רעאָרגאַ־ניזירן איז אייער פּאָסטן פארשוואונדן... אָבער די עטלעכע טעג, וואָס איר זענט דאָרט געווען איינקאַדרירט דארף מען דאָך באצאָלן, צי ניין? איז אָט

פון וואו סע קומט די דיפערענץ פון דער סומע וואָס איר האָט באקומען. איז קלאָר?״ פרעגט ער מיך מיט א שמייכל... יאָ, איצט איז שוין קלאָר, זאָג איך אים און דאנק אים פאר דעם גוטן ווילן וואָס ער האָט מיר ארויסגעוויזן, וואָס ער האָט מיך אויפגעקלערט, הגם איך פארשטיי דאָך אליין אז דאָס איז א קאדערישער סוד, און וועגן אזעלכע ענינים דיסקוטירט מען דאָך נישט... בין איך אוועק א צופרידענער. אָבער ביי מיר האָב איך זיך געטראכט: „וואָס פאר א מין פאָסטן איז דאָס געווען, וואָס פון איין זייט איז ער געווען אזא וויכטיקער, וואָס האָט גורם געווען אז בלויז פאר עטלעכע טעג, אין וועלכע איך האָב נישט געארבעט, האָב איך באקומען אזא סומע, מערער ווי געוויינטלעך, און פון דער צווייטער זייט, איז זי געווען אזא נישטיקע ארבעט, וואָס ביי דער ערשטער רעאָרגאניזירונג איז זי פארשוואונדן ווי אין רויך?״...

— אויף א מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיות — האָט קאָפּמאן געצויגן די מסקנות — און איר האָט דען געהאט וועמען צו פרעגן?!

— אָבער וועגן וואָס איז עס צו רייד געקומען? — פרעגט מאָנידעס, וועלכער איז דאָך ארייננגעפאלן אין מיטן דערין אין אונדזער שמועס — וועגן די פאלן פון „שטעלן צו דער דיספּאָזיציע“?

— דער חבר קאָפּמאן — זאָג איך — ווארט דאָ אויפן פסק־דין... מע האָט אים שוין דאָ ווי געמישפּט, אָבער מע האָט זיך נאָך נישט ארויסגעזאָגט דעם פּסק קעגן אים.

— פאר וואָס זאָגט איר „קעגן אים“? מוז עס דען זיין דווקא קעגן, עס קאָן דאָך זיין אז סע זאָל זיין „פאר אים“?! — פרעגט מאָנידעס.

— איך בין געוועןביים פּראָצעס — זאָג איך — און מיר האָט נישט געפעלן ווי אזוי דער פּראָצעס איז פארלאָפן... איך האָב זיך אפילו אויך ארייננגעמישט אָבער צי סע האָט געהאָלפן מיין אינטערווענץ, דאָס איז נאָך א לאנגס און א ברייטס... איז בין איך נייגעריק צו וויסן דעם סוף... איצט האָט מיר דער חבר קאָפּמאן אויפגעקלערט, וואָס סע קאָן אים דערווארטן: „שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון קאדערן־אָפּטייל“... וועלכע איז די צווייטע אלטערנאטיוו? — ווענד איך זיך דאָס מאָל צו קאָפּמאנען.

— די צווייטע אלטערנאטיוו איז — זעצט פאָר קאָפּמאן — אז מע זאָל מיך פאראורטיילן מיט דער העכסטער שטראָף.

אזוי ווי איך בין דאָך נאָך א גרינער, ווייס איך נאָך נישט וואָס סע הייסט די העכסטע שטראָף... אויף „יענער וועלט״, אויף דער ערד, האָב

איך געוואוסט אז די העכסטע שטראָף הייסט טויט־אורטייל. אָבער דאָ? פרעג איך:

— וואָס הייסט דאָ די העכסטע שטראָף?

— דאָס הייסט, ווען מע פאראורטיילט עמעצן צום לעבן — האָט מיר פארטייטשט מאָנידעס — דאָס הייסט, אז דער פאראורטיילטער מוז נאָך איין מאָל געבוירן ווערן.

קלאָר איז מיר נאָך נישט געוואָרן אויך איצט נישט, אָבער איבער־פרעגן האָב איך שוין נישט געוואָלט (וויפל מאָל איז אייך א זאך נישט געווען קלאָר און דאָך האָט איר נישט [געפרעגט, כדי איר זאָלט נישט אויסזען אין יענעמס אויגן נאָך א גרעסערער תם ווי איר זענט?!). איך האָב זיך משער געווען, אז דאָס זאָל הייסן א מין מגולגל ווערן, ווען וועלכן איך האָב דווקא יאָ עפעס געהערט נאָך אויף יענער וועלט... אָבער פארשטאנען האָב איך פון דער גאנצער מעשה, אז דאָס דארף זיין די הארבסטע שטראָף, גלייך מיט דער אמאָליקער טויט־שטראָף...

איז מיט דעם זענען מיר זיך צעגאנגען יעדער אין זיין קבר אריין.

# אפשר איז דער צד שכנגד גערעכט?...

ווען מיר האָבן זיך ווידער באגעגנט, אָבער דווקא נישט צופעליק, ווייל איך האָב געפילט אַז מאָנידעס האָט אויף מיר געוואַרט, האָט ער פאָרגעזעצט דעם שמועס אונדזערן, גלייך מיר וואָלטן זיך נאָר וואָס צעשייד... דעם אמת געזאָגט, האָב איך אים אָנגעהויבן זען אַנדערש, ווי אין אָנהויב. קודם איז ער מיר געווען נישט נאָר אַנטיפּאַטיש, נאָר איך האָב ממש געזוכט פון אים פּטור צו ווערן, אַז איך זאָל נישט דאַרפן זיך באַגעגענען מיט אים. עס איז דאָך שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך באַגעגן אַ מענטש, וואָס איז פון דעם ערשטן אויגנבליק אָפּשטויסנדיק, און דערנאָך, ווען מע קאָן אים שוין אַ ביסל בעסער, פון דער נאָענט, ערשט דעמאָלט זעט מען, אַז ער איז גאָר אַ סימפּאַטישער, און עס איז כדאי מיט אים צו פאַרפירן אַ שמועס. אַזוי האָט עס פּאַסירט אויך מיט אָט דעם חבר מאָנידעס. צו ערשט האָב איך אים געאורטיילט בלויז פון דער אייסערלעכער זייט, פון וועלכער ער האָט זיך מיר דעמאָלט באַוויזן, אַז ער שטעקט אַריין זיין קאָפּ אין זאַמד, ווי דער שטרויס, און מיינט אַז קיינער ווייסט נישט אַז ער איז אַ ייד. איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי קאָן זיך עס אַ מענטש אַזוי נאַרן זיך גופא? אָבער מיט דער צייט האָב איך אין אַכט גענומען, אַז דאָס איז זיינס אַ מאַניע (וועלכער מענטש האָט נישט קיין שיגעונען, מערער אָדער ווייניקער, אָדער מינדסטנס איינעם. אָן איין שיגעון איז דען גאָר אין גאַנצן פאַראַן אַ מענטש אויף דער וועלט?). איז וואָס זאָל איך אים איבעראַנדערשן? אויב ער איז דערגאַנגען ביז אַהער מיט אָט דער מאַניע, איז מוז ער שוין אַזוי פאַרבלייבן. דאָס איז דאָך נישט מיין אויפגאַבע אים צו ענדערן. דאַרף מען נעמען דעם מענטש, אַזוי ווי ער איז, און זוכן ווי ווייט עס איז מעגלעך אויסצומיידן אָט די דאָזיקע טעמע, ווייל אין אַנדערע ענינים קאָן מען דאָך מיט אים דיסקוטירן מיט פאַרגעניגן.

אמת, אַז צו דער מסקנה בין איך געקומען גענוג שפּעט. ווייל וואָלט איך געווען געוואוסט אָט די חכמה פונעם לעבן שוין פריער מיט עטלעכע יאָר, וואָלט איך דאָך געלעבט רואיקער, ווייניקער אומאָנגענעמלעכקייטן וואָלט איך געווען באַגעגנט, און וואָלט געווען געהאַט ווייניקער אויפרעגונגען... איך מיין אַז דער באַרימטער הילל, דער תלמודישער, האָט גע־

זאָלט לעבן מיט דעם דאָזיקן פּרינציפּ. ער האָט זיך דאָך קיין מאָל נישט אויפגערעגט. אויך יענע וואָס האָבן זיך איין מאָל געוועט און זיך געשטעלט פּאַר אַ ציל, אַז זיי זאָלן אים ארויסברענגען פון די כלים, איז זיי דאָס אויך נישט געלונגען. איצט, אַ ביסל צו שפּעט, בין איך אויך דערגאַנגען צו דער קלוגער לעבנס־פילאָזאָפיע, צו וואָס טויג דאָס אויפרעגן זיך, אויף אַ יעדער קלייניקייט? מע דאַרף לאָזן די זאַכן, אַזוי ווי זיי זענען, ווייל נישט אַלע מאָל קאָן מען זיי איבערמאַכן, איז צו וואָס זיך אומזיסט און אומנישט צו קאָכן? איצט, אויב איך זע אַז איינער האָט אַ שיגעון, לאָז איך אים, זאָל ער לעבן מיט זיין שיגעון. איז עס דען מיין זאַך, אַז איך זאָל אים ארויסשלאָגן פונעם קאָפּ זיין שיגעון? (איך וואָלט געוואָלט זען יענעם מענטש, וואָס האָט נישט קיין שיגעון. נאָר וואָס דען? איינער האָט אַ גרעסערן שיגעון, וואָס ער וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן, ביים ערשטן אויגנבליק, און אַ צווייטער, ווידער, האָט אַ קלענערן שיגעון, וואָס מע דערזעט אים אַ ביסל שפּעטער. מעגלעך גאָר, אַז אָט דער שיגעון, וואָס וואַרפט זיך ווייניקער אין די אויגן, זאָל צו מאָל זיין שעדלעכער פאַר דעם מיטשמועסער, ווי יענער שיגעון, וואָס מע באַמערקט ביים ערשטן אויגנבליק!).

מיט דעם חבר מאָנידעס איז דאָכט זיך געווען די זעלביקע זאַך. אויב איך האָב זיך געמאַכט, אַז איך באַמערק נישט זיין שוואַכקייט (איך האָב באַקומען דעם איינדרוק אַז דאָס איז זיין איין איינציקע שוואַכקייט, אַז מע זאָל אים נישט האַלטן פאַר קיין ייד!), האָב איך געקאָנט מיט אים דיס־קוטירן כמעט סיי וואָס. ער איז געווען אַ פאַרשטאַנדיקער מענטש. מיט אַ לייכטן הומאָר, צו מאָל אַ סאַרקאַסטישן, אַ בייסנדיקן, וואָס האָט אים מיט דער צייט סימפּאַטיש געמאַכט אויך אין מיינע אויגן.

איצט האָט ער מיך ווי אויסגעוואַרט, אַז מיר זאָלן פאַרזעצן אונדזער שמועס.

— אָט דער קאָפּמאַן, איז גאַנץ אַ סימפּאַטישער מענטש — זאָגט מיר מאָנידעס — הגם זיין אויסזע איז נישט אַזוי צוציִעוודיק...

— יאָ — זאָג איך — ער איז געבנוג אַ שלימזלניק... איצט שטייט ער פאַר דער סכנה, אַז ער זאָל פאַראורטיילט ווערן צום „לעבן", אַז ער זאָל ווידער מגולגל ווערן...

— איר זענט אַ גלויביקער? — פרעגט מיך מאָנידעס פאַרחידושט.

— איך פאַרשטיי נישט אייער פראַגע — זאָג איך מאָנידעסן גאַנץ צופריכטיק — וואָס הייסט דאָ צו זיין אַ גלויביקער?

— איר גלייבט אויך אין דעם אָבערגלויבן, אז מע קאָן מגולגל ווערן? איר גלייבט אין א „יענער וועלט“?

איך וועל זאָגן דעם אמת, אז איך האָב נישט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן. וואָס הייסט נישט גלייבן אין „יענער“ וועלט, פון וועלכער איך קום?! אין דער וועלט, וואו מיר געפינען זיך איצט, אין דער דאָזיקער וועלט האָב איך נישט געגלייבט, ווייל אין דער אמתן איז דאָך נאָך קיין מאָל קיינער נישט צוריקגעקומען פון דאָ, אז ער זאָל דערציילן וואָס און ווי אזוי. אָבער „דאָרט“ זענען מיר דאָך אַלע געווען?!...

ווייזט אויס אז ער האָט נישט פארשטאנען מיין אמתן מצב, ווען ער האָט געזען אז איך שווייג און ענטפער אים נישט אויף זיין פראַגע. ער האָט געמיינט אז גאָר פשוט, איך האָב אים נישט וואָס צו ענטפערן. האָט מאָני־דעס פאָרגעזעצט:

— איך בין נישט קיין גלויביקער — זאָגט ער, ווי איינער וואָס גיט אָפּ א פייערלעכע דערקלערונג — דאָס אַלץ זענען נארישקייטן פארן פּראָסטן פאָלק, פארן המון... א פאָרגעשריטענער, ציוויליזירטער מענטש, ווייסט אז עס איז נישט פאראן קיין „יענע“ וועלט... דאָס זענען פאנטאַזיעס... אָדער ווי מע פלעגט זאָגן: אָפּיום איינצודרימלען דאָס פאָלק...

— וואָס הייסט פאנטאזיעס? — האָב איך זיך שוין דאָס מאָל נישט געלאָזט — דאָס וואָס איך האָב איבערגעלעבט אויף מיין אייגענער הויט, אויף יענער וועלט, דאָס זענען פאנטאזיעס?!

— יאָ, דאָס אַלץ זענען פאנטאזיעס... דאָס וואָס איר „לעבט“ איבער דאָ, איצט, דאָס איז ווירקלעכקייט. דאָס וואָס איר מיינט אז איר האָט איי־בערגעלעבט פריער, אין א מכלומרשט פריערדיק לעבן, דאָס אַלץ איז א פאנטאזיע. דאָס דאכט זיך אייך בלויז אויס אז איר האָט עס איבערגעלעבט... ווען איר זאָלט אייך געווען באפרייען פון אָט די אָבערגלויבנס, וואָלט איר געווען נישט א מאָל געטראכט וועגן א „יענער“ וועלט...

— דאָס אַלץ, וואָס מיר רעדן וועגן אונדזער פארגאנגענהייט, אויף יענער וועלט, דאָס זענען אויסגעטראכטע מעשיות?! — האָב איך אים אָנ־געקוקט פארחידושט. איך האָב נישט געוואָלט גלייבן, אז ער רעדט ערנסט. איז אָדער ער וויל מאכן א שפּאס מיט מיר, אָדער ער איז נישט ביים גאנצן שכל — ווי איז עס מעגלעך? אין מיין אייגענער דערפארונג זאָל איך אויך שוין נישט גלייבן?!

— אייער דערפארונג, חבר זעליקאָוויטש, ווי די דערפארונג פון די אנדערע אָבערגלויבישע נשמות, איז נישט מער ווי פאנטאזיע... דאָס איז

נישט קיין זעלטענער פאַל, אַז מענטשן זאָלן אָננעמען די פאַנטאַזיעס פאַר עכטע,ווירקלעכע איבערלעבענישן — האָט מיר מאַנידעס געוואָלט געבן צו פאַרשטיין — איר האָט געלייענט קאַפקאַס דערציילונגען? איז זאָגט מיר, איך בעט אייך, זיי זענען פאַנטאַזיעס צי ווירקלעכקייט? — ער האָט אַ ווײַלע געוואַרט אויף מײַן ענטפער, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט צו קומען, ווײַל איך האָב אים נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן — זאָגט, איך בעט אײַך, וואָס זענען זיי?

— זיי זענען פאַנטאַזיעס — האָב איך לאַנגזאַם אַרויסגעשטאַמלט.

— אויב זיי זענען בײַ אײַך פאַנטאַזיעס — האָט מאַנידעס זיגעריש אויסגערופן, מיטן געפיל אַז ער האָט מיך שוין באַזיגט — איז וואָס האָט איר געלייענט מער ווירקלעכס, ווי בײַ קאַפקאַן?!

— זעט איר, — האָב איך אים געוואָלט אָפּענטפערן — בײַ קאַפקאַן איז עס אַנדערש... ער באַשרײַבט עס אַזוי פּינקטלעך, אַז סע מאַכט דעם אײַנדרוק אַז עס איז אַ ווירקלעכקייט, אָבער פאַקטיש איז עס נישט מער ווי פיקציע, וואָס קאָן אין אַ געוויסער צײַט, אין געוויסע אומשטאַנדן זײַן ווירק־לעכקייט, אויב נישט דווקא מיט איינעם איז מיט מערער מענטשן — דאָס הייסט אַז דאָס דערציילטע איז אַזוי נאָענט געבראַכט צו דער ווירקלעכ־קייט, אַז לייענענדיק מיינט מען טאַקע אַז דאָס איז אַ ווירקלעכקייט...

— גוט איז, וואָס איך האָב גענומען דעם משל פון קאַפקאַן — האָט מאַנידעס ווידער אויפגעהויבן דעם טאָן, מיט נאָך מער זיכערקייט, אַז ער האָט זיך דערנענטערט צום ציל, מיך צו איבערצייגן אין זיינע אמתן — איצט, אַז איך זע אַז איר האָט יאָ פאַרשטאַנען קאַפקאַן, אַזוי ווי איר האָט אים פאַרשטאַנען, איז וועט מיר גרינגער זיין אייך אויפצוקלערן: „יענע" וועלט, וואָס איר ווילט אָנרופן די רעאַלע וועלט, איז אַ בלאָף. זי הייבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס... איך בעט אייך איר זאָלט מיך נישט איבעררייסן — האָט ער געמאַכט מיט דער האַנט, גלייך ער וואָלט מיך פאַרהאַלטן אַז איך זאָל נישט אַרויסזאָגן קיין איין וואָרט, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן דעם פאָדעם פון די רייד — איר ווייסט אין וואָס סע באַשטייט אייער טעות? איך רוף עס אָן „טעות", ווייל איך זע איר זענט אַ פאַר־שטאַנדיקער מענטש און מיט גוטן ווילן, נאָר איין פעלער האָט איר, איר זענט נישט גענוג אויפגעקלערט!...

(דאָ וויל איך מאַכן אַ באַמערקונג נישט וועגן וואָס ער האָט גע־רעדט און געפּרואווט באַווייזן. דאָ, וויל איך זאָגן וואָס איך האָב געטראַכט

אין יענעם מאָמענט ווען איך האָב דערהערט די ווערטער „איר זענט נישט גענוג אויפגעקלערט“... כמעט דאָס רוב לעבן מיינס, האָב איך געהאלטן אין איין לערנען זיך, וואָס מע האָט מיך תמיד אָן אויפהער „אויפגעקלערט“ און איצט, צום סוף, בין איך אלץ געבליבן א „נישט־אויפגעקלערטער“?! נאָר איך האָב זיך צוריקגעהאלטן און מיט געדולד אויסגעהערט).

...אויב איר ווערט מיך א ביסל אויסהערן מיט געדולד — זעצט פאָר מאָנידעס רואיק, גלייך ער וואָלט געלייענט מיינע מחשבות — ווערט איר אליין זיך אָפּגעבן חשבון, אז דאָס אלץ וואָס איר ווילט גלייבן אין א „יענער“ וועלט, איז נישט מער ווי פאנטאזיע... דער חילוק איז נאָר, וואָס די פאנטאזיעס זענען דאָ, אויף דער דאָזיקער וועלט, וועגן דער פארגאנגענהייט, אונטער דער פאָרעם פון זכרונות... איר פארשטייט, חבר זעליקאָוויטש? דאָרט, אויף יענער וועלט, אויף דער ערדישער וועלט, אין וועלכער איר ווילט גלייבן אז זי עקזיסטירט אין דער ווירקלעכקייט, דאָרט זענען די פאנטאזיעס געמאכט געוואָרן אויף להבא, אונטער דער פאָרעם פון „פּלענער“, אלע פאנטאזיעס אויף דער צוקונפט, וואָס וועט מכלומרשט געשען אין דער נאָענטער צי אין דער ווייטערער צוקונפט... איר האָט מסתמא געוואוסט וועגן אזעלכע פאנטאזיעס? נאָר איין זאך האָט איר, ווייזט אויס, דעמאָלט נישט געוואוסט, אז סע זענען פאראן פאנטאזיעס אויך אויף דער פארגאנגענהייט... איצט לעבט איר זיי איבער אין דער סאמע ווירקלעכקייט, אָדער זיי ווייזן נאָר אויס צו זיין ווירקלעכע און איר נעמט עס אָן גלייך איר וואָלט זיי באמת איבערגעלעבט... נאָך מער, נישט נאָר איר אליין גלייבט אין זיי (אויך איך גלייב אין זיי!) אין אָט די פאנטאזיעס. אלע גלייבן מיר אין אָט די „פארגאנגענהייט־פאנטאזיעס“. אָבער דער חילוק איז נאָר וואָס מיר, „באוואוסטזיניקע“, ווייסן אז זיי זענען נישט מער ווי פאנטאזיעס. זיי זענען נישט מער ווי אָפּיום פארן המון...

ער האָט גערעדט און גערעדט. איך האָב שוין כמעט נישט אויסגעהערט, וואָס ער זאָגט. סע האָט אויסגעוויזן אז ער האָט רעכט. עפּעס איז געווען לאָגיש אין זיינע רייד. אָבער — אז איך האָב פאָרט געגלייבט. יאָ, איך האָב געגלייבט און גלייב נאָך איצט, נאָך דעם ווי ער האָט מיר אויפגעוויזן מיט לאָגישע באווייזן, אז יענע וועלט איז נאָר אָן אויסגעטראכטע, דאָך גלייב איך, אז זי איז א רעאלע... האָב איך אים געזאָגט, נישט געוואגט, כדי אים נישט צו דערביי זערן:

— עס איז מעגלעך, חבר מאַנידעס, אַז איר זענט טאַקע גערעכט. איך זע אַז איר האָט אַ גוטע פּאָליטישע צוגרייטונג. אייערע באַווייזן, צי אַרגומענטן, זענען אויסגעהאַלטענע, לאָגישע. און האָב איך כמעט נישט וואָס אָפּצוענטפערן. ניין, איך האָב נישט אַזעלכע קעגנאַרגומענטן... איין זאַך וועל איך אייך אָבער זאָגן. איך זע דײַך אַז איר זענט אַ פאַרשטאַנדיקער מענטש און אויסטיילט אַלץ לויטן שכל, איז וועט איר אויך מיך פאַרשטיין: איך גלייב יאָ. און אויב איך גלייב אין יענער וועלט, דער ערדישער, איז העלפן דאָך נישט קיין אַרגומענטן... גלויבן דאַרף קיין אַרגומענטן נישט, און זיי העלפן נישט אויף אָפּצושוואַכן דעם גלויבן...

— דאָס האָט איר רעכט האָט מאַנידעס מסכים געווען מיט אַ שמייכל

— אויב איינער וויל גלייבן, דאַן העלפן טאַקע נישט קיין אַרגומענטן... אַרגומענטן זענען דאָך געבויט אויף „וויסן” בעת דער גלויבן וויל דאָך פון גאָרנישט וויסן. אַ גלייביקער גלייבט, סתם אַזוי, אָן אַ פאַרוואָס, ער גלייבט... קעגן אָט דעם העלפן נישט קיין אַרגומענטן... אָבער איין זאַך קאָן יאָ העלפן

— האָט מאַנידעס אונטערגעשטראָכן — אויב איר לעבט איבער אָן אַנטוישונג, אַ מין אויסניכטערן זיך, אָן אויפוועקן ווי פון אַ חלום, דאַן פאַרשווינדט דער גלויבן און סע בלייבט די געזונטע לאָגיק, דער געזונטער פאַרשטאַנד...

זאָל איך זאָגן אויפריכטיק: איך האָב נישט געוואוסט וואָס אים צו זאָגן. איך בין געבליבן שטיין ווי פאַר אַ רעטעניש: איז אָט דער מענטש, וואָס איך האָב אים פאַר מיר, אַ העכערער פונעם דורכשניט, צי איז ער אַ חסר־דעה, אַ מאַניאַק? אַזוי האָב איך געטראַכט. אָבער איך בין ביי מיר זיכער געווען, אַז אויך ער טראַכט דאָס זעלביקע, אין דער מינוט, אויך וועגן מיר... ווייל גערעדט האָבן מיר דאָך, דאַכט זיך, ביידע גערעדט לאָגיש, ווי נאָרמאַלע מענטשן. און דאָך — עפּעס איז נישט אין אָרדענונג ביי אונדז... אָדער ביי אים, אָדער ביי מיר. איינער פון אונדז ביידע באַגייט דאָך אַ טעות. ווער פון אונדז ביידע?

וואָלט דאָס געווען פּאַסירט מיט מיר, ווען איך בין נאָך געווען יונג, וואָלט איך זיך איינגעעקשנט: ווען מיר זיך, אַז איך בין גערעכט! אָבער היינט, ווען איך האָב שוין אַ ביסל לעבנס־דערפאַרונג, אייל איך זיך שוין נישט צום ווענטן. איך האָב זיך שוין אויסגעלערנט אַז ווענטן טויג בכלל נישט. פאַר וואָס? אָט פאַר וואָס: יעדער פון די צוויי צדדים, וואָס ווענט זיך, האַלט שטאָל און אייזן אַז ער איז גערעכט. אויף דעם איז דאָך באַזירט דאָס גאַנצע ווענטן, וואָס יעדער איינער איז גאַנץ זיכער אַז ער האָט רעכט און ווייסט

גאנץ זיכער זייער גוט דאָס וואָס ער זאָגט, און דאָס איז דער איינציקער אמת... דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס אלע ביידע טראכטן דאָס זעלביקע. יעדער איינער איז זיכער אז ער איז גערעכט און אז דער אנדערער האָט א טעות... אָט דאָ איז דאָס גאנצע אומגליק, וואָס יעדער איינער פון די צוויי צדדים ווייסט, אָדער מיינט אז ער ווייסט, אז איינער פון זיי מוז דאָך האָבן א טעות, ווייל קיין אמתן זענען דאָך נישט פאראן קיין צוויי נאָר איינער. . יאָ, אָבער ער וויל נישט דערלאָזן דעם געדאנק אז דער טעות וואָס איז גאנץ באשטימט ביי איינעם פון זיי ביידע, יאָ, קיין איינער וויל נישט דערלאָזן דעם געדאנק, אז דעם טעות באגייט דווקא ער גופא, און נישט דער צווייטער צד... און דאָס, זעט איר, איז שויז א גרויסער פעלער, ווייל אזוי ווי איינער מיינט אז דווקא דער אנדערער האָט א טעות, דארף ער דאָך דערלאָזן כאָטש אין פרינציפּ, אז אויך ער קאָן האָבן דעם טעות... אויב ער וואָלט דערלאָזט אָט דעם טעות (איינער מוז דאָך זיך טועה זיין, קאָן זיין אז ער גופא?), וואָלט ער דאָך זיך נישט ארייגעלאָזט אין קיין געוועט... אָט פאר וואָס איך האָב איצט אין מיין שמועס מיט מאָנידעסן געמוזט דערלאָזן, אז אפשר, טאָמער האָט ער אויף זיין אופן אויך רעכט?... איינער פון אונדז מוז דאָך זיך טועה זיין. איז פאר וואָס זאָל איך נישט דערלאָזן אז איך בין דער?

איך ווייס נישט צי איך האָב גוט דערקלערט, אָבער דאָס וויל נישט הייסן, אז איך האָב זיך אונטערגעגעבן, צו זיינע איבערצייגנדיקע ארגומענטן. ניין, דאָס נישט. איך האָב אָבער געהאט גענוג דערפארונג, אז וועגן דעם לוינט זיך נישט צו דיסקוטירן און זיך ארייגלאָזן אין אזא וויכוח, וו ס זאָל אונדז שאָדן צו אונדזערע פריינדלעכע באציאונגען... מיר קאָנען דאָך זיך איינפארשטיין אין אנדערע ענינים, אין וועלכע מיר האָבן גלייכע מיינונגען, קאָנען מיר דען נישט געפינען געמיינזאמע זאכן וואָס צעטיילן אונדז נישט?

# ווען מע האקט א וואלד — פאלן מעדאלן...

מיר האָבן מער דערפון נישט גערעדט. אָבער גלייך ווי מיר וואָלטן זיך געווען איינפארשטאנען, אז מיר זאָלן אויסמיידן די טעמע, האָבן מיר מער נישט גערעדט וועגן „גלויבן". ווייניק טעמעס זענען פאראן, וואָס מע קאָן רעדן וועגן זיי, וואָס זאָלן נישט האָבן קיין שייכות מיט דעם וואָס מע גלייבט יאָ אָדער נישט?

— די מעדאלן, וואָס איך זע ביי אייך — פרעג איך מאָנידעסן, אָן שום זייטיקע כוונות, גאָר סתם אזוי, צו פארבינדן א שמועס — זענען באשטימט פאר העלדנטאטן אויפן פראָנט?

— איר וועט נישט ברוגז זיין, חיר זעליקאָוויטש — זאָגט ער צו מיר מיט אַן איראָניש שמייכעלע — אז איך וועל אייך זאָגן, אז איר ווייזט אויס צו זיין גאָר א נאאיווער מענטש... איר מיינט אז מעדאלן דארף מען פארדינען?... איז אויב איר האָט עס ביז איצט נישט געוואוסט, מעגט איר עס וויסן פון איצט אָן: סע זענען פאראן צוויי ערטער. אויף איין אָרט קאָן מען פארדינען מעדאלן... און אויף אַן אנדער אָרט טיילט מען צו די מעדאלן... איז דאָס אָפּהענגיק אין דעם: וואו איר האָט זיך געפונען אין א געוויסער צייט. דאָרט וואו מע פארדינט, צי דאָרט וואו מע באקומט די מעדאלן...

— און איר? — פרעג איך אים, מיטן זעלביקן פריילעכן טאָן, כדי אים ארויסצוהעלפן אין געשפרעך — וואו זענט איר געווען, דאָרט וואו מע גיט, צי דאָרט וואו מע פארדינט די מעדאלן?

— איך וועל אייך, חבר זעליקאָוויטש, זאָגן דעם אמת... (טאקע מיט דעם האָט ער מיך ווי אָפּגעקויפט, אז איך זאָל אים תמיד גלייבן, אויך ווען ער האָט מיר געזאָגט אזוינע זאכן, וואָס האָבן זיך נישט אלע מאָל געלייגט אויף מיין שכל, ווייל ער האָט געזאָגט איינפאך און פשוט גרויסע אמתן!). איך בין געווען אויף ביידע ערטער... עס איז געווען א צייט, ווען איך בין געווען דאָרט, וואו מע פארדינט די מעדאלן, אָבער איך האָב זיי נישט פון יענער צייט... קאָן זיין אז איר וועט מיר נישט גלייבן, וואָס איך וועל אייך זאָגן...

— פאר וואָס זאָל איך אייך נישט גלייבן? — האָב איך אים איבער־געשלאָגן די רייד — פאר וואָס זאָל איך אייך נישט גלייבן, איר האָט דען

אַן אינטערעס מיר צו דערציילן באבע־מעשׂיות אָדער זיך צו באַרימען, ווען איר באַרימט אייך דווקא נישט? אדרבה, איר מאַכט דאָך צו נישט, אויך דעמאָלט, ווען איר וואָלט אייך געקאָנט ריינען מיט אייערע העלדישע אויפ־טוען?!

— איז גוט, וואָס איר טראַכט אזוי. איך האָב טאַקע נישט קיין שום אינטערעס אייך צו דערציילן באבע־מעשׂיות... איך זאָג אייך בלויז דעם ריינעם נאַקעטן אמת, אז דעמאָלט ווען איך בין טאַקע יאָ באַגאַנגען עפּעס אַזעלכס וואָס מע גיט פאַר זיי מעדאַלן — דעמאָלט, דווקא דעמאָלט האָב איך דעם מעדאַל נישט באַקומען... דעמאָלט האָט מען תּמיד געפונען עפּעס אַ חסרון און מע האָט מיך געמוסרט... איר וועט עס אפשר נישט פאַר־שטיין, ווייל פאַרשטיין קאָן עס נאָר יענער, וואָס האָט עס איבערגעלעבט... ווידער אין יענע צייטן, ווען איך האָב כמעט גאָרנישט געטון, דעמאָלט האָט מען מיך אויך דערזען און מיר געגעבן אַ מעדאַל...

מאַנידעס האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט פון זיין דערציילן, און דערנאָך גלייך ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, האָט ער פאָרגעזעצט:

... דאַכט זיך אז אין זיין בוך „דער גראַף פון מאָנטע קריסטאָ״ דער־ציילט אַלעקסאַנדער דומאַ, אז איינעם אַ גענעראַל, וועלכער האָט געהאַט אַ פולע ברוסט מיט אויסצייכענונגען, האָט מען געפרעגט ביי אַ געלעגנהייט: „זאָגט נאָר, פאַר וואָס האָט איר באַקומען אזוי פיל מעדאַלן? אַנו, דערציילט אונדז כאָטש איין עפּיזאָד פון די העלדישקייטן וואָס איר האָט אויפגעטון, כאָטש איין עפּיזאָד״... האָט ער געזאָלט ענטפערן: „אין מיין גאַנץ לעבן בין איך געווען אַ פּחדן. איך מיין, אז איך בין פון צווישן די גרעסטע פּחדנים, וואָס איך האָב אַמאָל געקענט... איז וואָס ווילט איר, אז איך זאָל אייך דערציילן?“... יאָ, עס איז מעגלעך, אז יענער גענעראַל זאָל געווען האָבן געוואָלט שפּילן טעאַטער און זיך וויכטיק מאַכן אויף דעם אופן, פאַר־שטעלנדיק זיך פאַר אַ פּחדן — אָבער אין דער אמתן, חבר זעליקאָוויטש, אויב איר קאָנט זיך צופרידן שטעלן בלויז מיטן אמת, און איר ווילט נישט קיין אויסגעטראַכטע העלדישקייטן, מעגט איר דאָס וויסן אזוי, ווי אזוי איך האָב געזאָגט... איך וועל אייך דערציילן אַ פאַל, וואָס ס׳איז פּאַסירט מיט מיין אַ באַקאַנטן (אייגנטלעך איז ער אויך אייער אַ באַקאַנטער. איך גלייב נישט אז איר זאָלט אים נישט קענען, נאָר איך וויל נישט אָנרופן זיין נאָ־מען, כּדי איך זאָל נישט רעדן קיין רכילות. נישט אָנרופנדיק אים ביים

נאָמען, הייסט דאָך נישט בארעדן, ווייל איר מעגט דאָך גלייבן, אַז דאָס גאנצע איז אויסגעטראכט!), וועלכער האָט באַקומען צוויי הויכע אויסצייכענונגען ווייל — ער איז געווען טויט שיכור... ווי אַזוי עס איז געשען? אָט אַזוי: אין איינעם א טאָג, אַזוי ווי ער פאָרט זיך אין זיין וועגעלע און שמייסט אונטער די פערדלעך, כדי גיכער אָנצוקומען מיטן קעסעלע געקעכטס, וואָס ער האָט געדארפט צופירן נענטער צו דער ערשטער פארטיידיקונגס ליניע, האָט ער זיך גאָר דערמאנט אַז ער האָט באַקומען אויך א פלעשל קאָניאַק פאר די אָפיצירן... אַזוי ווי קאלט איז אים געווען, דער פראָסט האָט זיך אים איינגעגעסן אין די ביינער, אַז די ציין האָבן ביי אים געציטערט (און אפשר האָבן זיי ביי אים געציטערט אויך פאר מורא? ווער קאָן דאָס גאָר וויסן, ער האָט דאָך דאָס נישט דערציילט!), האָט ער זיך דערמאנט אַז ער האָט א פלעשל קאָניאַק... וויפל זשע קאָן געדויערן א פלעשל קאָניאַק, ווען א מענטשן איז קאלט און אפשר האָט אים באַנומען אויך מער מורא ווי קעלט?! האָט ער אַוועקגעוואָרפן דאָס ליידיקע פלעשל און אונטערגעבאָמבלט אונטער דער נאָז א לידל, אין דער שטיל, קיינער זאָל נישט הערן. קיינער נישט. נישט א מאָל די פערד, וועלכע האָבן זיך פויל געצויגן אין דער נאכטיקער פינצטערניש, ביז אונדזער בגילופינדיקער העלד האָט איינגעדרימלט... ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געהערט אַז מע שרייט צו אים אויף א לשון, וואָס נאָר דער שונא רעדט... האָט ער זיך נאָך מערער דערשראָקן און גענומען שמייסן פיבערדיק די פערד... ער האָט געהערט ווי מע שיסט אים נאָך, אָבער ער האָט געשמיסן די פערד, גלייך זיי וואָלטן שולדיק געווען, וואָס אַנשטאָט זיי זאָלן אים פירן אין די אייגענע טראַנשייען — זענען זיי ווייזט אויס אָנגעקומען צום שונא... סע האָט זיך צעפלאַקערט א שיסעריי צווישן די ביידע טראַנשייען — אָבער ער, אונדזער באַקאַנטער, וועלכן איך וויל נישט אָנרופן זיין נאָמען האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. שעהען דורכאנאנד האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר געפאָרן, געפאָרן ווי געטריבן פון א בייז אָנשיקעניש... ער וואָלט זיך געווען נישט אָפּגעשטעלט, אָבער די פערד האָבן שוין נישט געקאָנט זיך רירן פונעם אָרט. ער האָט פון זיי ארויסגעטריבן די נשמה... ווען ער איז אָנגעקומען צוריק צו זיין איינהייט, האָט אים קיינער נישט געפרעגט וואָס עס איז געשען מיט אים, ווייל יעדער איינער האָט שוין געוואוסט, נאָך פיל בעסער פון אים. עס איז דאָך אַלארמירט געוואָרן דער גאנצער פראָנט־אָפּשניט, צוליב זיין ארייַנפאלן אין די הענט פונעם שונא.

איז האָט מען אים נישט געפרעגט, נאָר מע האָט אים געגעבן זיבעריע אונ־טערוועש, כדי ער זאָל זיך קענען איבערטון... ערשט שפּעטער האָט ער דערפאַרן פון זיי, וואָס ער האָט צו דערציילן...

...עס איז נישט דורכגעגאַנגען קיין צוויי וואָכן און עס איז אָנגעקו־מען א גרויסע אויסצייכענונג פאַר זיין העלדישקייט, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן ארויסצורייסן פונעם שונא, וועלכער האָט אים ארומגעקוויצט... אַז דער קאָמענדאַנט זיינער האָט געזען, וואָס פאַר א גרויסע אויסצייכענונג סע האָט אים געגעבן דער קאָמאַנדאַנט פון די פאַראייניקטע כוחות, האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס איז פּשוט א בושה פאַר אים, וואָס ער האָט אַזא העלד אין זיין איינהייט און האָט גאָרנישט אין זינען געהאַט אים אויסצו־צייכענען. האָט ער אים גיך אין איילעניש פאָרגעשלאָגן פאַר אן אָרדן... אַזוי האָט ער זיך דערזען מיט צוויי אויסצייכענונגען מיט א מאָל, פאַרן בלויזן פאַקט וואָס ער האָט זיך אָנגעשיכורט, באַמאַכט אין די הויזן און געוואָרן א העלד!

— פון וואַנען ווייסט מען, וואָס עס איז מיט אים געשען? — פרעג איך מאָנידעסן — אפשר איז ער טאַקע באַגאַנגען א העלדישקייט?

— ווען איך זאָל אייך זאָגן וועגן וועמען עס איז די רייד, וואָלט איר שוין אליין זיך פאַרגעשטעלט וואָס פאַר א העלדישקייטן ער האָט גע־קאָנט אָפּטון. אייגנטלעך, בין איך זיכער אַז איר קענט אים, נאָר איר קאָנט עס שווער דעררעאָטן, ווייל סע קאָן נישט א מאָל קומען אויפן געדאַנק, אַז ער איז עס... פון וואַנען מען איז געוואויר געוואָרן וואָס סע האָט מיט אים אין דער אמתן פּאַסירט? טאַקע פון אים אליין... ער אליין האָט עס שפּעטער דערציילט דעם גאַנצן אמת, ווען ער איז ווידער א מאָל געווען שיכור, האָט ער אויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת... נו, וואָס וואָלט איר גע־וואָלט, אַז מע זאָל אים צוריקנעמען די מעדאַלן?!

— ווייזט אויס אַז ער האָט געהאַט מזל — וויל איך פילאָזאָפירן.

— דאָס מעגט איר זאָגן נאָך איין מאָל — איז מאָנידעס מסכים מיט מיר.

(איך מוז דאָ באַמערקן, אַז אין געוויינטלעכן שמועס, וועט מען הערן אַזעלכע ווערטער אויך ביי מאָנידעסן. ער וועט זאָגן, למשל, „גאָט האָט אים געהאָלפן”, אָן דעם אַז ער זאָל זיך דערמאַנען אַז ער איז א גע־שוואוירענער נישט־גלויביקער... ער וועט זאָגן „אויף יענער וועלט איז גע־ווען אַזוי” טראָץ דעם וואָס ער לייקנט אָפּ די עקזיסטענץ פון א „יענער

וועלט״... איך האָב אים איין מאָל אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט, האָט ער עס געגומען לייכט און מיר דערקלערט אז דאָס רעדט זיך אזוי, אין דער פאָלקסשפראַך, צי פונעם פאָלקלאָר, לויטן פאָלקס־מנהג — אָבער דאָס דאַרף מען נישט נעמען פּינקטלעך וואָרט־ווערטלעך!).

...יאָ, ער האָט געהאַט מזל! — זעצט פאָר מאָנידעס — איך וועל אייך דערציילן אַן אנדערן פאַל פון איינעם, וואָס האָט געקעמפט אין דער ערשטער ליניע. פון דער גאַנצער גרופּע וואָס האָט באַדינט א קוילנוואַרפער, איז ער געבליבן איינער אליין און האָט זיך נישט פארלוירן. ער האָט פאָרגעזעצט אליין דעם קאַמף און געשאָסן ווי א משוגענער... ערשט ווען א גראַנאַט, אַן אייגענער, מסתמא א קאַליע געוואָרענער, האָט עקספּלאָדירט פאר דער צייט, ווען ער איז נאָך געווען אין זיין האַנט, און האָט אים אָפּגעריסן אלע זיינע פינגער, ערשט דעמאָלט האָט ער פארלאָזט די פּאָזיציע און זיך צוריקגעצויגן צו זיין איינהייט, צום בעדיציניש פונקט, אז מע זאָל אים פארבאַנדאַזשירן.

— מיט וואָס האָט מען אים אויסגעצייכנט? — האָב איך נייגעריק געפרעגט, ווייל סע האָט דאָך נישט געקאָנט זיין קיין ספק, אז מע האָט אים אויסגעצייכנט פאר אזא העלדישקייט.

— אויסגעצייכנט?! — האָט אויסגערופן אויפגעבראַכט מאָנידעס — מע האָט אים געמישפּט און פאַראורטיילט, ווייל ער האָט זיך אויטאָמוטילירט!... ער האָט דאָך נישט געקאָנט באַווייזן קיינעם, און קודם־כל דעם מיליטערישן פּראָקוראָר, אז ער האָט זיך נישט פארוואונדיקט אליין, כדי פטור צו ווערן פונעם פראָנט...

— ווי אזוי איז עס מעגלעך געווען? — פרעג איך פארחידושט — עס איז דאָך א הימל־געשריי צו באַגיין אזא...

— איך וועל עס אייך דערקלערן: דער ריכטער, וואָס האָט אים פאראורטיילט האָט עס מיר געזאָגט שפּעטער בסוד, אז ער האָט געמוזט ארויסגעבן אזא פסק אונטערן דרוק פון „דעם פון אויבן״, ווייל מע מוז פארשטאַרקן די דיסציפּלין... כדי סע זאָלן זיך נישט איבערחזרן אזעלכע פאַלן.

— ווי אזוי? — פרעג איך איבער — דער ריכטער האָט געגלייבט אז יענער האָט זיך אליין געמאַכט פאר אן אינוואַליד?!

— ניין, דאָס האָב איך אייך נישט געזאָגט — זאָגט מיט א שמייכל מאָנידעס — אדרבה, איך האָב דאָך אייך געגעבן אָנצוהערן, אז דער ריכטער האָט לגמרי נישט געגלויבט אז יענער האָט זיך אליין פארוואונדיקט.

אָבער עס איז גענוג געווען וואָס יענער האָט נישט געקאָנט אויפווייזן זיין אומשולדיקייט, אַז מע זאָל אים פאַראורטיילן כדי סע זאָלן נישט קומען אנדערע מיט אַזעלכע סימולירטע פאַלן. דערפאַר האָט יענער געמוזט פאַראורטיילט ווערן...

— דאָס איז נישט קיין זעלטענער פאַל — האָט מאַנידעס צוגעגעבן נאָך א קליינער פּויזע — אַזעלכע פאַלן האָבן תמיד זיך געטראָפן, אין אַלע צייטן און אין אַלע פּראָצעסן: מע האָט באַשטראָפט אויך אן אומשולדיקן, כדי מע זאָל אָנלערנען די ווענטועלע שולדיקע... אדרבה, די שטראָף איז נאָך אין אַזעלכע פאַלן נאָך פיל א הארבערע, כדי זי זאָל דינען ווי א מוס־טער... איר דאַרפט דאָך פאַרשטיין אַז דאָ האַנדלט זיך נישט אין „דעם“ אָדער אין „יענעם“, דאָ האַנדלט זיך דאָך אין דער „הייליקער זאַך“ פאַר וועלכער מע קעמפט, פאַר וועלכער מע פירט די גאַנצע מלחמה, איז אַזא פאַל שפּילט עפּעס א ראָלע א יחיד?! די אינטערעסן פונעם פאָטערלאַנד, צי פון דער „אידעע“, פאַר וועלכער מע קעמפט, איז פיל וויכטיקער ווי איי־נער א נישטיקער בשר־ודם...

איך האָב אים נישט געזאָגט גאָרנישט. וואָס זאָל איך אים געווען זאָגן? איך האָב דאָך געהאַט פאַר מיר דעם זעלביקן פאַל, ווי ביים פּראָצעס פון קאָפּמאַנען, ווען אין נאָמען פון דער „מענטשהייט“, האָט מען פאַראור־טיילט דעם „מענטש“... איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט, אָבער איך האָב זיך געטראַכט: הייזט אויס, אַז איך בין טאַקע א צוריקגעשטאַנענער עלעמענט, וואָס האָט נאָך פיל, זייער פיל איבערבלייבעכץ פון די אַלטע פאַרשימלטע „מענטשלעכע“ אידעען, איך בין נאָך געבליבן ביי דער אָפּ־געשטאַנענער מיינונג, אַז די „מענטשהייט“ איז צונויפגעשטעלט טאַקע דווקא פון „איינצלנע מענטשן“...

ווען מאַנידעס האָט געזען ווי פאַרשוויגן איך בין געבליבן, האָט ער פאַרשטאַנען אַז אין מיר קומט עפּעס פאָר. אַז איך פאַרשווייג עפּעס, און וויל אים פּשוט נישט סותר זיין, דערפאַר זאָג איך אים נישט גאָרנישט, אויף דער גאַנצער מעשה, וואָס ער האָט מיר דערציילט. האָט ער מיך געפרעגט:

— איר גלייבט אפשר נישט, חבר זעליקאָוויטש, אָט דאָס וואָס איך האָב אייך דערציילט?

— גלייבן, גלייב איך יאָ, אָבער איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, חבר מאַנידעס: איך פאַרשטיי עס נישט... סע קאָן מיר נישט אריין אין קאָפּ, אַז אַזוי דאַרף עס זיין.

— נישט נאָר סע דאַרף אַזוי זיין — זאָגט מאַנידעס אַנטשלאָסן — עס מוז אַזוי זיין. אַנדערש קאָן מען נישט איינפירן קיין אָרדענונג... מיט ווייסע הענטשקעס, ווי די ענגלישע פּאָליציאַנטן, קאָן מען נישט איינהאַל־טן די ווידערשפּעניקע... דאָס איז אַ געזעץ, וואָס מיר האָבן עס געלערנט אויף אונדזער אייגענער באַרד: אָדער זיי פאַרניכטן אונדז, אָדער מיר פאַר־ניכטן זיי — קיין אַנדערער אויסוועג, אַ מיטל־וועג איז נישט פאַראַן. אויב עמעצער האָט געפּרואווט, במשך דער נאָענטסטער געשיכטע, צו זוכן אַן אַנ־דערן אויסוועג, האָט עס זיך אים נישט איינגעגעבן, אַז ער זאָל דעם עקספּערימענט דערפירן ביזן סוף, פּשוט דערפאַר, וואָס מע האָט אים באַ־זייטיקט פיל פריער, ווי ער האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלן...

— יאָ, דאָס פאַרשטיי איך — האָב איך אים געפּרואווט איבערצייגן — אַז מיטן שונא דאַרף מען טאַקע אַזוי האַנדלען, אַפילו אָן רחמנות, ווי אַזוי איר ווילט זאָגן, ווייל דער שונא האָט אויך קיין רחמנות נישט. ווען מיר פאַלן אַריין אין זיינע הענט, דאָס איז זייער גערעכט — אָבער פאַר וואָס זאָל מען אַזוי באַהאַנדלען אויך די אייגענע, נישט נאָר די שונאים?! זעט איר, אַז אָט דאָס דאַזיקע קאָן איך נישט פאַרשטיין, אַז אַזוי מוז עס טאַקע זיין...

— איר קומט מיר פאָר — זאָגט מאַנידעס — ווי אַ „גרינער"... איר האָט נישט געהערט יענץ ווערטל? „אַז מע האַקט אַ וואַלד פאַלן שפּע־נער"...

— יאָ, איך קען דאָס ווערטל... אָבער איך מיין, אַז ווען סע פאַלן די אייגענע „שפּענער" דאַן האָבן מיר שוין נישט צו טון מיט פּשוטע וואַלד־העקער, נאָר מיט...

א ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן. איך האָב געמיינט, אַז ער האָט שוין דאָס מאָל נישט געהאַט גענוג אַרגומענטן, מיר צו איבערצייגן, אַז אַזוי דאַרף עס זיין. האָב איך געשוויגן און אויך גאָרנישט געזאָגט, און ער האָט געשוויגן און גאָרנישט געזאָגט. עס איז געוואָרן פיינלעך צו גיין אַזוי, שווייגנדיקע, גלייך ווי אָנגעברוגזטע... אייגנטלעך, וואָס זאָל איך אויף אים ברוגז זיין? איז ער דען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָט דעם אַלעמען? דער חיי־לוק איז נאָר צווישן אונדז, וואָס ער „פאַרשטייט עס" און איז ממילא, ווילנדיק נישט־ווילנדיק, מסכים מיט אָט דעם אַלעמען, בעת איך מיין אַז דאָס דאַרף אַזוי נישט זיין. סע קאָן גאָר אַזוי נישט זיין רעכט... נאָר וואָס דען? נישט ער און נישט איך קאָנען אָט דעם מצב נישט ענדערן...

— איך זאָלט נישט לאַכן פון מיר — זאָגט מאַנידעס נאָכן לענגערן שווייגן — וואָס איך וועל אייך ברענגען נאָך איין „אַרגומענט“ פון א תלמו-דישער לעגענדע, וואָס איך האָב געהערט אַנומלט פון איינעם ווען ער האָט דערציילט, אַז אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אַז משיח וועט נישט קומען ביז די וועלט וועט נישט זיין נאָר איינקאָליריק, אָדער שוואַרץ אָדער ווייס, דאָס הייסט: אָדער אַלע וועלן זיין צדיקים, אָדער אַלע וועלן זיין רשעים... סימבאָליש גערעדט, האָב איך פאַרשטאַנען אָט די תלמודישע אַלעגאָריע. טאַקע אין דעם זינען. אַזוי ווי אָבער עס איז נישט מעגלעך אַז אַלע זאָלן זיין לויטער צדיקים, און סע האָט זיך נישט געמאַכט אַז אַלע זאָלן זיין לויטער רשעים, מוז מען איינגיין אויף אָט דעם אופן, פון האַקן דעם „וואַלד“ און פון צייט צו צייט זאָלן פאַלן אויך „שפּענער“...

פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער געשפּרעך איז שוין פאַרגעקומען אין א געדריקטער שטימונג. דאָס מאָל האָבן מיר שוין נישט געפירט דעם וויכוח אויף א פריינדלעכן אופן, נאָר ווי צוויי קעגנער, וועלכע געפינען זיך אויף פאַרשידענע, מע קאָן זאָגן, אויך אויף קעגנערישע באַריקאַדן.

וויפל איך זאָל געוואָלט אים נישט אכטן, האָב איך אים נישט גע-קאָנט אַזוי לייכט מוחל זיין, וועגן זיין קאַלטן טאָן, ווען ער רעדט וועגן די געפאַלענע „שפּענער“. איך האָב נישט געקאָנט „אַראָפּשלינגען“, אַז יושר דאַרף מען איינשטעלן דורך „העק“, וואָס האַקן ביימער אין איין זייט, בעת די „שפּענער“ פאַלן אויף אַן אַנדערער זייט...

דאָך האָב איך אים געפרעגט:

— זאָגט נאָר, חבר מאַנידעס, לויט אייער תלמודישער לעגענדע קאָן איך פאַרשטיין, אַז די אויסלייזונג פון דער „וועלט“ וועט קומען אָדער ווען אַלע מענטשן וועלן זיין צדיקים, אָדער ווען אַלע וועלן זיין רשעים... איז אפשר קלאָר פאַר מיר אַז ביז דערווייל זאָל מען האַקן דאָס רישעותדיקע „וואַלד“ — אָבער פאַר וואָס זאָלן פאַלן צדיקישע „שפּענער“?!

— איר ווילט נישט פאַרשטיין, חבר זעליקאָוויטש, אַז די „שפּע-נער“ האַקט מען נישט מיט א כוונה, זיי „פאַלן“ אַן עמעצנס ווילן. זיי פאַלן ווייל... מע קאָן נישט אויסמיידן...

איך האָב אים מער נישט אָקעגנגערעדט. איך האָב געזען, אַז איך בין נישט ביכולת אים צו דערווייזן, אַז ביי מיר זענען די מענטשן נישט קיין וואַלד און אַז צווישן מענטשן דאַרף מען בכלל נישט אַרומ-גיין מיט קיין „העק“...

ווען איך האָב זיך צעשייד פון מאָנידעסן, און געזען ווי האָפּעו־דיק ער טראָגט די מעדאַלן, האָב איך אים געוואָלט נאָכשרייען: „אז מע האַקט א וואלד — פאַלן מעדאַלן"?...

ווען מיר האָבן זיך צעטיילט, האָט מאָנידעס מיר א וואָרף געטון א וואָרט וואָס איך ווייס נישט ווי אזוי עס אויפצונעמען:

— איר וואָלט אייך געדאַרפט איינשרייבן — האָט ער א ביסל אי־ראָניש געזאָגט — אין „גדליה"ס אינטערנאַציאָנאַל, פון איסאַק באַבעלס דערציילונג...

איך האָב נישט געוואוסט ווי אזוי עס אויפצונעמען: זאָל עס זיין א באַליידיקונג פאַר מיר, א קאָמפּלימענט, צי נאָר אזוי, א וואָרף געטון א וואָרט, אָן א באַזונדערער באַדייטונג. איך האָב דאָך נישט די מעגלעכקייט דאָס צו קאָנטראָלירן, ווייל קיין ביבליאָטעקן זענען דאָך דאָ נישטאָ... איז וועל איך געוואויר ווערן שפּעטער. אים האָב איך גאָרנישט איבערגעפרעגט. אָבער די שטימונג, ביי אונדזער צעשיידן, איז נישט געווען קיין גאָר פריינדלעכע.

# גמראדיקער פסיכאנאליז

## האלוצינאציעס אויף יענער וועלט?

ווען איך בין ארויס אויף דער פרייער לופט, האָב איך זיך באגעגנט מיט בערל שטערנען. אין זיין ספעציפישן לבוש, מיטן אָפּגעטראָגענעם רעקל און מיטן געלן מגן־דוד אויף דער ברוסט, האָב איך אים דערזען פון דער ווייטנס און זיך אָפּגעשטעלט. מע קאָן דאָך נישט זיך אויסדרייען מיטן רוקן צו א מענטש, מיט וועלכן דו האָסט זיך באקענט.

— ווי גייט עס אייך? — האָב איך געפרעגט די באנאלע פראגע, אויף וועלכער מע ווארט געוויינטלעך נישט אויף קיין ערנסטן ענטפער, נאָר אויף יוצא וועגן.

— ווי אזוי זאָל עס מיר גיין? — נעמט שטערן איבער מיין פראגע — סע גייט מיר נישט בעסער און נישט ערגער ווי סיי וועלכן מת דאָ... קיין גרויסער אונטערשיד, צווישן נעכטן און היינט, איז דאָך דאָ נישט פאראן...

— דאָס קאָן מען דווקא נישט זאָגן — זאָג איך צו שטערנען — נישט אלע האָבן דאָך דעם זעלביקן גורל, אויך דאָ נישט... למשל, איך האָב זיך דאָ באקענט מיט איינעם (אפשר האָט איר אים באמערקט, ווייל אויך ער געהערט צו דער קאטעגאָריע פון „ווייסע קראָען", ווי מיר. הגם ער טראָגט יאָ תכריכים, ווי אלע מתים, האָט ער אָבער אזא משונהדיקן אויסזע, ער איז א קליינער, א ליליפוט, א הויקערדיקער, וואָס קוים זעט מען אים ארויס פון זיינע ברייטע און לאנגע תכריכים, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן פון דער ווייטנס!), איז ער געווען א שלימזלניק אויף יענער וועלט, און איצט איז ער דאָ, אָבער סע גייט אים נישט פיל בעסער ווי דאָרט...

— וואָס פאר א דאגות קאָן ער שוין דאָ האָבן? — כרעגט שטערן.

— ער האָט מיט זיין מישפּט נישט געענדיקט... מע האלט אים אין איין „בודק זיין די ציצית", און מסתמא ווייסט איר דאָך, אז מע זוכט — געפינט מען... יעדעס מאָל געפינט מען ביי אים אן אנדערן חטא.

— איך וועל אייך זאָגן אויפריכטיק — זאָגט שטערן צו מיר מיט א שמייכל. פאר וואָס האָב איך נישט באמערקט ביז איצט, אז ער טראָגט ברילן?! — אז איך האָב אזעלכע מין דאגות נישט. מיך האָט מען נישט געמישפט...

— וואָס הייסט נישט געמישפט? — פרעג איך פארוואונדערט — איז עס מעגלעך או מע זאָל עמעצן ארויסלאָזן אזוי פיל צייט און מע זאָל אים נישט רופן צום בית־דין של מעלה?!

— גערופן האָט מען מיך יאָ, אבער ווען עס איז געקומען צום טער־מין פונעם פראָצעס, איז עס פאָרגעקומען ווי א מאָדנע שפיל... איך האָב זיך געמאָלדן און ווען די דיינים האָבן מיך דערזען, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו שושקען צווישן זיך. וואָס זיי האָבן גערעדט צווישן זיך האָב איך דאָך נישט געהערט. איך האָב נאָר געזען, אז דער ראש בית־דין בייגט זיך צו צום אויער פונעם דיין פון זיין לינקער זייט און שעפטשעט אים עפּעס אריין, בעת יענער הויבט די ברעמען, דערנאָך האָט ער זיך צוגעבויגן צום דיין פון דער רעכטער זייט און אים אויך אריינגעשעפטשעט עפּעס אין אויער. דער האָט שוין נישט געהויבן מיט די ברעמען. אדרבה, ער האָט געמאכט אזא גרימאסע, וואָס מע האָט געזען אז ער דערשטיקט אין זיך א געלעכ־טערל, כדי נישט בבושה צו מאכן דאָס בית-דין... דערנאָך האָט דער ראש בית־דין א ווינק געטון אויף דעם קטיגור, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און צוגעגאנגען צום טיש פונעם בית-דין. דאָ האָט מען אים אויך עפּעס צוגעסודעט אין אויער אריין. און כמעט דאָס איז געווען מיין גאנצער מישפט.

— איך פארשטיי נישט. מיט דעם האָט זיך דאָך עס נישט געקאָנט פארענדיקן. דער קטיגור האָט גענומען דאָס וואָרט אייך פאָרצולייענען דעם באשולדיקונגס־אקט? איר האָט דערציילט בקיצור אייער לעבן? ווי אזוי, איז עס דען מעגלעך, אז מע זאָל אזוי אָפּפטרן א מענטש?!

— איך האָב זיך אויך געוואונדערט — זאָגט שטערן איצט שוין א ביסל פארלוירן ביי זיך, וואָס מע האָט אים געשענקט אזוי ווייניק אויפ־מערקזאמקייט — אבער וואָס זאָל איך געווען טון? איך האָב זיך געפּרוּאווט נאָכפרעגן ביי מיין סניגור, כדי איך זאָל וויסן וואָס עס איז מיט מיר גע־שען, און וואָס איך קאָן זיך דערוואַרטן. איז האָב אוך פיל נישט געקאָנט זיך דערוויסן אויך פון אים נישט... ער האָט עפּעס געבאָמבלט אונטער דער נאָז, ווי איינער וואָס רעדט און דאָך זאָגט ער גאָרנישט. נאָר ער באָמבלט סתם אזוי, כדי ער זאָל יוצא זיין, ער זאָל נישט בלייבן אָן אן ענטפער. ער האָט

מיך געפרעגט אויב איך האָב געהערט וועגן דעם מישפט פון איינעם „באָנציע שווייג“. איך האָב אים געזאָגט דעם אמת, אז איך דערמאָן זיך נישט פון אזא פאל. איך האָב בכלל נישט געקענט אזא מין פארשוין... ערשט שפּעטער, ווען איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, האָט מען מיך דערמאָנט אז דאָ האַנדלט זיך וועגן יצחק לייבוש פרצס דערציילונג. אָבער וואָס פאר א שייכות האָט מיין פראָצעס צו יענער מעשה? דער סניגור האָט מיר געענטפערט ווי אויף אָפּצוקומען, אז ער ווייסט אויך נישט גענוי, נאָר ווי סע ווייזט אויס, וויל דער בית־דין פון מיר פטור ווערן און מיך לאָזן אומגעמישפט...

— ווי אזוי זאָל מען עס פארשטיין? — פרעג איך אים — מע האָט אָפּגעלייגט דעם מישפט אויף אן אנדערן טערמין?

— איך האָב אויך אזוי געוואָלט מיינען, אָבער ווען איך האָב זיך אינטערעסירט ביים סעקרעטאריאט פונעם בית־דין האָט מען מיר געזאָגט, אז אין רעגיסטער איז נישט פארצייכנט קיין אנדערער טערמין, אין וועלכן מע זאָל מיך מישפטן. איינער, א מלאך, וואָס איז געוועזן דערביי און האָט געזען אין וואָס פאר א פארלעגנהייט איך געפין זיך, האָט ער ווייזט אויס רחמנות באקומען אויף מיר, וואָס מע לאָזט מיך אזוי, אומאויפגעקלערט, האָט ער געפּ־ואווט מיר געבן צו פארשטיין, אז סע זענען פאראן אויך אזעלכע פאלן. אמת, זיי זענען זייער זעלטענע, אָבער דאָך זענען זיי פאראן.

— וואָס זשע האָט ער אייך געזאָגט? — פרעג איך שוין א בייגעריקער שטערנדן.

— ער האָט געזאָגט, דער מלאך, אז סע זענען דאָ פאלן, און מסתמא איז אויך מיין פאל פון אָט דעם מין, אז די נשמה וועלכע מע דארף מישפּטן איז אין אזא מצב, וואָס מע האָט נישט וואָס צו געפינען אין זייער דאָסיר, אָן וועלכן דער קטיגור זאָל זיך האָבן כאָטש אָן עפּעס אָנצוטשעפּען — איז וואָס קאָן מען זאָגן ביי אזא מין פראָצעס?! איז דערקלערט מען אים „געבוירן על פי טעות“... דאָס הייסט אז ער האָט נישט געדארפט געבוירן ווערן, און אז ער איז דאָך געבוירן געוואָרן „על פי טעות“, איז דאָך די נשמה שוין גענוג אָפּגעקומען אויף יענער וועלט, איז פאר וואָס זאָל מען זי מישפּטן אויך דאָ?... און סע זענען פאראן נאָך א מין פאלן, ווען די נשמה האָט טאקע געליטן, אָבער זי אליין האָט א גרויסן חלק אין אירע אייגענעליידן פון יענער וועלט, אויך דעמאָלט קאָן מען אָפּלייגן דעם מישפט אָן א טערמין, אויף „סינע דיא“, ווי מע זאָגט...

— אין וועלכער קאטעגאָריע רעכנט איר זיך? — פרעג איך מיין אומגעמישפּטן „צדיק“ — הגם מען האָט אייך עס נישט געזאָגט, קאָנט איר

דאָך זיך אליין מעשער זיין, צו וועלכער קאטעגאָריע מע האָט אייך געזאָלט צוטיילן.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — זאָגט שטערן, בעת ער ווישט זיך אוים די ברילן, נאָר אזוי, פון געוואוינהייט, ווייל דאָ איז דאָך נישט שייך. דאָ זעט ער דאָך אָן די ברילן ווי מיט זיי — איך האָב גענוג געטראכט וועגן דעם, און נישט געקומען צו קיין מסקנה. בעסער וועל איך אייך זאָגן, אז איך קאָן פאררעכנט ווערן צוביידע קאטעגאָריעס צוזאמען. אָבער דאָך האָב איך געמיינט אז דאָס איז נישט נאָרמאל, אז מע זאָל לאָזן א נשמה אזוי, אָן א מישפט...

— איר האָט עפעס צו ליידן דערפון? — פרעג איך אים, כדי צו דערגיארן, וואָס עס זענען די פאָרטיילן אָדער די זכיה יאָ געמישפט צו ווערן, צי די נאָכטיילן ווען מען איז נישט געמישפט געוואָרן.

— ניין, צו ליידן האָב איך נישט. אדרבה, איך האָב אייניקע פאָרטיילן. וואוהין איך קום מאכט מען מיר פלאץ. די וואָס קאָנען מיין מצב האָבן א באזונדערן דרך-ארץ, ווי פאר איינעם וואָס אפילו דער בית־דין של מעלה האָט נישט געוואגט אים צו מישפטן... אָבער מיך האָט עס געמאטערט, פאר וואָס זאָל איך זיין אַן אויסנאם? איך וואָלט געוועזן געוואָלט געמישפט ווערן, ווי סיי וועלכע נשמה. גוט צי שלעכט, נאָר נישט אין א נישט־קלאָרער לאגע.

— די לאגע איז דאָך א קלאָרע — וויל איך טרייסטן שטערנען — לויט ווי איך האָב פארשטאנען פון אייערע רייד, האָט דער בית־דין נישט געהאט אייך וואָס פירצואווארפן, איז דעריבער האָט ער אייך נישט געמישפט.

— יאָ, אזוי ווייזט עס טאקע אויס צו זיין. אזוי האָט עס מיר געזאָגט אויך דער פארטיידיקער מיינער, דער אָפיציעלער סניגור. אָבער דערפון ווייסן דאָך בלויז יענע וואָס קענען מיין פאל, פאר די וואָס קענען נישט געגנוי מיין פאל, פאר זיי בין איך כמעט ווי איינער וואָס איז פארטילט געוואָרן אויף אייביקער כף־הקלע, וואָס הייסט נישט זכאי און נישט חייב, נישט אין גן-עדן און נישט אין גיהנום, נאָר אין אייביקן ארומבלאָנדזשען אין וויסטן תוהו־ובוהו...

— איר האָט געפרואווט א מאָל אריינגיין אין גן־עדן? — פרעג איך דעם חבר שטערן א נייגעריקער — איך, אויף אייער אָרט, וואָלט געגאנגען צום טויער פונעם גן־עדן, כדי צו פרואוון דאָס גליק, אז איך זאָל זען וואָס מע וועט מיר זאָגן.

— איך האָב טאקע אזוי געטון — זאָגט בערל שטערן מיט א שמייכל אונטער די ברילן — איך בין טאקע געגאנגען צום טויער פונעם

גן־עדן, און שטעלט אייך פאָר, אַז ווי נאָר איך האָב געזאָגט מיין נאָמען, האָט מען ברייט געעפנט די טויערן, אָן דעם אַז מען זאָל מיך געוועו פרעגן צוליב וואָס איך וויל אַריינגיין אַהין. צוויי מלאכים, וועלכע זענען געשטאַנען איינער ביי איין זייט טויער, און דער אַנדערער ביי דער צווייטער זייט טויער, האָבן אויסגערופן מיט אַ פייערלעכקייט, ווי מע פלעג טון שמחת־תורה צו חתן־תורה אָדער צו חתן־בראשית: „פנו מקום!" מאַכט אַ וואָרע, מאַכט אַ וואָרע!... איך האָב זיך קודם אַרומגעקוקט פאַרחידושט, פאַר וועמען רופט מען דאָס אויס אַ וואָרע צו מאַכן. נאָר אַז איך האָב געזען, אַז קיינער איז הינטער מיר נישטאָ, האָב איך זיך געכאַפּט אַז דאָס מיינט מען טאַקע מיך... שטעלט אייך פאָר, אַז עס איז מיר אַקעגנגעקומען יצחק אבינו און מיך גענומען אונטערן אָרעם ווי אַ חשובן גאַסט... דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דווקא יצחק אבינו זאָל מיך דאַרפן אָפּוואַרטן. ער איז דאָך ביי מיר געווען דער ווינציקסטער אָנגעזעענער פאַרשוין צווישן די דריי אָבות. ער האָט דאָך זיך מיט אַזוי ווייניק אַרויסגעהויבן נישט מער ווי אַ מיטלגאַטונגס מענטש צווישן די אָבות... אברהם אבינו, זעט איר, ער איז געווען אַן אמתדיקער פּיאָנער, אַ באַנברעכער, פון אַ נייער אמונה, פון מאָנאָטעאיזם. ער איז גערודפט געוואָרן בענבוג פאַר זיינע נייע אָנשויאונגען און דאָך איז ער געווען אַ האַרציקער מענטש, וואָס האָט געפּרואווט זוכן אַ זכות אויך פאַר די זינדיקע סדום־מענטשן — זעט איר, ער איז געווען אַן „עמעצער"! ווידער יעקב אָבינו, האָט זיך אויך אויסגעטיילט פון די אַנדערע, צוליב די דראַמעס וואָס ער האָט געהאַט איבערצולעבן. קודם די ליבע־דראַמע זיינע. ער איז דאָך געצוואונגען געווען אָפּצודינען ווי אַ שקלאַף גאַנצע פערצן יאָר פאַר אַ מיידל וואָס האָט אים געפעלן (איר קאָנט פאַרשטיין אַזאַ פאַרליבטע נשמה?), און ווען ער האָט שוין ענדלעך זוכה געווען זי צו באַקומען פאַר אַ פרוי — האָט ער נישט צייט געהאַט גוט זיך אַרומצוקוקן און הנאה האָבן פון איר שיינקייט, איז זי אַ שטאַרב געטון אַוועק: אין מיטן וועג... פון די צרות מיט זיינע קינדער רעד איך שוין נישט... זעלטן, ווען אַ פאָטער האָט אַזוי פיל קאָפּדאַרעניש געהאַט ווי ער (דאַרף איך אייך דערמאָנען די דראַמע מיט זיין איין איינציק טעכטערל, דינה?!), אָבער יצחק אָבינו, ער האָט דאָך אין פאַרגלייך מיט אים גאָר נישט געליטן... אַזוי האָב איך זיך געטראַכט, און איר וועט אייך וואונדערן — זאָגט שטערן, קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן — אויב איך וועל אייך זאָגן, אַז איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז יצחק אָבינו האָט מיר געלייענט די געדאַנקען. ער האָט

זיך א גלעט געטון ביי זיין באָרד (איר האָט געוואוסט, אז ער האָט אזא קליין שיטער בערדל, בעת אברהם אָבינו האָט א לאנגע ווייסע געדיכטע באָרד, ווי אַן אמתער פּאטריארך?!). און מיר שמייכלענדיק געזאָגט: „איר ווייסט, ר׳ דוב־בער, איר זענט מיר א ביסל א קרוב! (ווען ער האָט גערעדט צו מיר האָט ער געקוקט פאָרויס, אין דער טיף פון אומענדלעכן חלל. ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אז אזוי קוקט נאָר א בלינ־דער!). מיר זענען ווי צוויי ברידער: מיך האָט מען געפירט צו דער עקידה און אייך האָט מען געפירט צו דער עקידה, פּונקט ווי מיך"... חבר — שטערן שטעלט זיך פּלוצעם אָפּ און פרעגט מיך — ווי אזוי רופט מען זייך? איר זאָלט מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב נישט פארגעדענקט אייער נאָמען...

— מיך רופט מען בנימין זעליקאָוויטש — זאָג איך אים בדרך אגב, כדי ער זאָל נישט אָפּווייכן פון זיינע רייד.

—חבר זעליקאָוויטש — זאָגט בערל שטערן ווייטער — איך בעט אייך אז איר זאָלט מיר גלייבן, אז איך האָב עס געטון אומגערן, אָן א שום שלעכטער כוונה. עס האָט זיך מיר ארויסגעכאַפּט פּונעם מויל אָן מיין ווילן, פון אונטערבאַוואוסטזיין און האָב איבערגעריסן די רייד פון יצחק אָבינו: „מיר זענען ברידער?! שיינע ברידער זענען מיר... מיך האָט מען געגנבֿעט אזוי געפירט צו דער עקידה ווי אייך, ליבער ר׳ יצחק, נאָר מיט איין קליינעם אונטערשייד: בעת אַנשטאָט אייך האָט מען מקריב געווען אויף דער עקידה א לעמעלע, וואָס איז געוואָרן צוגעגרייט, מע ווייסט נאָך עד־היום נישט דורך וועמען (איר זאָלט מיר מוחל זיין, האָב איך אים געזאָגט מיט א ביסל חוצפּה, איר וועט דאָך נישט וועלן אז מע זאָל עס טאַקע גליי־בן, אז „צופאַליק" האָט זיך דאָרט ארומגעבלאָנדזשעט א לעמל, און זיך ווי אָנגעבאָטן: „קוילעט מיך אַנשטאָט דעם בן־יחידל!")... יאָ, אזוי האָט עס פּאַסירט ביי אייך... ביי מיר, זעט איר, טייערער זיידעניו, האָבן נישט פּאַסירט קיין ניסים. קיין שום לעמלעך האָבן זיך נישט געמאָלדן צו זיין מיין כפּרה — איך גופא האָב געמוזט זיך אויסשטרעקן אויף דער עקידה, אָן דעם אז איך זאָל זיין דערצו אפילו צוגעגרייט"...

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָט שטערן געזאָגט נאָך א קליינער פּויזע — סע האָט מיר באנג געטון, וואָס איך האָב געהאַט אזא עזותדיקע האלטונג לגבי דעם שטילסטן פון די אָבות... צוריק גערעדט, וואָס איז ער דען שולדיק, ווי אזוי מען האָט מיך מקריב געווען אויף דער עקידה?! נאָר וואָס זאָל איך איבערחזרן, איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז

דאָס האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל, אָן מיין ווילן... ער האָט זיך נישט געבייזערט אויף מיר, נאָר שטיל, מעשה צדיק, זיך א גלעט געטון דאָס שיטערע בערדל און מיך געטרייסט: „וואָס ווילט איר? אזוי איז עס געווען באַשערט... יעדער מיט זיין מזל!"...

— און דערנאָך האָט מען אייך אַרויסגעטריבן פונעם גן־עדן? — פרעג איך שטערנען, ווייל איך זע דאָך אז ער שפּאַצירט זיך דאָ אַרום מיט מיר צוגלייך.

— ניין, מע האָט מיך נישט אַרויסגעטריבן. פאַר וואָס זאָל מען מיך אַרויסטרייבן? איך בין דאָרט טאַקע ווי אין דער היים. אָבער דאָך נישט אין דער היים. סע מאַכט דעם איינדרוק, אז איך בין דאָרט א טאָלע־רירטער... איך האָב נישט דאָרט, ווי די אַנדערע צדיקים, אַן אייגענע שטול. איז גיי איך טאַקע אַריין ווען איך וויל עמעצן אויפזוכן; אָבער דאָרט בלייבן, בלייב איך נישט. אָבער אויך דאָס, מוזט איר וויסן, איז א זכיה: נישט יעדער קאָן דאָרט אַריין און אַרויס ווען סע ווילט זיך אים...

— איר האָט נישט געפּרוּווט קלאָר מאַכן אייער מצב, אויף וועלכן אופן סע זאָל נישט זיין?

— איך האָב יאָ געפּרוּווט. איר קאָנט אייך פאָרשטעלן, חבר זע־ליקאָוויטש, אז איך האָב זיך נישט געקאָנט און קאָן אויך איצט נישט זיך צופרידן שטעלן מיט אזא מין לאַגע. איך האָב אָנגעהויבן גיין צו די פּראָ־צעסן. גאַנצע נעכט ברענג איך מיר אָן אויסצוהערן די פאַרהאַנדלונגען ביים בית־דין של מעלה. איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אז סע איבלט מיך שוין אויסצוהערן אזוי פיל אָנקלאַגעס און פאַרטיידיקונגס רעדעס... איך האָב באַקומען דעם איינדרוק אז זיי זענען באַנאַלע, איינטאָניקע אויס־געדראָשענע פראַזן. זייט מיר מוחל — וועגדט ער זיך פלוצעם צו מיר — וואָס איך וואָג אזוי צו רעדן אויפן אַדרעס פונעם בית־דין של מעלה, אָבער ווען איר וואָלט געווען אָנוועזנט ביי עטלעכע אזעלכע פּראָצעסן, וואָלט איר אייך לייכט געקאָנט איבערצייגן, ווי אמת עס איז דאָס וואָס איך זאָג אייך... שטעלט אייך פאָר, אַז איך ווייס שוין כמעט פון פריער דעם איב־האַלט פון די רעדעס...ביידע, אי דער קטיגור אי דער סניגור, זאָגן דאָך דאָס זעלביקע, נאָר אין אַן אַנדערער ריי... דער קטיגור גייבט געוויינטלעך אָן מיט די מעלות, ווי ווייניק זיי זאָלן נישט זיין, דאָך מוז דאָך זיין עפּעס גוטס אויך אין לעבן פונעם גרעסטן רשע. איין מאָל אין זיין לעבן האָט דאָך אויך אזעלכער געטון דאָרטן עפּעס א מצווהלע, ווי נישטיק סע זאָל נישט געווען זיין. געבנוי אזוי האָט דאָך דער גרעסטער צדיק, כאָטש איין מאָל אין זיין

לעבן אָפּגעטון אַן עבירהלע, בשוגג אויב נישט במזיד, אָבער עפּעס געזינדיקט האָט ער דאָך אויך א מאָל... איז דאָס דער נוסח: דער קטיגור דערמאַנט קודם דרך־אגב דאָס מצווהלע, אָדער אפילו די ריי מצוות, וואָס דער געמיש־פּטער האָט געטון, און דערנאָך גייט ער אריבער צו די עבירות. זעט איר דאָ הייבט דער קטיגור אויף געוויינטלעך זיין שטימע און דונערט מיט עבירות, גלייך די וועלט וואָלט אומגעקומען... דאָס הייסט, אַז קודם האָט ער געזאָגט די זכיות, און תיכף איז ער אריבער מיט אַן „אָבער" צו די זינד... דער סניגור טוט עס פאַרקערט: קודם זאָגט ער, אין איילעניש, ווי אונטער דער נאָז, די עבירות, דערנאָך זאָגט ער אויך דעם זעלביקן: „אָבער" ער האָט געטון אויך גוטס. ער האָט געטון די און די מצווה... די מצוות זאָגט ער אויף א העכער קול, אמת נישט אזוי דונערנדיק ווי דער קטיגור די עבירות...

— איך בין געווען ביי א פּראָצעס — זאָג איך שטערנען — האָב איך געהערט ווי דער סניגור, ווען ער האָט געהאַט צו פאַרטיידיקן א קלאָרן מישפּט, האָט ער אויך געפּאַנפּעט עפּעס אונטער דער נאָז, אַז קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער זאָגט...

— יאָ, סע זענען פאַראַן אויך אזעלכע פאַלן... איר האָט אייך נישט געכאַפּט אַז ביי אזא פּראָצעס איז דער אורטייל שוין געווען פאַרטיק אויך פאַר דעם מישפּט?

— יאָ, איך האָב אויך געהאַט דעם דאָזיקן איינדרוק.

— אזוי, אַז איך בין זאַט געוואָרן אויך פון די פּראָצעסן — האָט פאַרגעזעצט שטערן — איצט גיי איך זעלטענער צו די מישפּטים... אָבער, איר זאָלט נישט לאַכן פון מיר, ווען איך וועל אייך זאָגן אַז איך האָב באַקומען מיין פּסק אויב נישט פונעם בית־דין של מעלה דירעקט, איז האָב איך אים באַקומען, אומדירעקט פון דער אזוי גערופענער „עפנטלעכער מיינונג"... איך האָב זיך אנומלט באַגעגנט מיט יענעם מיידל... איצט איז זי שוין א פרוי אין די יאָרן, אָבער איך געדענק זי דאָך פון יענער צייט, און אויך אייך האָב איך דאָך דערציילט וועגן איר, ווען זי איז געווען א מיידל... יענע וועלכע איז געבליבן מעוברת פון מיר, דערמאַנט איר זיך?

— יאָ, איך דערמאַן זיך — האָב איך געענטפערט, הגם ער האָט דאָך נישט געוואַרט אויף מיין ענטפער — אָבער איך פאַרשטיי נישט ווי אזוי איר האָט אייך דאָ געטראָפן מיט איר. איך זע דאָך אַז דאָ זענען נישטאָ קיין פרויען. זיי זענען דאָך באַזונדער און די מענער באַזונדער...

— יאָ, דאָס וואונדערט אייך? — האָט ער געזאָגט מיט אַן איראָנישן שמייכל — דאָס איז דווקא נישט שלעכט... ליידער האָב איך געהאַט

זייער ווייניק פרייד פון די פרויען אויף יענער וועלט. איך האָב געהאַט פון זיי מער לייד ווי פרייד... אפשר בין איך געווען א לא־יצלח, אָבער איך מיין, אז ווען אויך אויף יענער וועלט וואָלטן געווען ביז איין א גע־וויסן עלטער באזונדער די מענער און באזונדער די פרויען, אזוי ווי דאָ, ביזן עלטער פון דערוואקסענע, וואָלט דאָס לעבן געהאט גאָר אַן אנדערן טעם... מעגלעך אז איר וועט מיך נישט פארשטיין. איר וועט אייך טראַכטן, אז דאָס איז א גאָר סוביעקטיווע מיינונג. מעגלעך... אָבער ווען מע טראַכט א ביסל צו אָט דער „ראסע“, איך מיין אז די פרויען זענען פון א באזונ־דערער ראסע...

— אויב איך געדענק גוט — האָב איך איצט אויך געזאָגט מיט א שמייכל — האָט איר אין אייער לעבן געהאט צו טון מיט נישט פיל פרויען. איז פון וואו נעמט זיך צו אייך אזא אויפגעבראַכטקייט אויף די פרויען?

— איך בין נישט אויפגעבראַכט. איר האָט א טעות, חבר זעליקאָ־וויטש, קאָן זיין, אז ווען איך וואָלט טאַקע געווען געהאט מער צו טון, ווי איר דריקט זיך אויס, מיט אָט דעם מין מעכטיקן „שוואַכן געשלעכט“, וואָלט איך אפשר טאַקע געהאט פאר וואָס צו זיין אויפגעבראַכט. אָבער אזוי האָב איך באמת נישט פאַר וואָס צו זיין אזוי אויפגעבראַכט, אָביעקטיוו גע־רעדט. איך רעד נאָר אין אלגעמיין, בדרך כלל, איז דאָס א באזונדערע ראסע. זיי לעבן אין א באזונדערער אויסגעטראַכטער וועלט און האָבן כמעט גאָרנישט צו טאָן מיט אונדזער, דער מענערישער, רעאַלער וועלט... אפשר האָט איר אויך אמאָל באמערקט, א מיידל, נאָך אין די קינדערישע יאָרן, ווען זי איז נאָך אין די קינדער־שיכלעך, פילט זי שוין א נויטווענדיקייט זיך צו צירן און אָנטאָן קאָקעטיש. זי פילט שוין אזא מין טריב, אָן איינער־לעכן, אָן אומדערקלערלעכן פאר אירע מעשים, שוין וויל זי געפעלן... איז דאָס „נאָרכאל“ פאר אונדזער מענערישן פארשטאנד? וועלכער מאַן, דער פארדאָרבנסטער „דאָן זשואַן“, וועט דאָס פארלייקענען זיין עלטער? ווען מע פרעגט אים וויפל יאָר ער איז אלט, וועט ער זיך קיין מאָל נישט געפינען באליידיקט און וועט אייך ענטפערן אָן קווענקלעניש... די פרויען אָבער זענען שוין געוואוינט, כמעט אָן שום אינטערעס, צו פארלייקענען זייער עלטער. זאָגט מיר: פאר וואָס טוען זיי עס? איר וועט לאכן, אז איך וועל אייך דערציילן אז אויך דאָ, שוין פארן בית־דין של מעלה, ווען זיי קאָנען שוין נישט פארדעכטיקט ווערן פאר איך ווייס וואָס פאר אן אוואַנטורעס, אויך דאָ פארלייקענען זיי זייער אמתע עלטער. מיר האָט עס איינער גע־זאָגט, פון א פאל, אז א פרוי פון עטלעכע און פופציק יאָר האָט געזאָגט

פאַרן בית־דין של מעלה אז זי איז אין גאנצן אלט — צוויי און פערציק יאָר!... פרעג איך אייך: וואָלט דאָס א מאנצביל געטון? זאָגט אליין: וואָס פאַר אן אינטערעס האָט זי געהאַט דאָ, אויף דעם עולם צו זאָגן אזא פרעכ־ן גראָבן ווייבערישן ליגן?!... איך ווייס, אז וואָס אָנבאלאנגט די באַציאונגען מיט די פרויען זענען מיר, די מענער מיין איך, אויך נישט קיין צדיקים. אָבער וואָס עס איז אימשטאנד צו טון א פרוי דאָס קאָן אונדז נישט קומען אויפן געדאנק, נישט א מאָל אין חלום!... אפשר טאקע צוליב דעם זענען מיר כאָטש דאָ, אויף דעם עולם־האמת באשירעמט געוואָרן פון אָט די אלע ווייבערישע „פארגעניגנס"... דאָ זענען מיר כאָטש א ביסל צעשייד. מיר באגעגענען זיי בכלל זייער זעלטן.

— אָט האָט איר דאָך אָבער יעצט געהאַט דאָס „גליק" — זאָג איך שטערנען א ביסל איראָניש ארויסרופנדיק, ווייל איך האָב געזען ווי אויפ־געבראכט ער איז געווען אויפן „שוואכן" מין...

— יאָ, דאָס איז אן אויסנאם — זאָגט ער שוין מיט א טרויערי־קער מינע — דאָס מאָל בין איך פון די זעלטענע, וואָס דאָבן געהאַט אזא באשערט גליק צו האָבן אזא באגעגעניש, נאָך איידער איך בין גע־וואָרן פּוליעריק... דאָס איז טאקע איר צו פארדאנקען. זי האָט מיר געזאָגט, אז זי איז נאָכגעגאנגען מיט אינטערווענציעס, אז מע זאָל איר דאָס דערלויבן, אז זי זאָל מיך זען פאַר דער נאָרמאלער צייט. פאַר וואָס, מיינט איר, האָט זי עס אזוי שטארק באגערט, אָט די באגע־געניש?! זי האָט מיר געוואָלט דערקלערן „ליבע", זאָגט זי... זי האָט מיר דאָ צונויפגערעדט פון פייער און וואסער. אז זי האָט מיך נישט פארגעסן, קיין איין מינוט. זי האָט מיך שטענדיק געדענקט און געהאַט פאַר די אויגן, ווי דעמאָלט, ווען איך האָב זי ארומגענומען אין מיינע יונגע אָרעמס... איך קאָן אייך שווערן, ביי אַלעם וואָס איז הייליק, אז איך געדענק גאָרנישט, וואָס זי האָט מיך געוואָלט דערמאנען... איך געדענק בלויז ווי אין חלום אז מיר דאָבן זיך באהאָפטן (ווי אזוי זאָל איך מיך אויסדריקן, אז סע זאָל זיין ענלעך צו אן אמת?) אין איילעניש, צופאליק, אין א סטויג היי... מער געדענק איך נישט. איך דאַר דאָך נישט וואָס צו געדענקען. אלץ איז געווען ווי א פארבייגייענדיקער עפּיזאָד... הגם זי האָט מיר דערציילט איינצלהייטן וואָס האָבן אויסגעזען אז דאָס איז געשען ערשט נעכטן, צווייפל איך צי דאָס אלץ איז נישט מער ווי אן אויסגעטראכטע פאנטאזיע. אָבער אז איך האָב שוין נישט געקאָנט אויס־הערן אזוי פיל פילאָסאָפלערייען וועגן זאכן וואָס זענען דאכט זיך נישט גע-

שטויגן און נישט געפּלויגן (איך קאָן אייך כאַרזיכערן, אַז אויב דאָס וואָס זי האָט איבערגעחזרט מיט אַזוי פיל איינצלהייטן איז טאַקע געשען מיט איר אין דערווירקלעכקייט, דאַן קאָן איך שווערן אַז דאָס איז זיכער נישט פאָרגעקומען מיט מיר. מסתמא, האָט זי במשך דער לאַנגער צייט פאַר־מישט די יוצרות. ווער ווייסט מיט וועמען זי האָט איבערגעלעבט אַזאַ מין ליבע־אַוואַנטורע?!) יאָ, אַז איך האָב שוין נישט געקאָנט אויסהערן אַזוי פיל ווייבערישע פאַנטאַזיעס, האָב איך זי געפרעגט: „זאָג נאָר, צוליב דעם ביסטו געקומען מיך אויפזוכן? דאַכט זיך, אַז דאָס איז דיר נישט אָנ־געקומען אַזוי לייכט. פרעג איך דיך: האָט עס זיך געלוינט?"... זי האָט אַ ווײלע מיר גאַרנישט געענטפערט. זי איז געבליבן פאַרגליווערט ווי אַ שטיי־נערנער דענקמאָל. מע האָט געקאָנט באַמערקן ווי סע קאָכט אין איר די ריגזה. זי האָט געביסן אירע בלייכע מתימדיקע ליפּן און מיט אַ מאָל האָט זי צאָרנדיק ווי אויסגעשאָסן: „יאָ, סע האָט זיך געלוינט די גאַנצע מי, וואָס איך האָב צוגעוואַנדן, כדי דיר איין מאָל צו זאָגן דעם אמת אין פּנים אַריין... נישט נאָר דיר, נאָר די אַלע מענער, וועמענס פאַרשטייער דו שטעלסט מיט דיר פאָר, סיי דו ווילסט סיי דו ווילסט עס נישט... ווייל וואָס איז אמת, איז אמת, דו ביסט נישט אַרגער און נישט בעסער פון די איבערי־קע מענער, ביסט נאָר איינער פון די פיל. אָבער דו קאָנסט זיך טרייסטן, אַז אַלע האָט איר איין פּנים"...

— דאָס איז דער אמת, וועגן וועלכן זי האָט זיך מטריח געווען ביז אַהער אייך צו זאָגן? — האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איבער־געפרעגט שטערנען — עפּעס וויכטיקערס האָט זי שוין פאַר אייך נישט געהאַט צו זאָגן?

— ווי איך זע, האָט איר אויך פאַרלוירן דאָס געדולד — ענטפערט מיר שטערן, אָבער דער שמייכל האָט זיך מער ביי אים נישט באַוויזן. עס איז אים בכלל נישט געווען פריילעך אויף דער נשמה, אַז ער זאָל באַווייזן זיין געוויינטלעך איראָניש שמייכעלע — יאָ, איך האָב מיר אויך אַזוי פאַר־לוירן דאָס געדולד און זי טאַקע אַזוי געפרעגט, גענוי ווי איר: „צוליב דעם ביסטו געקומען מיך אויפזוכן כדי דו זאָלסט מיר אָט דאָס דאָזיקע נאַריש־קייט זאָגן"? האָט זי מיר מיט בייזקייט געענטפערט: „ניין, פאַרשטייט זיך, אַז נישט בלויז צוליב דעם... איך וויל דיר זאָגן עפּעס אַנדערש... דיין גאַנץ לעבן ביסטו געלאָפן אויסמיידן זיך אַליין... דו האָסט נישט געוואָוסט און קיין מאָל פון גאַרנישט געלערנט, אַז דעם אייגענעם גורל קאָן מען נישט אויסמיידן. אדרבה, וואָס מער מען אַנטלויפט, אָדער סע דאַכט זיך

בלויז אויס, אז מען אנטלויפט, דערנענטערט מען זיך, אלץ מער צו זיך אליין, צו זיין אייגענעם גורל... אָט האָסטו קודם געוואָלט אנטלויפן (נישט פון מיר, נאָר פון דיר גופא!) און געפאָרן קיין ארץ ישראל. מיט דעם האָסטו געמיינט אז דו ביסט פטור געוואָרן פון אלעמען, און צו אלעם ערשט פון נעם אחריות, וואָס דו האָסט געהאט (נישט אזוי לגבי מיר, ווי דווקא צו זיך גופא!) און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט? דו ביסט נישט דערלאָפן אין ערגעץ נישט... ווייסטו פאר וואָס? ווייל מע קאָן נישט אנטלויפן. אין ערגעץ קאָן מען נישט אנטלויפן פונעם אייגענעם פירגעשריבענעם גורל... דו האָסט נישט געוואוסט אז דאָס לעבן איז אין גאנצן איין איינציקע נאקעטע פאַר־טאליטעט?!... ניין, דו האָסט עס נישט געוואוסט. פון וואו זאָלסטו עס גע־וועך וויסן, האָסטו זיך דען אמאָל פארטראכט אז דו זאָלסט דערגיין צו אזא עלעמענטארן אמת?" (נישט ווילנדיק איז מיר געקומען אויפן געדאנק: פון וואו נעמט זיך צו איר, דעם פשוטן דערפערישן מיידל, אזוי פיל חכמה, אזוי פיל דערפארנקייט? אָבער זי האָט פאָרגעזעצט, ווי אין א לאנגן מאָ־נאָלאָג:) „דערנאָך, ווען דו האָסט שוין ווידער זיך באגעגנט מיט אן אנדער מין פאראנטוואָרטלעכקייט, אן אחריות וואָס איז געשטאנען פאר דיר, דאָס מאָל נישט פאר מיר, צי בלויז פאר דיר, נאָר דער גאנצער געזעלשאפט, אין וועלכער דו האָסט געלעבט, פארן אחריות צום גאנצן קיבוץ, ביסטו ווידער אנטלאָפן... יאָ, דו ביסט אנטלאָפן, נישט נאָר ווי א פחדן, נאָך ערגער!... האָסטו דיך געפרעגט כאָטש איין מאָל אין דער גאנצער צייט: וואָס איז געשען מיט מיינע חברים דאָרט אין קיבוץ, וועלכע איך האָב איבערגע־לאָזט אויף גאָטס באראָט? ניין, דו ביסט אנטלאָפן פון זיי, האָסט זיי אי־בערגעלאָזט דווקא דעמאָלט, ווען זיי זענען געווען אין אזא גרויסער סכנה, און האָבן געדארפט אויך דיין הילף אויף צו פארטיידיקן זייער לעבן, זייער ערד, וואָס איר האָט אין איינעם באפרוכפערט מיט אייער אייגענער נישט נאָר שוויס, נאָר אויך בלוט. יאָ, דו ביסט אנטלאָפן! און דערנאָך, ווען דער גורל האָט געוואָלט אז דיין גאנצע משפחה זאָל אומקומען, דאָס מאָל שוין פון די פאשיסטישע רוצחים ביסטו אנטלאָפן אין וואלד... אָבער זיי, אויף וועמען האָסטו זיי איבערגעלאָזט? האָסטו געטראכט כאָטש איין מאָ־מענט, אז אויך זיי וואָלטן געהאט דאָס זעלביקע רעכט, וואָס דו האָסט גע־זוכט פאר דיר, צום לעבן? פאר וואָס האָסטו נישט מיטגענומען כאָטש איין נפש מיט דיר, אז ער זאָל אויך מיט דיר צוזאמען פרואוון ניצול ווערן, אויב דאָס מזל וועט אייך צושפילן און וועט איבערלעבן? ניין, דו ביסט

אנטלאָפן, און האָסט אויך דעמאָלט נישט געטראַכט. דו האָסט דיך באַגניגט צו אנטלויפן. נו, ביסטו טאַקע אנטלאָפן, אָבער אין ערגעץ נישט דערלאָפן... דו ביסט אומגעקומען נאָך אפשר טראַגישער ווי זיי. דער חילוק איז נאָר, וואָס דו ביסט איצט פאַראורטיילט צו טראָגן דעם שאַנדפלעק אויף אייביק: דו טראָגסט אויך איצט דעם געלן מגן־דוד אויף דער ברוסט, און וועסט אים טראָגן דיין גאַנץ לעבן. ניין, וואָס רעד איך „א גאַנץ לעבן"? — דאָ וועסטו אים טראָגן מער ווי איין מענטשלעך לעבן. דאָ ביסטו פאַראורטיילט אים צו טראָגן — אייביק... פונקט ווי קין זיין צייכן"...

...ווען זי האָט זיך דאָס אָפּגעזאָגט, איז זי פאַרשוואונדן—האָט שטערן פאַרגעזעצט זיין טרויעריקן מאָנאָלאָג — זי האָט נישט געוואָרט אז איך זאָל איר עפּעס ענטפערן. אדרבה. סע האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זי איז דירעקט פאַרשוואונדן כדי מיר נישט צו געבן די מעגלעכקייט פאַר א רעפּליק. נאָר, וואָס זאָל איך איר אייגנטלעך געווען ענטפערן? איך האָב נישט געהאַט קיין כוח צו עפענען דאָס מויל...

...זעט איר — האָט בערל שטערן פאַרגעזעצט, ווי א מידער זעצט פאַר דעם וועג, אויף וועלכן ער האָט נישט געגוג כוחות אים צו דערגיין ביזן סוף. מע האָט געקאָנט אָנזען, אז אפילו דאָס, וואָס ער האָט מיר איצט נאָר וואָס דערציילט האָט אים אויסגעמאַטערט, ווייל ער האָט עס דאָך גע־דאַרפט נאָך א מאָל איבערלעבן דעם גאַנצן מוסר, וואָס יענע האָט אים געוואָרפן אין פנים אזוי ברוטאַל, ווי מע וואַרפט חלפים אויסגעשאַרפטע אין א נאַקעטן גוף — זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, אָט די ווערטער האָבן אויף מיר געווירקט מער ווי א פשוטער פסק פון א בית־דין, אויך ווען ער איז א של־מעלהדיקער... ער איז געווען ברוטאַלער, דער פסק־דין, וואָס האָט נישט דערלאָזט קיין שום פאַרטיידיקן זיך... און דער ווייטיק איז פאַר מיר מיט אזוי פיל נאָך גרעסער, וואָס איך מוז אָנערקענען אז זי האָט געהאַט רעכט מיט יעדן וואָרט, וואָס זי האָט מיר געשליידערט אין פנים אריין... וואָס מער סע פאַרגייט די צייט, מיט יעדן טאָג וואָס איך טראַכט מיר איבער די זאַך, זע איך איין, אז אלץ וואָס זי האָט געזאָגט איז אמת. איין זאַך פאַרשטיי איך נאָר נישט: ווי אזוי האָט זיך עס געמאַכט, אז זי, א דערפרעריש מיידל אָן בילדונג, אָן דערפאַרונג, זאָל קאָנען אזוי אנאַליזירן, גלייך ווי א כירורג וואָלט מיך געפּאַלמעסט, מיין גאַנץ לעבן, אין עטלעכע פראַזן, אָבער אזוי שניידנדיקע ווי מיט חלפים?!...

— איר זענט זיכער, חבר שטערן, אז זי איז עס געווען? — האָב איך געוואָלט אים טרייסטן, ווייל ביי מיר האָט אויפגעשפּראָצט א געדאנק, אז טאָמער האָט זי עמעצן אונטערגעשיקט, וועלכער האָט זיך פאַרשטעלט און אָנגענומען איר צורה כדי אים צו זאָגן אָט דעם באקעטן טרויעריקן אמת אין פנים...

— יאָ, זאָגט שטערן א פאַרצווייפלטער — איר זענט אפשר גערעכט. איך האָב מיר אויך אָנגעהויבן טראַכטן, אז אזוי זאָל עס געווען זיין... איך בין חושד דעם בית־דין גופא, צי כאָטש דעם קטיגור, וואָס האָט אפשר נישט געהאַט די מעגלעכקייט צי דעם מוט, מיר צו זאָגן אָפן, דאָס וואָס סע האָט מיר געזאָגט יענע פּרויענגעשטאַלט...

—אויב איר דערלאָזט אָט די עווענטואַליטעט — זאָג איך ארויס מיין געדאנק אויף א קול, הגם איך האָב נישט געוואַרט קיין ענטפער פון שטערנען ווייל דאָס איז דאָך נישט קיין פראַגע צו אים. זי איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויך צו מיר — איז די קריטיק, וואָס סע האָט אייך געזאָגט אָט יענע פּרוי, איז זי נישט געווען „זי" נאָר גיכער איינער פונעם בית־דין, איז ווי אזוי קאָן זיך עס צופּאַסן צום מישפּט אייערן?!... אָדער — אָדער. אָדער איר זענט א צדיק וואָס איר האָט דאָס רעכט צום גן-עדן, דאָס וואָס איז א ווירקלעכקייט, לויט איר דערציילט, איז דאָך די טיר צום גן־עדן אָפן פאַר אייך — אָדער איר זענט אזוי ווי יענע „פּרוי" האָט אייך געזאָגט, שליידערנדיק אייך די חטאים אין פנים אריין, דאָן, דאָן, ווייס איך נישט וואָס צו פאַרשטיין... איך קאָן נישט גלייבן, אז דער קטיגור וואָלט פאַרלוירן אזא גינסטיקע געלעגנהייט אייך אליין פירצואוואַרפן אלע חטאים...

— איר זענט גערעכט — זאָגט מיר בערל שטערן מיט א פאַרצווייפלטער פאַרלוירנקייט — אָבער ווי אזוי זאָל איך עס מיר דערקלערן?!... ביידע זאכן זענען דאָך „פאַקטן"...

— לאָמיר נאָר אנאַליזירן מיט קאָפּ — האָב איך געוואָלט אים העלפן צו פאַר שטיין — אז די טויערן פונעם גן־עדן זענען פאַר אייך אָפן, דאָס איז טאַקע א פאַקט. דאָס הייסט אז אייערע פאַרדינסטן זענען אָנערקענט געוואָרן. בעסער געזאָגט, אז אויך אָן א מישפּט, זענט איר דערקלערט געוואָרן פאַר א צדיק. ווייזט אויס אז צוליב דעם וואָס איר זענט אָפּגעקומען אויף יענער וועלט, זענט איר שוין געלייטערט געוואָרן (צוויי מאָל דאַרף מען דאָך נישט אָפּקומען אויך פאַר די גרעסטע זינד נישט!). בכן, איז דאָס א פאַקט...

— אָבער אויך דאָס איז א פאַקט! — האָט שטערן אויסגערופן, גלייך ער וואָלט געהאַט טענות צו מיר, אז איך בין נישט אויף זיין זייט — אָט

דאָס אַלץ וואָס יענע פּרוי האָט מיר אויסגעשעורהט דאָס קאַפּיטל מוסר, איז דאָך אויך אַ...

— וואָס איז דאָס מוסרן?! — האָב איך אים נישט געלאָזט אויסרעדן

— דאָס איז נישט קיין פאַקט. דאָס זענען ווערטער, וואָס זענען אפשר זייער שיין צוגעפּאַסט געוואָרן, אָבער זיי זענען קיין פאַקט נישט!... ווייסט איר פאַר וואָס? — האָב איך נאָך אַ קליינער פּויזע אַרויסגעזאָגט ווייטער מיינע געדאַנקען, וואָס האָבן דעמאָלט, בשעת מעשה, בעת אונדזער אַמפּערן זיך, מיר געקומען אין מיין מוח — אפשר איז די גאַנצע מעשה, מיט יענעם מיידל, צי פרוי, גאָר אין גאַנצן נישט קיין פאַקט, נאָר אַ חלום פון אייער אייגענער פאַנטאַזיע?!...

דעם לעצטן געדאַנק, וואָס איך האָב אים נאָר וואָס אַרויסגעזאָגט, אפילו אָן שום צוגרייטונגען, דאָס איז דאָך מיר געקומען אויפן זינען אין סאַמע אַמפּערן זיך, אָדער אַנאַליזירן די עווענטואַליטעטן, אָט דער לעצטער געדאַנק איז געפאַלן אין דער שטילקייט, ווי אַ גאַס־רעגן אויף אַ ברענענדיקן שייטער, וואָס איז נישט עלול צו לעשן דאָס פייער, נאָר אדרבה, סע צעפלאַקערט זיך נאָך העפטיקער...

אויך בערל שטערן האָט נישט געפונען קיין ווערטער אויף אָפּצוּוענט־פערן קעגן מיין היפּאָטעזע. ער האָט נישט געזאָגט „יאָ“, אַז עס איז מעג־לעך, אַז די גאַנצע מעשה זיינע מיט זיין געוועזענער יוגנט־חברטע זאָל זיין אַ פּשוט בילד, וואָס ער אַליין האָט עס אויסגעטראַכט, אין זיינע ראַנגלע־נישן מיט זיין אייגענעם געוויסן, אָדער אונטערבאַוואוסטזיין — אָבער ער האָט אויך נישט געהאַט גענוג כוח מיך אָפּצולייקענען, אַז דאָס איז נישט געווען קיין חלום, נאָר אַן אמתע באַגעגעניש, אויף דער וואָר, אָדער אויף דער וואַך, אַלץ איינס ווי אַזוי ער וואָלט עס אָנגערופן. ניין, בערל שטערן האָט נישט געזאָגט נישט „יאָ“, און נישט „ניין“. ער האָט זיך דערווייטערט פון מיר. אָן דעם אַז ער זאָל מיר שענקען כאָטש אַ „זייט געזונט!“ צי „אויף ווידערזען“.

אָבער אויך נאָך דעם ווי איך האָב זיך צעשייד פון בערל שטערנען האָב איך פאַרגעזעצט די געדאַנקען מיינע וועגן זיין קעגנערשאַפט צו די פרויען... איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ לידל, וואָס מיין פאָטער, זכרונו לברכה, האָט עס מסתמא געבראַכט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה:

איך בין א מיליטאריסטל.
און אינפאנטעריסטל —
דעם קיסר דין איך טריי;

איך טראָג דאָס ביקסל,
אויף מיין איקסל
שוין א יאָר — דריי.

איך טו מיר אויסמארשירן,
ווי איין קאוואליר,
איך פארכט מיך נישט פאר קיינעם
ווייל גאָט איז מיט מיר...

אזוי איז דאָס לידל, אָבער מיין פאָטער האָט עס געזונגען „א ביסל“ אנדערש, ער פלעגט עס פארענדיקן מיט:

איך פארכט מיך נישט פאר קיינעם.
ווייל דאָס ווייב איז מיט מיר...

דאָך האָט ער געהאט א ווערטל. יעדער מאן מיינט אין זיין ערשטן יאָר נאָך דער חתונה, אז קיינער האָט נישט קיין פרוי, [בלויז ער; אין צווייטן יאָר נאָך זיין חתונה הייבט ער אָן באמערקן, אז אויך אן אנדערער האָטא פרוי; אין דריטן יאָר טראכט ער זיך: הלוואי וואָלט איך אויך נישט געהאט...

מסתמא איז עס די מיינונג אויך פון שטערנען.

# פסיכיש קראנקע מישפט מען נישט?

ווען איך האָב גערעדט מיטן חבר מאַנידעס וועגן דער גאנצער גע־שיכטע פון בערל שטערן, האָט ער געהאט א גאר אנדערע מיינונג. מאַנידעס האָט אָפּגעליייקנט די גאנצע מעשה וואָס בערל שטערן האָט מיר געהאט דער־ציילט, וועגן זיין באגעגעניש מיט יצחק אָבינו אין גן־עדן און וועגן זיין באגעגעניש מיט זיין „אמאָליקער ליבע", וועלכע האָט אים געזאָלט אויס־גיסן ניין מאָס מוסר... מאַנידעס האָט געזאָגט, אז קודם עקזיסטירט נישט דאָ קיין שום גן עדן. דער גן־עדן איז „דאָרט" אויף יענער וועלט... און וואָס שייך דעם קאפיטל מוסר, וואָס מיר האָט עס אויסגעזען צו זיין אזוי רעאליסטיש און אפשר אויך א ביסל גערעכט, האָט עס אים, מאַנידעסן, אויסגעזען ווי אן אויסטראכטעניש פון א קראנקן מוח... ער האָט טאקע גע־זאָגט אזוי:

— אייער בערל שטערן ווייזט אויס צו זיין א קראנקער מענטש — האָט מאַנידעס געזאָגט מיט זיין שטענדיקן זיכערן שטעל, פון אן אלץ־ווייסער...

— וואָס הייסט א קראנקער? — האָב איך געפרעגט פארוואונדערט — דאָ זענען אויך פאראן קראנקע?

— געוויס זענען פאראן — האָט מאַנידעס מיר געענטפערט, גלייך ער וואָלט מיר געזאָגט א זעלבפארשטענדלעכקייט — וואָס דען האָט איר געמיינט. אז אויף יענער וועלט זענען זיי כמעט אלע געווען קראנק, און אז זיי זענען געשטאָרבן און אָנגעקומען אהער, זענען זיי געוואָרן אויסגע־היילט?! סע קומט מיר אויס קאָמיש: אן אלטע מויד, ווען זי האָט חתונה, ווערט זי א יונג־ווייבל... מיינט איר אפשר, אז ווען א חולה, וואָס האָט נישט געהאט קיין כוח בייצוקומען דעם טויט, איז ער מיט א מאָל געוואָרן געזונט? מיינט איר טאקע באמת, אז אלע נשמות זענען געזונטע?

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָב איך געענטפערט ווי א פארלוירענער שילער, וועלכן מען האָט געכאַפּט אז ער האָט נישט געמאכט זיין לעקציע — איך האָב נישט א מאָל געטראכט וועגן דעם. ווי אזוי זאָל איך מיר געוווען דאָס פאָרשטעלן, אז דאָ, אויף דער „יענער" וועלט, זאָל אויך עקזיסטירן קראנקע?! און אויב סע זענען דאָ קראנקע — דארפן דאָך אויך זיין דאָקטוירים...

— ניין, נישט אזעלכע קראנקע מיין איך — האָט מיך מאַנידעס אויס־געבעסערט — נישט וועגן פיזיש קראנקע רעד איך. דאָ לײַדט קיינער נישט אויף קיין פיזישער. קרענק. דאָ איז דאָך דער גוף בלויז אַן אימאַזשינארער, מע זעט דאָך דעם גוף נישט אַן, פונקט אזוי ווי מע זעט „דאָרט" נישט אַן די נשמה. מע קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן אז עס איז פאראן א גוף, געניי אזוי ווי מע שטעלט זיך „דאָרט" פאָר, אז עס איז פאראן א נשמה. דערפאר זענען דאָ נישט פאראן קיין פיזיש קראנקע, דאָס הייסט אז אויך די פיזיש קראנקע זענען נישט עפּעס אנדערש ווי פסיכיש קראנקע...

— ווארט א ווײַלע — האָב איך אונטערבראָכן מאַנידעסן — כדי איך זאָל בעסער פארשטיין און מיך נישט פארפּלאָנטערן אין אײַערע רייד, איז זײַט זשע מוחל און זאָגט מיר קלאָר: סע זענען פאראן פיזיש קראנקע אָדער נישט? ווײַל ווי אזוי איר האָט עס אויסגעמישט האָב איך עס נישט פאר־שטאנען גוט, וואָס איר ווילט זאָגן.

— נישט איך האָב עס אויסגעמישט — האָט מאַנידעס מיט א שמייכל מיר אָפּגעענטפערט — ווי סע ווײַזט אויס, זענט איר נישט גענוג קלאָר געווען אין דעם ענין נישט א מאָל דאָרט, נאָך אויך אויף יענער וועלט.. וואָס האָט איר געמיינט נאָך דאָרט זײַענדיק, אז מע קאָן פונאנדערטיילן דעם גוף פון דער נשמה? אז מען קאָן צעשיידן דאָס פיזישע פונעם פסיכי־שן? דאָס האָט מען דאָך נאָך דאָרט נישט געקענט, איז וואָס ווילט איר איצט פון מיר, אז איך זאָל דאָס נישט „אויסמישן"... איר האָט עס ווײַזט אויס נישט געוואוסט אויך ביז איצט, אז די גאנצע מעדיצין איז נישט עפּעס אנדערש ווי היפּנאָ־סוגעסטיווער קינצנמאכעריי, וואָס נישט אלע האָבן דעם מוט עס אָנצוערקענען, אז דאָס איז איינגעטונקען אין פּסיכאנא־ליזע, סיי מע זאָגט עס יאָ סיי מע זאָגט עס נישט ארויס אָפן. דאָך בלײַבט עס אזוי, ווי איך זאָג אײַך.

— וועגן פּסיכאנאליזע האָב איך געלייענט עפּעס, אָבער איך האָב נישט געוואוסט אז דאָס האָט צו טון מיט דער אלגעמיינער מעדיצינישער פּראקטיק.

— געוויס האָט עס צו טון — האָט מאַנידעס פאָרגעזעצט — טראַך דעם וואָס נישט אלע דאָקטוירים ווילן עס אָפן אָנערקענען. כמעט אלע מעדיקאמענטן, אלע רפואות, וואָס מע פארשרייבט און דער חולה נעמט זיי, זענען דאָך נישט עפּעס אנדערש ווי זעלבנארעריי, גלייך ווי היפּנאָזע... יאָ, סע זענען פאראן עטלעכע מחלות, זיי זענען צום גליק זייער ווייניק, וואָס זענען באמת ריין פיזישע קרענק, ווען דער גוף איז באשעדיקט גע־

וואָרן, אָדער די צעלן צעלאָזן זיך ווי א געוועב וואָס דער פאָדעם איז פארפוילט געוואָרן (ווי ביי א קרעפס!) און אין אזא פאל קאָן טאקע די גאנצע מעדיצין נישט אויפטון מער ווי דאָס אָפּשפּרעכן פון אן אלטער באבע...

— און די מעדיקאמענטן, די אלע מעדיצינען, אויף וועלכע עס איז געבויט די גאנצע מעדיצינישע באהאנדלונג?

— דאָס גאנצע איז כמעט נישט מער ווי אָפּנארעריי — האָט מאָבידעס פאָרגעזעצט מיט אזא זיכערקייט, גלייך ער וואָלט די גאנצע צייט געהאלטן [די מעדיצינישע וויסנשאפט אין זיין וועסטל־קעשענע — אָבער איר דארפט מיך נישט פארשטיין וואולגאר, ד.ז איך האלט אלע דאָקטוירים פאר שווינדלער. ניין, נישט דאָס וויל איך זאָגן. נישט זיי זענען די אָפּנארער, זיי טוען דאָך אלץ וואָס זיי האָבן געלערנט. און א סך מאָל געלינגט עס זיי אויסצוהיילן א קראנקן... נישט זיי זענען די אָפּנארער, נאָר די מעדיצינישע וויסנשאפט בכלל, איז באזירט אויף אָפּנארעריי. איך וויל אז איר זאָלט מיך פארשטיין: נישט זיי זענען די שווינדלער, נאָר מיר, די פאציענטן, זענען די נאראָנים, וואָס מיר נארן זיך אליין, און זיי, די דאָקטוירים העלפן אונדז נאָר ארויס אין דעם, אז מיר זאָלן זיך וואָס בעסער און וואָס גיכער נארן, ווייל בלויז דאָס קאָן אונדז ארויסהעלפן, אז מיר זאָלן זיך „אויסהיילן"... איר האָט מיסתמא געהערט פון יענעם שפּאס, ווען א דאָקטער האָט פארשריבן א רעצעפּט, אז מע זאָל מאכן אן איינשפּריץ מיט דיסטילירט וואסער און דער חולה האָט זיך דערנאָך געפילט בעסער?...

— יאָ, איך קאָן דאָס פארשטיין — האָב איך מיט אים מסכים געווען — איך האָב געהערט פון אזעלכע פאלן. און איך פארשטיי עס, אז עס איז מעגלעך...

— זעט איר? — האָט מאָבידעס זיגעריש אויסגערופן — אויב איר האָט אָט דאָס דאָזיקע פארשטאנען, איז א סימן אז איר זענט אויפן ריכטיקן וועג... איז קאָנט איר פארשטיין אויך דאָס וואָס איך האָב איצט געזאָגט... יאָ, נישט ווינציק קראנק היילט מען אויף דעם אופן, מיט אזעלכע מינים מעדיצינען, כאָטש זיי האָבן אזעלכע פארשידענע קלינגענדיקע נעמען (אָדער דווקא צוליב דעם וואָס זיי האָבן אזעלכע פארשידענע נעמען!) אויף לאטייניש אָדער לאטייניזירטע סימבאָלן. איר האָט געהערט ווען די דאָקטוירים באקלאָגן זיך אויף א קראנקן, אז ער „העלפט זיי נישט", און אז זיי באקומען נישט די הילף מצד דעם חולה, איז קאָנען זיי אים נישט היילן מיט קיין שום רפואות אויף דער וועלט?! יאָ, דאָס איז דער ערשטער באדינג, אז דער קראנקער זאָל „גלייבן" דעם דאָקטער... וואָס מער און

וואס גיכער דער קראנקער וועט גלייבן אין דער מעגלעכקייט, אז דער דאָק־טער קאָן אים אויסהיילן, אז די קרענק זיינע איז בכלל א היילבארע, אלץ שנעלער און בעסער וועט זיין די רפואה.

— יאָ, דאָס האָב איך געהערט — האָב איך מיט מאַנידעסן מסכים געווען, ווייל איך האָב טאקע אָנגעהויבן פארשטיין אז ער איז נישט אין גאנצן אומגערעכט — איך וועל אייך זאָגן נאָך עפּעס — האָב איך מיט א שמייכל צוגעגעבן — אויב איר וועט נישט לאכן, וועל איך אייך דערציילן אן ענלעכן פאַל, ווי אזוי א רבי האָט „געהאָלפן" אז א יידענע זאָל גע־בוירן א זון... מע דערציילט אז א חסיד האָט געעצהט זיין א באקאנטן, אז ער זאָל גיין צו זיין רבי, וועט יענער אים אָנווינטשן א בן־זכר, און ער וועט געהאָלפן ווערן. איז יענער געגאנגען, ווייל עפּעס אנדערש איז דאָך אים שוין נישט איבערגעבליבן צו טון, ער איז דאָך שוין אויסגעווען ביי פיל דאָקטוירים און סע האָט אים נישט געהאָלפן, איז האָט ער זיך געטראכט: וואָס קאָן עס שאטן, אז ער וועט גיין אויך צו דעם רבי? האָט טאקע פּאסירט א „מופת", אז צום יאָר האָט זיין פרוי געבוירן א קינד... דערציילט מען, אז יענער חסיד, וועלכער האָט אים געראָטן אז ער זאָל גיין צום רבי (ער האָט דאָך אויך נישט געהאט קיין קינדער!), ווען ער האָט דערהערט אז יענער איז געהאָלפן געוואָרן, איז ער אוועקגעלאָפן צום רבי: „היתכן, רבי לעבן, איך בין אייער א לאנגסטיקער חסיד און מיר האָט איר נישט ארויס־געהאָלפן אז מיין פרוי זאָל געבוירן א קינד, און יענעם, וועלכער איז געקו־מען צו אייך צום ערשטן מאָל האָט איר יאָ געהאָלפן?!"... דערציילט מען, אז דער רבי האָט אים געזאָלט ענטפערן, אז די שולד איז טאקע זיינע, דעם חסידס גופא... ווייל ער, דער רבי האָט גלייך אָנגעווינטשן פאר ביידע, נאָר יענער חסיד, וועלכער איז געקומען צו אים צום ערשטן מאָל האָט גע־גלייבט אין זיין אָנווינטש... ער איז תיכף געלאָפן קויפן א וויגל...

— זעט איר — זאָגט אויפגעהייטערט מאַנידעס — איך וועלכער בין אן אפיקורס, גלייב דווקא יאָ אין אָט דעם רבישן מופת... עס איז מעגלעך, אז א מענטש זאָל געהאָלפן ווערן פון אזא רבישער ברכה. גענוי אזוי ווי ער ווערט אמאָל געהאָלפן פון א דאָקטערישער מעדיצין — זיי קאָנען האָבן דעם זעלביקן ווערט, און די זעלביקע השפעה אויפן קראנקן, מיט איין באַ־דינג — אז דער קראנקער זאָל גלייבן... דאָ קומען מיר אָן צו דעם, וואָס איך האָב אייך פריער געזאָגט — אלץ איז געבויט אויף היפּנאָטישער איינרעדעניש... אָבער דער דאָקטער, דער דארף טאקע זיין — א דאָקטער... דאָס הייסט, אין דער ערשטער ריי א גוטער פּסיכאָלאָג.

— ליט אייער מיינונג, חבר מאַנידעס — זאָג איך — דאַרפֿן אַלע דאָקטוירים זיין פּסיכאָלאָגן?

— יאָ, זיי דאַרפֿן זיין קודם־כל גוטע, פֿאַרשטאַנדיקע פּסיכאָלאָגן, אויב נישט קאָן אויסקומען, אַז אַנשטאָט זיי זאָלן היילן דעם קראַנקן, קאָנען זיי אים נאָך מער קראַנק מאַכן... אָט למשל, אַז סע קומט אַריין צום דאָקטער אַ מענטש וועלכער קלאָגט זיך אַז סע שטעכט אים אין דער לינקער זייט, צי אין דער רעכטער זייט. דער דאָקטער באַהאַנדלט אים, ער באַקוקט אים, באַטאַפּט אים, הייסט אים הוסטן, ציילן „דריי און דרייסיק" און צום סוף זאָגט ער אים: „גייט אַהיים, איר זענט פֿיל געזונטער פֿון מיר!"... ווייסט איר וואָס סע וועט געשען? דער מענטש, איך וויל אים בכיוון נישט אָנרופֿן חולה, וועט גיין צו אַן אַנדערן דאָקטער און ווידער צו אַן אַנדערן, ביז ער וועט אָנטרעפֿן אויף איינעם, וועלכער וועט זיין מער פּסיכאָלאָג, ווי דער פֿריערדיקער, וועלכער וועט אים נישט אָפּפּטרן מיט גאַרנישט, נאָר וועט אים פֿאַרשרייבן אַ רעצעפּט, מיט דריי „טראָפּנס" יעדן טאָג... גלייבט איר, חבר זעליקאָוויטש, אַז אָט דער דאָזיקער דאָקטער, וואָס האָט אים „געגלייבט", אַז ער איז קראַנק, האָט אים יאָ געקאָנט אויסהיילן, ניכער פֿון יענע, וואָס האָבן נישט געגלייבט אין זיין קרענק?!

— ווילט איר זאָגן, אַז אַ דאָקטער דאַרף „גלייבן" דעם חולה, צי ער זאָל אים זאָגן דעם אמת, אַז ער איז שווער קראַנק, און דערמיט וועט ער אים אַרויסהעלפֿן?

— אויב איר האָט מיך אַזוי פֿאַרשטאַנען — דאָט ער זיך ווי געבייזערט אויף מיר — איז האָב איך גערעדט מיט אייך אומזיסט... איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז אַ דאָקטער דאַרף צו ערשט זיין אַ גוטער פּסיכאָלאָג, און וויסן וואָס יאָ צו זאָגן פֿאַרן קראַנקן און וואָס נישט צו זאָגן...

— מיר האָבן אָפּגעווייכט פֿונעם שמועס — האָב איך אים געוואָלט איבערבעטן — מיר האָבן אָנגעהויבן צו רעדן וועגן יענעם באַקאַנטן מיינעם, וועגן בערל שטערן, יענער מיטן מגן־דוד אויף דער ברוסט...

— יאָ, — האָט ער זיך ווי דערמאָנט — יאָ, טאַקע וועגן דעם רעדט זיך עס. ער איז טאַקע לויט מיין מיינונג אַ קראַנקער... נישט קיין פֿיזיש קראַנקער. נישט נאָר וואָס סע זענען אָזעלכע נישטאָ דאָ, נאָר אויך בכלל אין זיין גאַנץ לעבן האָט ער ווייזט אויס געהאַט ווייניק צו ליידן פֿון פֿיזישע קרענק. ער האָט מער געהאַט צו ליידן פֿון פּסיכישע — און דאָס, זעט איר, האָט אויף אים אויך געהאַט דאָ אַ השפּעה... דאַכט זיך, אויב איך געדענק

גוט, האָט איר מיר געזאָגט, אז ער איז קיין מאָל נישט געווען קיין באַ־ווייבטער?

— יאָ! — האָב איך מסכים געווען — טאקע אזוי האָט ער מיר דערציילט, אז ער האָט געהאט אין זיין לעבן עפּעס א צוויי עפּיזאָדן, צי אוועטורעס, מיט צוויי באוונדערע מיידלעך (איך מיין באזונדער, אין צייט־אָפּשניט און אין אָרט און אין זייער כאראקטער!), אָבער חתונה געהאט האָט ער קיין מאָל נישט...

— זעט איר — האָט מאָנידעס פאָרגעזעצט זיינע מיינונגען, וואָס איך מוז מודה זיין, אז זיי זענען געווען לאָגישע, איבערציינגנדיקע, איך האָב אָנגעהויבן גלייבן אין זייער אויפריכטיקייט — אויך דאָ איז א קאפּיטל פאר דער פּסיכאנאליזע... אויב איר האָט אמאָל געקאָנט עטלעכע פון אָט דעם מין מענטשן, איך מיין די וואָס האָבן זיך געעלטערט אומחתונה־געהאט, האָט איר געקאָנט באמערקן, אז ביי זיי האָט זיך מיט דער צייט אויסגעפאָרעמט א כאראקטער, וואָס איז נישט זייער באליבט אין דער געזעל־שאפט, מער אינדיווידואליסטיש, מער איינגעשלאָסן אין זיך און קאָנען נישט זיין אָפּנהארציקע (ביי אומפארהייראטע פרויען איז עס נאָך בולטער!). אָט די מין מענטשן האָבן א באזונדערן פּסיכישן בוי, זיי קאָן מען נאָך ווייני־קער „היילן”... זיי האָבן דאָך ווייניקער צוטרוי צו סיי וועמען... אויב איר האָט אפשר געפּרואווט אים צו זאָגן, אָדער כאָטש ארויסצואווייזן, אז איר גלייבט נישט אין דעם וואָס ער האָט אייך דערציילט, אין שייכות מיטן גן־עדן זיינעם, צי מיטן זיין באגעגעניש מיט זיין אמאָליק מיידל...

— איך בין טאקע באגאנגען אָט דעם פעלער — האָב איך אים אונ־טערבראָכן, ווייל איך האָב ערשט איצט פארשטאנען אז איך בין טאקע באַ־גאנגען דערמיט א פעלער — איך האָב אים ארויסגעזאָגט מיין מיינונג, אז די גאנצע מעשה וואָס ער האָט מיר דערציילט, איז ווייזט אויס נישט מער ווי א פאנטאזיע, ווי א חלום...

— נו, — האָט מאָנידעס נייגעריק געפרעגט — און וואָס האָט ער אייך דערויף געענטפערט?

— קודם האָט ער זיך דערבייזערט, דערנאָך האָט ער געזאָגט אז אפשר איז עס טאקע אזוי געווען. דערנאָך האָט ער זיך פון מיר צעשייד, אָן דעם אז ער זאָל מיר געווען זאָגן „א גוטן טאָג!“...

— יאָ, איר האָט נישט געדארפט אים זאָגן אזוי ברוטאל, אז איר גלייבט נישט וואָס ער האָט אייך דערציילט. ווייל רעאל איז דאָך נישט דאָס, וואָס איר גלייבט יאָ צו נישט פון דעם וואָס ער האָט אייך דערציילט. פאַר

איך איז דאָך דאָס דאָזיקע דאָס ווירקלעכע, דאָס וואָס ער „וויל“ גלייבן, נישט דאָס וואָס איר גלייבט... בכל אופן, דאַרף מען אים נעמען ערנסטער, ווי איר האָט אים גענומען. ער איז א טראַגישע פיגור...

— מעגלעך אז טאַקע צוליב דעם האָט אים דער בית-דין נישט גע־מישפּט — האָב איך געזאָגט — אויב זיי האָבן אים אויך אזוי פאַרשטאַ־נען, ווי איר האָט עס דערקלערט...

— עס איז מעגלעך — האָט מאַנידעס מסכים געווען מיט מיין מיינונג.

# אויף נישט צו גלייבן — דאַרף מען קודם וויסן...

— א מאָדנער מענטש זענט איר — האָב איך געזאָגט צו מאַנידעסן מיט א גוטווייליקן חוזק, ווייל איך האָב געזען אַז ער איז גוט אויפגעלייגט און וועט זיך געוויס נישט בייזערן, אויב איך וועל מאַכן א שפּאַס אויף זיין חשבון — איין מאָל זאָגט איר מיר, אַז איר זענט אַן איבערצייגטער אפּיקורס, און אַן אַנדערש מאָל גיט איר מיר צו פאַרשטיין מיט לאָגישע אַרגומענטן, אַז איר גלייבט, אָדער קאָנט גלייבן אין א מופת, וואָס סע באַווייזט א רבין...

— איך בין נישט קיין מאָדנער מענטש, נאָר איר האָט זיך נישט גענוג דערגרונטעוועט, אַז איר זאָלט באַנעמען אזא מין ענין... איר דאַרפט אייך נישט באַליידיקט געפינען, חבר זעליקאָוויטש, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז איר האָט גאָרנישט געלערנט וועגן פּסיכאָלאָגיע בכלל און וועגן פּסיכאַנאַליזע בפרט... איך דערמאַן זיך א ווערטל פון איינעם א רבי, וואָס האָט באַגעגנט אויף דער גאַס א יונגנמאַן, וואָס האָט געראַיכערט שבת, האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אים געפרעגט, „פאַר וואָס רייכערט איר אום שבת"? האָט יענער אים געזאָלט ענטפערן: „איך בין אַן אפּיקורס", האָט אים דער רבי ווייטער געפרעגט: „אביי-ורבא האָט איר געלערנט?" האָט יענער אים געענטפערט „ניין, איך האָב קיין גמרא נישט געלערנט"... „אויב אַזוי קאָנט איר קיין אפּיקורס נישט זיין", האָט אים דער רבי געזאָגט... זעט איר, אויף צו זיין א נישט-גלויביקער, אַזוי ווי איך בין, דאַרף מען האָבן געלערנט אויך כאָטש די הויפּט-יסודות פון דער אמונה... צו זאָגן פּשוט: „איך בין אַן אפּיקורס" דאָס קאָן יעדער איינער עם-הארץ זאָגן, אָבער איר זאָלט אים נישט גלייבן. ביים ערשטן ווינטל, וואָס טוט א בלאָז קעגן זיינע אינטערעסן, פיזישע צי גייסטיקע, אויב סע פּאַסירט אים עפּעס א נסיון, וועט ער נישט אויסשטיין און באַלד אָנהייבן זיך צו בעטן צו יענעם גאָט, וועלכן ער האָט ערשט צוריק מיט א קורצער צייט געלעסטערט. אין דער תלמודישער ליטעראַטור מאַכט מען א חילוק צווישן א מומר לתיאבון און מומר-להכעיס. צווישן אַן אפּיקורס וואָס זינדיקט צוליב זיין שוואַכקייט, וואָס קאָן נישט גובר זיין דעם יצר-הרע, זיין אינערלעכן טריב, לאָמיר זאָגן זיינע קערפּערלעכע גליסטונגען, אָדער רייצן, דער איז נאָך נישט אזא גרויסער רשע, לויט דער מיינונג פון עם תלמוד. אָבער ביי מיר, זעט איר, איז דער נישט ווערט אַז מע זאָל אים שעצן, ווייל ער אליין שעצט זיך נישט. דער איז נישט קיין אומגלויביקער, אַז ער זאָל ווערט זיין אַז מע זאָל אים

שעצן וועגן זיינע אָנשויאונגען. איך וואָלט אזא איינעם פארמישפט צום גיהנום... ביי מיר איז חשובער דער מומר־להכעיס, וואָס קאָן זיך דווקא יאָ צוימען זיינע באגערעניש, צי דעם יצר־הרע זיינעם, אָבער ער פירט זיך נישט לויט א געוויסער רעליגיעזער דאָגמע, ווייל ער איז א באוואוסט־זיניקער אפיקורס, צי אַן אטעאיסט.

— איר זענט א מומר־להכעיס — פרעג איך מאָנידעסן פשוט אים אויפצורייצן.

— דער באגריף איז נישט קיין ריכטיקער — האָט ער גאנץ ערנסט געענטפערט אויף מיין נישט־ערנסטער פראגע — א מומר־להכעיס, וויל הייסן, אז דער יעניקער גלייבט טאקע אין א גאָט, אָבער ער איז א שאָלטיק און וויל אים אָפטון להכעיס, און דווקא יאָ זינדיקן... איר פארשטייט עס ווי אזוי סע קומט אויס? איאָ, דאָס איז נאָך מאָדנער? יאָ, דאָס איז נישט נאָר מאָדנע, נאָר אויך נאריש... און דאָך זענען דאָ, אָדער בעסער געזאָגט: סע זענען געווען אזעלכע. אפשר געדענקט איר אז סע זענען געווען גענוג אזעלכע, וועלכע האָבן געוואָלט מאניפעסטירן זייער אטעאיזם בפרהסיה, זיי האָבן געגעסן אום סאמע יום־כיפור חזיר־פלייש, כדי צו באווייזן אז זיי זענען נישט קיין גלויביקע. זיי האָבן דעמאָלט גע־מיינט, ניין, זענען געווען איבערצייגט אז דערמיט ברענגען זיי עפעס א ניצן דער רעוואָלוציע... גלייבט מיר, אז עס איז געווען איינע פון די סאמע גרעסטע נארישקייטן. זיי האָבן געברענגט מער שאָדן ווי ניצן... נאָך מער, איך גלייב נישט און האָב קיין מאָל נישט געגלייבט אזעלכע מין אטעאיסטן. זיי זענען געווען נישט מער ווי פלאפלער וועגן אטעאיזם. זיי האָבן מסתמא איין מאָל אריינגעקוקט אין יענעם באנאלן ביכל, וואָס א נאַ־רישער ייד האָט אָנגעשריבן „די ביבל פאר גלייביקע און אומגלייביקע“ און זיי האָבן שוין געמיינט, אז זיי האָבן זיך אויסגעלערנט „תורה כולה אויף איין פוס“ ...ניין, מיין ליבער חבר זעליקאָוויטש, אויף צו זיין אַן אפיקורס, אַן אטעאיסט, דארף מען קודם זיצן יום־ולילה און לערנען. מע דארף זיך פארברענגען די יונגע יאָרן, טאָג און נאכט צו זיין איבערגעבויגן איבער דער גמרא, איבער א רמבם, נאָר דעמאָלט קאָן מען זיין אַן אטעאיסט... אויב איר האָט נישט געלערנט — קענט איר נישט, און אויב איר קענט נישט, מעגט איר איבערחזרן ווי א פאפוגיי הונדערט מאָל, אז איר גלייבט נישט, וועל איך אייך דאָס נישט גלייבן. ווייל דער מענטש, דעם וואָס איר קענט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, דער איז יאָ א גלייביקער, ווייל ער האָט עס [געירשנט פון טויזנטער יאָרן, נאָך זינטן אורמענטש, וועלכער האָט זיך געבוקט [צו דער

זון, וואָס האָט אים געוואַרעמט, ווייל קיין אנדערע באוואַרעמונג האָט ער דאָך נישט געהאַט, נישט א מאָל קיין מלבוש אויף זיך... אזוי אז איר זאָלט נישט זאָגן, אז איך בין א מאָדנער מענטש — האָט ער פאַרענדיקט זיין מאָנאָלאָג אין גוטן טאָן. סע האָט זיך אָנגעזעגט, אז ער איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך ארויסצוזאָגן זיינע מיינונגען אין דעם ענין רעליגיע, ניין, ער האָט זיך נישט געבייזערט וואָס איך האָב אים ביים אָנהייב שבועס געשטעמפּלט פאַר א „מאָדנעם מענטשן“. אדרבה, ער האָט עס אָנגענומען ווי א קאָמפּלימענט — אויב איר נעמט מיך אָן פאַר א מאָדנעם מענטש דאַרפט איר וויסן, אז די וועלט, די מענטשהייט, גייט אויפן וועג פון פאַרפּולקומען זיך, צו דערגיין צו אזא מין מאָדנעקייט, צו באוואוסטזיניקייט.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָב איך אים קוים געוואַגט ארויסצוזאָגן מיין מיינונג, ווייל ער האָט דאָך גערעדט מיט אזא זיכערן טאָן, גלייך ער וואָלט געהאַט אין דער קעשענע די גאַנצע „מענטשהייט“ און די גאַנצע „מאָרגנדיקע וועלט“. מיינונגען מיט וועלכע איך האָב זיך געפילט מיט שפּלדיקער עניוות און צוגעדריקט ווי צו א וואַנט, וואָס לאָזט מיך נישט אדורכגיין, מיט מיינע באַשיידענע און נישט געוואַגטע מיינונגען. ער איז געווען איבערצייגנדיק אויף דעמאָלט ווען ער איז נישט געווען אין גאַנצן גערעכט. איין זאַך איז געווען קלאָר פון זיינע רייד, אז ער איז דורכגעדרונגען מיט א געזונטן אָפּטימיזם, מיט א זיכערן גלויבן אין מאָרגנדיקן טאָג, אויף דעמאָלט, ווען אויפן האָריזאָנט האָבן זיך באוויזן וואָלקנס, וואָס ער האָט זיי אויך נישט געקאָנט פאַרזען, איז דערפאַר האָב איך נישט געוואַגט צו פיל אים אקעגנצורעדן, אָבער דאָך האָב איך געפילט אז איך מוז אים זאָגן אויך מיין מיינונג, אז ווען ער רעדט וועגן דעם „מאָדערנעם מענטש“ צי וועגן דעם נייעם טיפּ מענטש, צי אפילו וועגן דער נייער וועלט, נעמט מיך ארום א שוידער, ווייל איידער מיר זאָלן צוקומען צום שלימותדיקן מענטש, אָט יענעם וואָס ער זאָגט, אז ער איז אויפגעוואַקסן, אָדער ער דאַרף זיין אויפגעצויגן אין שטודירן און פאָרשן, כדי אויסצוקענען די וועלט און דעם ארום. מיט דעם בין איך דאָך מסכים מיט אים, אז דער מענטש דאַרף זיך דערהייבן צו דעם ניוואָ פון דער הייַנטיקער צייט, צו דער הייַנטיקער טעכניק, איז האָב איך אים דאָך געמוזט זאָגן אין פנים אריין אויך מיין מיינונג — דאָס האָט איר, חבר מאָנידעס, אפשר רעכט, אז עס איז נישט גענוג וואָס דער מענטש האָט זיך אויסגעלערנט גיין ווערטיקאַל, בלויז מיט צוויי פיס און באַפרייט די פאָדערשטע גלידער כדי זיי צו פאַרוואַנדלען אין הענט, וואָס זענען ביכולת צו באַווייזן

וואונדער... יאָ, דאָס איז נישט געַנוג, אדרבה, עס איז גאָר אָנצווזען א סכנה, אז באפרייענדיק זיינע הענט פון ארומקריכן מיט זיי אויף די ביימער, האָט ער זיי געגעבן א גאָר אנדערע „נישט מענטשלעכע“ פארווענדונג. שטאָטס צו טון מיט זיי עפּעס ניצלעכס, אי פארן מיטמענטש, אָדער פאר דער געזעלשאפט, טוט ער מיט זיי אָפּ געפערלעכע מעשים, וואָס זענען נענטער צו יענער צייט, ווען ער האָט זיך מיט זיי געדראפּעט אויף די ביימער... איז ווי אזוי ווילט איר אז אָט דער מענטש זאָל אָנקומען צו א פארפולקומענשאפט?

— היינט זענט איר נישט גוט אויפגעלייגט — זאָגט מאָנידעס מיט א שמייכל — היינט זעט איר אלץ מיט שווארצע ברילן. וואָס האָט איר אייך דערשראָקן פאר עטלעכע יינגלעך, וואָס מאכן א רעש ווי מיט גראַ־גערס? מיינט איר טאקע אז זיי שטעלן פאָר מיט זיך די מענטשהייט, אָדער דעם מענטש פון היינט?!

— איך וואָלט עס אויך געוואָלט אָנרופן „גראגערס“ — זאָג איך אים איראָניש אָבער מיט ווייטיק — איך זע אָבער דאָך אז אנשטאט גראַ־גערס מאכן זיי א רעש מיט באָמבעס און גראנאטן, און אויב מיר גייען פאָרויס אויף אזא מין „לוסטיקן וועג“, ווייס איך באמת נישט וואוהין די „מענטשהייט“ אייערע (אָדער אונדזערע?) קאָן דערגיין... אפשר זענט איר גערעכט, אז איך בין נישט צום בעסטן אויפגעלייגט. נו יאָ, אז מע קוקט זיך צו צו אזא שפּיל. קאָן מען זיין בעסער אויפגעלייגט?! איך בין מסכים אז די געשיכטע גייט טאקע פאָרויס, זי אנטוויקלט זיך, יאָ, נישט אין קיין קרייז, זי חזרט זיך נישט איבער, נאָר אנטוויקלט זיך אין א שפּיראלע, יעדעס מאָל אויף א העכערער מדריגה... גלייבט מיר, איך קאָן אויך די טעאָריע — האָב איך זיך ווי געבעטן צו אים — איך ווייס אויך, אז די קוואנטיטעט, ווען זי זאמלט זיך אָן, פארוואנדלט זי זיך אין קוואליטעט, אז דער היינט איז מיט עפּעס העכער ווי דער נעכטן און גאנץ זיכער וועט דער מאָרגן זיין אויף א העכערער מדריגה פונעם היינט און דער איבערמאָרגן וועט נאָך העכערער זיין אפילו פונעם מאָרגן. דאָס אלץ איז טאקע אמת. די פראגע שטעלט זיך נאָר: וואָס אנטוויקלט זיך? וואָס וועט מאָרגן זיין מער אנטוויקלט, אָדער פארפולקומט?

— וואָס הייסט וואָס?! — חידושט זיך מאָנידעס — די מענטש־לעכע ציוויליזאציע!...

— ציוויליזאציע? — האָב איך אויסגערופן אָן אויפגעטראָגענער, נישט קאָנענדיק זיך באהערשן, אז דער שמועס זאָל האָבן א רואיקן, הגם

פּאָלעמישן כאַראַקטער אָבער דאָך צו רעספּעקטירן אויך יענעמס מיינונג
— וועגן וועלכער ציוויליזאַציע רעדט איר?
— וואָס הייסט וועגן וועלכער? וועגן דעם וואָס מע פאַרשטייט בכלל אונטערן וואָרט ציוויליזאַציע...
— עס איז דאָך געווענדט — זאָג איך אַן איינגעעקשנטער — וואָס מע פאַרשטייט אונטער אָט דעם וואָרט. אויב איר ווילט פאַרשטיין ציוויליזאַציע, אַז אַנשטאָט צו באַניצן אַן אומאויסגעאַרבעטע פעל פון אַ שאָף, צי פון אַ בער, אויף צוצודעקן דעם מענטשלעכן קערפּער כדי סע זאָלן זיך אים נישט אַרויסזען יענע טיילן וואָס זענען אומפאַרמיידלעך וויכטיק, און דאָך האָט זיך איינגעפירט אַ מינהג זיי צו פאַרדעקן מיט עפּעס, איז פאַרדעקט מען זיי היינט מיט מאָדערנע שיינע הויזן — אויב דאָס רופט איר אָן ציוויליזאַציע, איז עס זייער שיין פון אייער זייט... אָבער אַז איר ווילט אָנרופן ציוויליזאַציע יענץ מעסער, וואָס ווערט באַניצט אַנשטאָט דעם אויסגעשאַרפטן שטיין, איז דאַרף מען זיך נאָך איבערטראַכטן אויב איך זאָל מסכים זיין מיט אייך, צי דאָס איז טאַקע ציוויליזאַציע...
— דאָס איז ביי אייך, חבר זעליקאָוויטש, נישט ציוויליזאַציע?!
— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז ניין — האָב איך אים גאַנץ אָפן געזאָגט — דאָס איז ביי מיר נישט קיין ציוויליזאַציע. דערמיט איז דער מענטש נאָך נישט געוואָרן ביי מיר מער „מענטש". אויב ער איז עס, דאַרף ער עס צוערשט באַווייזן און ליידער באַווייזט ער דעם היפּוך... לויט מיין מיינונג, איז דאָך נישט דאָס מעסער, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַשאַפן, אַנשטאָט דעם אויסגעשאַרפטן שטיין, די ציוויליזאַציע — נאָר דאָס וואָס ער איז גרייט צו טון מיט אָט דעם מעסער...
— דאָס זענען סכאָלאַסטישע קליגלערישע גריבלענישן — זאָגט מאַנידעס אַ ביסל אָן אויפגערעגטער — דאָס זענען קליינבירגערלעכע בילבולים, פאַר די וואָס ווילן נישט זען דאָס נייע...
איך האָב אים אונטערבראָכן די מין רייד, וואָס זענען נישט עלול געווען פאַר אַ מעסיקן שמועס, וואָס קאָן עפּעס אויפקלערן:
— אויב איר רעגט אייך אויף, חבר מאַנידעס — זאָג איך געלאַסן — איז דאָך דער ערשטער סימן, אַז איר זענט נישט גערעכט, אַז איר האָט נישט קיין קעגנאַרגומענטן... צו וואָס טויגן די עפּיטעטן פון „קליינבירגער", איר ווילט מיך מיט זיי איבערצייגן? איר ווייסט דאָך שוין אַז

פון אזעלכע מין עפיטעטן בין איך שוין זאט. מיך וועלן זיי שוין נישט אנטוואָפּענען. איך האָב זיי געהערט צו פיל מאָל, אז זיי זאָלן מיך באַ־איינפלוסן. אדרבה, ווען איך הער זיי, ווייס איך שוין, אז איך האָב זיך נישט צו דערוואַרטן אויף קיין לאָגיש וואָרט... איך וויל דאָך פון אייך זיך נישט דערהאַרטן אויף אזא מין באגיין זיך... איך מיין אז דאָס האָט זיך ביי אייך ארויסגעכאַפּט אזוי אָן אייער רצון, פון געוואוינהייט. דער־פאַר נעם איך זיי נישט ערנסט און וועל אייך זאָגן, אז איר זאָלט מיר ענטפערן, אויב איר האָט וואָס צו ענטפערן אויב נישט — איז בעסער לאָמיר זיך צעשיידן ווי גוטע שכנים און לאָמיר נישט רעדן וועגן אַ־זעלכע ענינים. לאָמיר רעדן וועגן ליבע־אַוואַנטורעס...

— זייט מיר מוחל — האָט מאַנידעס אראָפּגעלאָזט דעם טאָן — אפשר זענט איר גערעכט, איך האָב זיך נישט געדאַרפט אויסדריקן אזוי. מיך האָט ארויסגעבראַכט פון די כלים, וואָס איר האָט גענומען דעם נעאָליטישן אויסגעשאַרפטן שטיין, און אים פארגליכן מיט א היינטיק מעסער, וואָס איז פאבריצירט געוואָרן פון א פיינעם שטאָל...

— גוט, וואָס איר האָט זיך אָפּגעקילט — זאָג איך אים מיט אָן איבערבעטנדיקן טאָן — אָבער דערלויבט מיר אייך אויסצוקאָריגירן: איך פארגלייך נישט יענעם אויסגעשאַרפטן שטיין מיטן „היינטיקן" שטאָלענעם מעסער, ווי איר זאָגט. אפשר האָט איר מיך נישט גוט פארשטאַנען. דאָס מעסער, וועגן וועלכן איר רעדט איז שוין נישט קיין „היינטיקס". היינט איז שוין פארעלטערט אויך דאָס מעסער. היינט זענען שוין פאַראַן פיל מאָדערנערע מכשירים... איך וועל אייך עס פארטייטשן אויף פראָסט פשוט: קין האָט געטייט הבלען מיט יענעם קוים אויסגעשאַרפטן שטיין. דאָס הייסט, אז ער האָט געדאַרפט זיין אין זיין דירעקטער נאָענט. ער האָט אים געקאָנט מיט איין האַנט אָנכאַפּן ביים גאָרגל (מסתמא האָט ער טאַ־קע אזוי געטאָן!) און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אים געפּלעטט דעם קאָפּ, טאקע מיט יענעם קוים אויסגעשאַרפטן שטיין... היינט, איז שוין אייער ציוויליזאַציע א שלימותדיקע. זי איז זייער פאַרפולקומט. היינט מעג דער קין זיך געפינען אין איין עק וועלט און הבל אין דעם אנדערן עק, זיי דאַרפן זיך נישט זען אפילו און דאָך וועט אים קין אָנטרעפן מיט א ראַקעטע (אנשטאָט א שטיין!) אין הבלס מוח... אויב איר רופט עס אָן ציוויליזאַציע, איז זייט זשע מיר מוחל: איך קאָן זיך אָפּזאָגן פון אזא מין ציוויליזאַציע... פאַר מיר וואָלט מער ציוויליזירט געווען אָט יענער נישט אויסגעשאַרפטער שטיין...

— וואָס זשע הייסט ביי אייך ציוויליזאַציע? — האָט מאַנידעס א פרעג געטון — אויב איר מיינט אז דער קין-הבלישער דזשונגל איז אייך בילכער?

— יאָ, דאָ זענט איר שוין גערעכט — זאָג איך שוין אָן אויפגעהייטערטער — אויב איר רעדט וועגן דזשונגל... יאָ, מיט דעם בין איך שוין מיט אייך מסכים: פאר א דזשונגל, איז דאָס טאקע אז אנטוויקלטע ציוויליזאַציע. געוויס איז א ראַקעטע בפרט אן אטאָמישע ראַקעטע, מער ציוויליזירט ווי דער נעאָליטישער אויסגעשארפטער שטיין... נאָר איך וועל אייך זאָגן, אז די וועלט בוויטיקט זיך נישט אין אזא מין ציוויליזאַציע, בכּרט נישט פאר איר עקזיסטענץ. אדרבה, די עקזיסטענץ פון אָט דעם קליינעם (זי איז געוועזן גרויס, אָבער זי איז קליין געוואָרן, טאקע צוליב אָט דער „ציוויליזאַציע"!) וועלטל קאָן נישט פיל דויערן מיט אזא מין ציוויליזאַציע...

— איך וועל אייך דערמאנען א תלמודישע לעגענדע, אויב איר וועט קיין פאראיבל נישט האָבן — האָט מאַנידעס שוין מיט א איבערבעטנדיקן טאָן געזאָגט — אפשר האָט איר זי אמאָל אויך אָנגעטראָפן, איז וועל איך זי אייך בלויז דערמאנען: א תלמיד פון די תלמודישע תנאים, וואָס איז בייגעוועזן ביי די פארהאנדלונגען וועגן פריוואַט-אייגנטום פון טויבן. סע זענען דאָך פאראַן טויבן וואָס זענען הפקר, וואָס געהערן נישט צו קיינעם, זיי האָבן נישט קיין בעל־בית און סע זענען פאראַן טויבן וואָס לעבן אין א שטייג, זיי האָבן א בעל־בית, זיי זענען זיין אייגנטום. איז אז מע געפינט א טויב, ווי אזוי קאָן מען וויסן וועלכע איז א פרייע און מע קאָן זי כאַפּן אין א געיעג, ווי סיי וועלכן פרייעם פויגל, און וועלכע איז אַן אייגנטום פון א בעל־בית און מע טאָר זי נישט פאנגען?! אָט אזוי איז געפירט געפאָרן די דיסקוסיע צווישן די בעלי התלמוד. איז אָט יענער תלמיד, וועלכער איז פארכאַפּט געוואָרן פון די ספּעציפיש אבסטראַקטע תלמודישע פּילפּולים, אריינגעפאלן אין די רייד און געפרעגט א שאלה: „ווי אזוי קאָן מען דערקענען וועלכע טויב איז א הפקרע און וועלכע נישט?" האָט מען אים געענטפערט אז „אויב די טויב איז ביי א מרחק פון פופציק איילן פון דער שטייג, געהערט זי צום בעל־בית פון דער שטייג — געפינט זי זיך אויף א מרחק וואָס איז גרעסער פון פופציק איילן, איז זי הפקר און מע מעג זי כאַפּן און אהיים טראָגן"... דאכט זיך אז דאָס איז קלאָר? אי די שאלה אי דער ענטפער. און ביז אהער איז גאָרנישט געשען אויסטערלישס. אָבער דאָס אויסטערלישע איז ערשט איצט געקומען. דער תלמיד, מסתמא מיט א גרויסער מאָס נאאיוויטעט, האָט זיך נישט געלאָזט באגניגן און געפרעגט ווייטער: „ווי אזוי איז דער דין, אז דאָס טייבעלע שטייט אויף דער סאמע גרענעץ

פון די פופציק איילן, איין פיסעלע אויף איין זייט און דאָס צווייטע פיסעלע געפינט זיך אויף דער צווייטער זייט פון דער גרענעץ פון די פופציק איילן, איז אין אזא פאל — צו וועמען געהער דאָס טייבעלע?!"... דערציילט די לעגענדע אז מע האָט דעם תלמיד ארויסגעטריבן פונעם בית-המדרש. פאַר וואָס? ער האָט אריבערגעשטיגן מיט זיין פראַגע דעם אבסורד, וואָס אפילו די סכאָלאסטישע תלמודישע געלערנטע האָבן זיך געקאָנט דערלויבן...

— וואָס זשע ווילט איר מיט דעם זאָגן? — האָב איך נאָך א קורצן שווייגן איבערגעפרעגט מאַנידעסן — וואָס פאַר א שייכות האָט אָט די שיינע לעגענדע מיט דעם וואָס מיר דיסקוטירן דאָ?

— אָט וואָס פאַר א שייכות סע האָט די לעגענדע: אויך דאָס גריבלען זיך דאַרף האָבן א מאָס... די וועלט, די געשעענישן, דעם ארום, אין וועלכן מיר לעבן, דאַרף מען אויפנעמען אָדער באַנעמען אלזייטיק, נישט איזאָלירט. די געשעענישן דאַרף מען פאַרשטיין מיט זייערע סיבות און מיט זייערע רעזולטאַטן: מע דאַרף זיי באַנעמען אין זייער דינאַמישקייט, נישט אין זייער סטאַטישקייט, וואָס קאָן זיין בלויז צייטווייליק. אין דער געשיכטע איז דאָך נישט דאָס צייטווייליקע, נישט דאָס פאַרבייגייענדיקע דער עיקר. און מיר מוזן זיך אָפּשטעלן צו אלעם ערשט ביים עיקר.

— וואָס זשע איז ביי אייך דער עיקר? — האָב איך ווי מיט אומ־געדולד אויסגערופן — איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז איך בין שוין זאַט פון אָט די אויסגעדראָשענע פראַזן פון דינאַמיש און נישט „סטאַטיש" פון „אינטערדעפּענדענץ" און נישט איזאָלירט. פון אזעלכע עיקרים בין איך שוין זאַט — האָט איר צו זאָגן עפּעס נייעס, איז זאָגט! דאָס איז דאָס איינ־ציקע וואָס איך קאָן נאָך אויסהערן: וואָס איז ביי אייך דער עיקר?!

— יאָ, איך האָב אייך צו זאָגן „נייעס", אויב איר ווילט אייך אזוי אויסדריקן. ווייסט איר וואָס דאָס נייע איז? איר זענט דאָס נייע...

ער איז אנטשוויגן געוואָרן. מער האָט ער גאָרנישט געזאָגט. איך האָב אים נישט איבערגעפרעגט, הגם איך האָב נאָך נישט געוואוסט וואָס ער וויל דערמיט זאָגן. פאַר וואָס האָט ער געשוויגן? ער האָט געוואָלט אז סע זאָל וואַקסן די געשפּאַנטקייט, כדי דער עפעקט זאָל זיין גרעסער?

— מיט וואָס בין איך דאָס נייע? — האָב איך נישט געקאָנט אויס־האַלטן זיין שווייגן.

— איר, מיט אייער זיך נישט באַגניגן מיט די דערקלערונגען, וואָס זענען שוין אין אייערע אויגן באַנאַלע, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט, אז זיי זענען שוין אויסגעדראָשענע פראַזן, אָט דאָס איז דאָס נייע... ווייל נישט

בלויז איר שטעלט דאָך אזוי די פראגע. איר זענט דאָך נישט קיין איזאָלירטער פאל, איר זאָגט דאָך נאָר ארויס די מיינונגען פון א געוויסן שיכט מענטשן (פאסט אויף, איך זאָג נישט „מענטשהייט“!), און אָט די מענטשן שטעלן מיט זיך פאָר דאָס נייע, דעם גאנג פאָרויס, דאָס אנטוויקלען, דעם וועג פון דער ציוויליזאציע... איר האָט טאקע רעכט, אז די „ציוויליזאציע“ גייט נישט אין דעם זעלביקן שפאן אָדער ריטעם מיט דער טעכנישער אנטוויקלונג, צו דעם היסטאָרישן וועג, פונעם אויסגעשארפטן שטיין ביז דער אטאָמישער אָדער קאָסמישער ראקעטע. קין איז טאקע נישט דערגאנגען מיט דער זעלביקער שנעלקייט, מיט זיין מאָראלישן ניווא. ער איז ערגעץ פארפלאָנטערט געוואָרן אויפן וועג, אין א לאבירינט, וואָס אנשטאט ער זאָל גיין פאָרויס, האנט ביי האנט מיט דער טעכניק, דאכט זיך אז צייטנווייז בלייבט ער גאָר ארונטער. יאָ, דאָס איז טאקע אמת, אָבער מע דארף נישט פארזען, אז דאָס איז בלויז צייטנווייז, ווי דער פלוקס און רעפלוקס פון אן אָקעאן. דער אָקעאן איז נישט קיין סטאטישער, נאָר א באוועגלעכער, און די באוועגונגען זענען צו מאָל זיג־זאגישע — אָבער דער עיקר איז, וואָס די באוועגונג איז א פאָרויסיקע... יאָ, איר זענט דאָך איינער פון די באווייזן, אז מיר גייען פאָרויס. איר זענט דאָך נישט קיין אויסנאם, נאָר איינער פון די פיל — איז אזוי דארף מען עס זען, אָפּטימיסטיש.

— איך וואָלט אייך געוואָלט פארשטיין — האָב איך זיך ווי געבעטן ביי מאָנידעסן — אָבער איך מוז זיין אויפריכטיק מיט אייך: עס איז מיר שווער אייך צו פארשטיין... אפשר האָט איר נישט גענוג ארגומענטן?

— אויב איר, חבר זעליקאָוויטש, וועט א ביסל א טראכט טון, אליין, אויך אָן מיינע ארגומענטן, וועט איר זיך פונאנדערקלייבן. איך וועל אייך נאָר פרואוון ארויסהעלפן מיט אָט וואָס: מע דארף מאכן א געשיכטלעכן חילוק צווישן יחיד און קאָלעקטיוו (ער האָט באמערקט אז איך האָב אים ווידער געוואָלט אונטערברעכן, האָט ער געמאכט א באוועגונג מיט דער האנט, גלייך ער וואָלט געוואָלט מיך פארהאלטן, אז איך זאָל אים לאָזן אויסרעדן!). פארצייטנס, אין דער אוראלטער צייט זענען געווען די יחידים, די איינצלנע פריווילעגירטע, די וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן קאָלעקטיוו. זיי האָבן דיקטירט די מאָראל און אויך די אוממאָראל... דער המון, די שקלאפן, זיי האָבן געמוזט לעבן לויט דער דאָזיקער ארויפגעצוואונגענער מאָראל. אָבער גלייכצייטיק, פון צווישן המון, האָבן זיך ארויסגעהויבן אויך אזעלכע שפיצן, וואָס האָבן דווקא צוליב אָט דעם מין אופן לעבן, זיך דערהויבן צו די העכסטע שטופן פון „מענטשלעכקייט“, וואָס קאָן אונדז אויך היינט,

נאָך טויזנטער יאָר, ניצן ווי א מוסטער... אָבער זיי זענען געווען בלויז יחידים, און האָבן נישט געהאט קיין אנדערע מאכט אין זייערע הענט, ווי דאָס פרעדיקן אָט יענע מאָראל, ווי צו פארזייען אויף אן אומגעאקערט פעלד, וואָס האָט זייער שווער געקאָנט ארויסשפּראָצן און זיך אנטוויקלען... איר האָט מיך פארשטאנען ביז אהער? — האָט ער מיך איבערגעפרעגט, צי איך בין אויפמערקזאם — סע זענען געווען צווייערליי שפּיצן: געזעצלעכע אומ־מאָראלישקייט און אומגעזעצלעכע מאָראלישקייט. פארשטייט זיך אז אין אזא פאל האָט געוועלטיקט די אוממאָראלישקייט. אָבער מיט דער צייט, לאָמיר דאָ נישט רעדן וועגן די סיבות ווייל זיי זענען דאָ נישט וויכטיק פאר אונדז, מיט דער צייט האָט זיך אָט יענע „געזעצלעכקייט”, די ארופגעצ־וואונגענע, זיך צעקרישלט ווי א שערבל.

...עס איז זייער ווייניק איבערגעבליבן אין אונדזערע צייטן, פון אָט יענע אליינהערשנדיקע שפּיצן, וואָס האָבן ארויפגעצוואונגען זייער מאָראל (אָדער אוממאָראל!). זעט איר, ווי א פאראדאָקס פון דער געשיכטע, אָדער ווי אן איראָניע פונעם גורל, האָט זיך אויך צעקרישלט אויף פּיץ־פּיצלעך אויך די מאָראל פון די שפּיצן, פון יענע איינצלנע דענקער, וואָס האָבן זיי געפּרעדיקט (די סיבות קאָן איך אייך איצט נישט דערקלערן!), לאָמיר עס אָננעמען פאר א פאקט, און פאקטן קאָנען נישט אָפּגעפרעגט ווערן, מע דארף זיי נאָר פּרוואוון פארשטיין כדי מע זאָל זיך קאָנען אין זיי פונאנדערקלייבן... יאָ, וואו בין איך געבליבן? אז די מאָראל, זי איז אויך א ביסל צעקרישלט געוואָרן. אנשטאט איין פּרעדיקער זענען אויפגעקומען מערערע, פיל, צו מאָל זייער פיל... און אָט דאָ איז די טראגעדיע (שרעקט אייך נישט איבער פארן וואָרט, ווייל דאָס איז אויך צייטווייליק!). אנשטאט דעם יחיד, דעם עגאָאיסט, וואָס דערלויבט זיך סײ וואָס, נישט רעכנענדיק זיך מיט קיינעם און מיט גאָר־נישט — איז אויפגעקומען א צאָל יחידים, לאָמיר זאָגן א מין יחיד־קאָלעקטיוו, וואָס רעכנט זיך אויך נישט מיט קיינעם און מיט גאָרנישט, טאקע אין נאָמען פון אָט דעם קאָלעקטיוו... אויבנאויפיק איז דאָס אין דעם אינטערעס פון ציבור, אָבער אז מיר וועלן עס אנאליזירן, אין תוך, צי אין עצם פון דער זאַך, וועלן מיר זען, אז דאָס איז נישט מער ווי א קאָ־לעקטיווער עגאָאיזם... נעכטן האָט קין געהרגעט זיין ברודער הבל צוליב זיינע עגאָאיסטישע אינטערעסן, נישט רעכנענדיק זיך מיט דעם רעכט, וואָס סע האָט זיין ברודער הבל (ער האָט דאָך אויך געהאט די זעלביקע רעכט ווי ער!). היינט „הרגעט“ א צאָל קינס (ווייל זיי האָבן צייטווייליק געגנוג כוח און אויך רישעות!) די אנדערע צאָל הבלס, אין נאָמען פון די אינטערעסן

פונעם קאָלעקטיוו... אָבער אין תוך גענומען איז עס נישט מער ווי עגאָאיזם, דער זעלביקער ווי נעכטן, נאָר געכפּלט...

— וואָס זשע איז דער אויסוועג? — האָב איך געפרעגט, כדי צו זען וואוהין מאַנידעס וויל דערגיין — ווי אַזוי מיינט איר ארויסצוגיין פון אָט דעם פאַרכישופטן קרייז?

— אוין די הבלס דארפן זיך פאַרכפּלען... דאָס איז די גאַנצע פילאָ־זאָפיע, וואָס איך וויל זאָגן, קיין אַנדערער אויסוועג איז נישטאָ.

— וואָס הייסט פאַרכפּלען? איך פאַרשטיי נישט. מע דאַרף זיך באַ־גניגן מיטן דרשענען מוסר? מיטן פרעדיקן מאָראַל, און איר גלייבט אַז די קין־גרופּן, אָדער קאָלעקטיוון, אָדער באַנדעס, ווי אַזוי איר ווילט זיי אָנרופן, זיי וועלן זיך מיט אַ מאָל פאַרוואַנדלען אין צדיק־ים?! איך גלייב נישט אַז איר זענט אַזוי נאַאיוו אַזעלעכס צו גלייבן.

— יאָ, דאָס האָט איר דווקא רעכט. איך בין נישט אַזוי נאַאיוו דאָס צו גלייבן. אָבער איין זאַך, חבר זעליקאָוויטש, גלייב איך יאָ, נאָך מער, איך בין איבערצייגט דערפון, אַז די געשיכטע, די מענטשלעכע געשיכטע גייט פאָרויס, תמיד פאָרויס, אויך דעמאָלט ווען אויבנאויפיק ווייזט עס אויס צו זיין אַן אָפּשטעל צי גאָר אַ רעגרעס... עפּעס וועט געשען, אַן איבערברוך וואָס וועט אויך אָט דעם מין באַרבאַרישן מאָדערנעם עגאָאיזם צעקרישלען אויף פּיץ־פּיצלעך.

— ווילט איר אַז איך זאָל זיך טרייסטן — האָב איך אים געוואָרפן אין פּנים מיט אַן איראָנישן שמייכל — מיט אייער מאָדערנעם „והיה באַחרית הימים“, אַז סע וועט קומען אַ צייט ווען דער וואָלף וועט פּאַשען צוזאַמען מיט דער שאָף? איצט, חבר מאַנידעס, דערלויבט מיר דאָס מאָל צו זיין דער אפּיקורס: איך גלייב נישט קיין שום וואָלף, און וואָלט נישט געוואָלט זיין (הגם איך בין עס שוין נישט איין מאָל געווען!) אין דער לאַגע פון דער אומבאַוואָפנטער שאָף, וואָס האָט נישט קיין נעגל, קיין ציין און אויך אפילו נישט קיין הערנער...

— איך פאַרלאַנג נישט פון אייך אַז איר זאָלט האָבן צוטרוי צו אַ וואָלף. איך וועל אייך זאָגן גאַנץ אויפריכטיק (דאַכט זיך אַז איך האָב זיך שוין פאַר אייך לאַנג ארויסגעזאָגט, אַז איך האַלט זיך נישט פאַר קיין העלד, הגם איך האָב אַזוי פיל אויסצייכענונגען אויף מיין ברוסט — אין תוך בין איך דאָך אויך אַן איבערגעשראָקענער האָז, ווי סיי וועלכער בשר־ודם (מורא איז דאָך אַ ריין מענטשלעך און אויך ביי חיות אַ נאַטירלעך געפיל!), נאָר

מיט אַן אויסנאַם, וואָס איך באַהאַלט זיך נישט אויס דערמיט און זאָג עס גאַנץ צָפּן!) אַז איך בין אַ מוראַדיקער, פּחדנישער האַז, יאָ, איך האָב טאַקע מורא פאַר וועלף... בכל אופן ראָט איך נישט די שאָף אַז זיי זאָלן גיין פּאַשען צוזאַמען מיט די וועלף... וועלף זאָלן זיין צווישן וועלף און שאָף זאָלן זיין צווישן שאָף... נישט דאָס וויל איך אַז איר זאָלט פאַרשטיין פון מיינע ווערטער. איך וויל אייך נאָר זאָגן, אַז די טרייסט איז דאָס, וואָס סע וועלן נישט זיין בלויז וועלף און שאָף...

— וואָס דען וועלן זיין? — האָב איך אומגעדולדיק געפרעגט.

— סע וועלן זיין אויך מענטשן...

—„אַ נייער טיפּ מענטשן“, ווילט איר זאָגן? — דאָס האָב איך אים אַריינגעוואָרפן בכיוון, אָט דעם איראָנישן זאָג, וואָס איז שוין אַזוי פיל מאָל איבערגעקייט געוואָרן, אַז סע קומט אָן צו איבלען, ווען מע הערט אים נאָר אַרויסרעדן.

— ניין, נישט קיין „נייער טיפּ“, און אויך נישט קיין אַלטער טיפּ. נאָר סתם אַזוי — מענטשן...

— איר גלויבט נאָך, חבר מאָנידעס, אַז סע זענען פאַראַן „סתם מענטשן“?

— איר דאַרפט אייך נישט אָנכאַפּן אין אַ וואָרט — האָט ער זיך געפּרוּווט שיצן פון מיינע אָנגריפן, וואָס זענען געקומען אָן אָפּשטעל, ווי אַ באָקסער וואָס האָט זיך צעווילדעוועט קעגן אַ קעגנער, וואָס האָט אויך זיין מאָמענט פאַרלוירן זיך און ער לאָזט אים נישט אָפּ, ביז ער זעט אים נישט אויסגעצויגן אויפן רינג, און דער בורר זאָל אים ציילן: איינס, צוויי, דריי, ביז ער וועט אים נישט דערקלערן נאָקאַוט... — איר הייבט מיר שוין אָן דערקוטשען. וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?! — האָט מאָנידעס זיך צעשריגן.

— איך וויל פון אייך גאָרנישט האָבן — האָב איך שוין אַ ברוגזער געזאָגט — איך בין נישט געקומען צו אייך, אדרבה, איר זענט געקומען צו מיר, איז דאַרפט איר אייך נישט בייזערן אויב איך האָב אייך געפרעגט, אָן שום בייזע כוונות, אויב איר גלייבט אין סתם מענטשן, ווי אַזוי איר האָט זיי אָנגערופן?

— איז זייט זשע צופרידן, אַז איך בין מסכים מיט אייך, אַז סע זע־נען נישטאָ קיין סתם מענטשן — סע זענען פאַראַן נאָר בלויז מענטשן, באַ־וואוסטזיניקע וואָס ווייסן וואָס סע הייסט און איז ווערט אָנגערופן צו ווערן „מענטש“, וואָס זענען מענטשן...

— מיינט איר אז מיטן איבערחזרן דאָס וואָרט „מענטש", וועט דאָס ענדערן די לאגע, וועט דאָס באקומען אן אנדערן זינען?

— ניין — האָט מאָנידעס זיך איינגעהאלטן, נישט ארויסצושיסן מיט אן אָפענער ריגזה — ניין, איך גלייב נישט. ווייל פון זיך וועט גאָר נישט געשען...

דאָ האָב איך אים שוין בכיוון געטרעטן אויפן „היגער־אויג" (פאר וואָס האָב איך דאָס געטון?). איך האָב ווי געפילט א סאדישן ווילן אים ארויסצוברענגען פון די כלים, ווייל צו פיל טעאָריע האָט ער מיר היינט אויסגערייעט, גלייך ער וואָלט געווען דער אלץ־ווייסער און איך, איך זאָל זיין די נאאיווסטע נשמה דאָ, אויף דער דאָזיקער מתים־וועלט, איז האָב איך אים א שליידער געטון אין פנים, ווי מע שליידערט פאר א וואָלף א ברענענדיקע האָלעווע:

— אפשר מיינט איר אזעלכע מענטשן, ווי איר, וואָס שעמען זיך ארויסצואווייזן דאָס וואָס זיי זענען, און וואָס יעדער ווייסט אז איר זענט א ייד, נאָר איר איינער אליין, מאכט זיך אז איר ווייסט נישט?!...

ווען איך זאָל אים געווען שעלטן אין טאטנס טאטן אריין, וואָלט ער עס אפשר מילדער אויפגענומען. אזוי האָט ער עס באקומען, ווי דעם געפּער־לעכסטן קלאפּ... קיין בייזערן זיך האָט שוין אין אזא מאָמענט נישט געהאָלפן. ניין, ער האָט זיך נישט געבייזערט. אדרבה, סע האָט אים אזוי ווי אונטער־געשניטן די פיס. די קניעם האָבן זיך ביי אים נאָכגעלאָזט. סע האָט זיך אָנגעזען, אז קוים האָט ער זיך געהאלטן אויף די פיס. מיר איז שוין געווען א רחמנות אויף אים: צו וואָס האָט עס מיר געטויגט? וואָס פאר א ניצן ברענגט עס מיר, אז איך וועל אים אויספּאטשן, אויך ווען איך זאָל זיין גערעכט?! ער האָט דאָך אויך דאָס זעלביקע רעכט ווי איך, צו פירן זיך אזוי ווי אים געפעלט. דארף ער דען זיך פירן נאָך מיינע פּרינציפּן? צי נאָך אזעלכע פּרינציפּן, וואָס פאר מיר זענען זיי אויס צו זיין די פּאסיקסטע? ער האָט דאָך דאָס זעלביקע רעכט צו האלטן אז זיינע פּרינציפּן זענען די פּאסיקסטע, אָדער לכל־הפּחות פּאסיק פאר אים? נו, איצט איז שוין געווען פארפאלן, איך האָב שוין די ווערטער נישט געקאָנט צוריקציען. זיי זענען ארויסגעפלויגן פון מיין מויל, ווי ווילדע פייגל, וועלכע איך קאָן שוין איצט נישט העמעווען. איצט פליען זיי און שלאָגן אָן מיט זייערע שטעכיקע פליגל אין דער נשמה פון מיין שכן, מאָנידעס... איך באדויער, אָבער איך קאָן דאָס שוין נישט פארריכטן.

— יאָ, איך בין מודה, אז דאָס האָט איר אפשר טאקע רעכט — האָט מאַנידעס ארויסגעשטאמלט, ווי א קינד, וואָס פילט זיך שולדיק — אָבער איר דארפט דאָס פארשטיין, אויב איר האָט א ביסל גוטן ווילן; איך בין דאָך אויך נישט מער ווי א מענטש, וואָס האָט זיינע שוואכקייטן...

— נו, איז וואו זשע האלטן מיר דעמאָלט מיטן „מענטש״, אויב דער מענטש מעג האָבן שוואכקייטן?!

— דאָך אזוי, מיין איך — האָט מאַנידעס געזאָגט, דאָס מאָל שוין מיט ווייניקער זיכערקייט אין זיין קול, שוין נישט מיט יענעם טאָן פון אן אלץ־ווייסער, נאָר ווי א פשוטער בשר־ודם — אז מע דארף מאכן א חילוק צווישן שוואכקייטן און שוואכקייטן... שוואכקייטן אויפן חשבון פון דעם מיטמענטש, וואָס דארפן פאראורטיילט ווערן אין אלע צייטן און אין אלע באדינגונגען — און שוואכקייטן, וואָס זענען נישט קיין סכנה פאר דער וועלט־רעוואָלוציע... נאָר צוריק געשמועסט — האָט ער אויפגעהויבן דעם טאָן — אז איר זענט אזא הייסער ייד, וואָס טוט איר דאָ, אויף א צווייב־טער?...

מיט דעם האָבן מיר זיך צעשייד, פשוט ווייל איך האָב שוין נישט געוואָלט פארלענגערן דעם שמועס, ועלכער איז שוין געווען א ביסל פיינ־לעך. עס איז דאָך שוין נישט געווען קיין אומשולדיקער וויכוח פון צוויי נשמות, וואָס האָבן אָדער האָבן נישט די זעלביקע מיינונגען... איך האָב דאָך אים געקאָנט אויך איצט פירוואָרפן, אז לויט מיין מיינונג דארף א מענטש זיין איין גאנצקייט, נישט צעשפּאָלטן אין צווייען; וואָס שייך דער געזעלשאפט זאָל ער זיין אָן שוואכקייטן, און אין שייכות מיט זיך גופא, זאָל ער מעגן האָבן שוואכקייטן... איך האָב זיך צוריקגעהאלטן.

# אויך די גמרא פארטייטשט מען דיאַלעקטיש...

מתים, נשמות, רוען אין זייער אייביקער אומרו...

סע האָט מיך געמאטערט דאָס געוויסן: צו וואָס האָט מיר געטויגט אים ארויסצוברענגען פון די כלים, שלייערנדיק אין פּנים מאָנידעסן דעם פּיר־וואָרף, וואָס ער האָט גראָד איצט נישט פארדינט, אז איך זאָל [עס טון אין אָט דעם מאָמענט?! פאר וואָס האָב איך זיך נישט געקאָנט באהערשן אז איך זאָל אים נישט פירווארפן דעם חטא זיינעם, אז ער באהאלט אויס זיין צו־געהעריקייט צום יידישן פאָלק?!

און אז ער האָט מיר צוריקגעוואָרפן א פירוואָרף, אז איך בין אויך באערדיקט אויף א צווינטער, בין איך דאָך אין דעם אויך אליין שולדיק?!...

פּע האָט מיר באנג געטון, אָבער צו וואָס טויג די חרטה, ווען זי קומט צו שפּעט? איך האָב עטלעכע טעג אויסגעמיטן אים צו באגעגענען, איך האָב ביי מיר געטראכט: ווי אזוי וועל איך קאָנען קוקן אים אין די אויגן, נאָך דעם ווי איך האָב צו אים גערעדט אזוי גראָב? (מעגלעך אז אויך ער האָט מיך אויסגעמיטן!) איך האָב געטראכט און געטראכט, ווי אזוי אים איבערצובעטן, אז ער זאָל אויף מיר נישט טראָגן קיין ריגזה. צו וואָס טויג מיר א שכן, וואָס וואוינט אין א קבר עטלעכע שפּאַן פון מיינעם, וואָס זאָל זיין ברוגז אויף מיר?

איך האָב געפּרואווט אנאליזירן, זוכן דעם גרונד, ווי אזוי האָט זיך עס געמאכט, וואָס איך האָב געהאט אזא גראָבע אויפפירונג לגבי א מענטש, וואָס, סיי וואָס פאר א מיינונג איך זאָל האָבן וועגן זיין אויסבאהאלטן זיין יידישע אידענטיטעט, איז אָבער א פאקט אז איך האָב צו טון מיט א מענטש וואָס האָט פיל מעלות. ער איז דאָך א נשמה וואָס דענקט, וואָס האָט אָנגע־זאמלט במשך זיין לעבן אן אוצר מיט וויסן און דערפאַרונג. מע האָט גע־קאָנט מיט אים שמועסן וועגן סיי וואָס פאר א טעמע און ער וועט זיין היימיש אין כמעט סיי וועלכן פּראָבלעם. ער האָט באמת נישט פארדינט ביי מיר אז איך זאָל אים באליידיקן... איך האָב אָפּגעמאכט ביי מיר, אז ביי דער ערשטער געלעגנהייט, וועל איך אים בעטן מחילה.

אָבער די געלעגנהייט איז נישט געקומען. מיר האָבן זיך [נישט באַ־געגנט פּנים אל פּנים, אז מיר זאָלן זיין אליין. זיי, ער מיט קאָמפּאנען זעגען געווען צוזאמען, ווען איך האָב זיי באגעגנט. זיי האָבן גערעדט וועגן

דיאמאנטס מישפּט. איז ווי אזוי האָב איך געקאָנט אריינפאלן אין מיטן דעריבּער מיט מיין מחילה בעטן? איך האָב פארשטאנען אז דערמיט קאָן איך נאָך מער פארדארבן. צו וואָס טויג עס מיר, אז קאָפּמאַן זאָל אויך געוואויר ווערן וועגן אונדזער כיכסוך? אָבער אויך מאָנידעס האָט מיר נישט געגעבן די געלעגנהייט, צו בעטן ביי אים מחילה. ער האָט נישט ארויסגעוויזן דעם מינדסטן ברוגז גלייך סע וואָלט גאָרנישט פאַכירט צווישן אונדז.

האָב איך זיך געמאכט אז איך האָב פארגעסן פון אלץ און האָב זיך אויפגעפירט נאָרמאַל, און ער האָט אויך אזוי געטון.

קאָפּמאַן האָט דערציילט אז ער האָט זיך דערוואוכט אויף א זייטיקן אופן, אז עס איז מעגלעך אז מע וועט אָנהייבן זיין פּראָצעס פון דאָס ניי.

— איך פארשטיי נישט — האָט מאָנידעס געזאָגט פארוואונדערט — וואָס מע פייניקט אייך אזוי פיל. איך הער שוין פון אָט דעם מישפּט, גלייך איר וואָלט געווען די זינדיקסטע נשמה אויף דער דאָזיקער וועלט...

— אויב ער וואָלט געווען דער זינדיקסטער — מיש איך מיך פאַר־זיכטיק אריין אין זייערע רייד — וואָלט דער מישפּט געווען א פּשוטער. מע וואָלט אים פארמישפּט צו א געוויסן טערמין גיהנום און פּטור. די מעשה איז אָבער, וואָס די נשמה קאָפּמאַן האָט צוויי זייטן. אויף איין זייט האָט ער מצוות, אפשר מערער ווי א פּשוטער בשר־ודם, און אויף דער צווייטער זייט האָט ער עבירות.

— נו, — פרעגט ווייטער מאָנידעס — פאַר וואָס לייגט מען זיי נישט אויף דער וואָג און וועלכע זייט איז שווערער און וועגט איבער זאָל מען זיך ארויסזאָגן.

איך גלייב נישט, אז ער, מאָנידעס, וואָס איז אזוי באהאוונט אין אלעמען, אז דווקא ער זאָל שטעלן אזעלכע פראַגן, גיכער האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אז בכיוון וויל ער זיך הײַנט ארויסווייזן מער תמעוואַטע.

— זעט איר — האָט קאָפּמאַן אים אָנגעהויבן דערקלערן — די מעשה מיט דער וואָג איז אויך נישט אזוי פּשוט. דאָס איז דאָך נישט קיין קילאָ זאַלץ אָפּצואוועגן. דאָ האנדלט זיך אין מעשים פון א נשמה! אָט דאָ איז דאָך דאָס מער קאָמפּליצירט? די געוויכט, צי די מאָס פון א מצווה האָט דאָך דעם ווערט, ווען מע נעמט אין באטראכט אויך די כיבות און די אומשטאַנ־דן, אין וועלכע מע האָט זי געטון. דאָס זעלביקע געשעט אויך מיט די עבי־רות. טאקע דערפאַר איז מיין עסק קאָמפּליצירט...

— איר זענט אַן אויסנאַם? — פרעגט א ביסל איראָניש מאָנידעס — איך זענט פון אויסדערוויילטן פאָלק?

— אויב איר ווילט — זאָגט רואיק קאָפמאַן, נישט וויסן מאַכנדיק זיך פון דעם איראָנישן טאָן, וואָס מאָנידעס האָט באַניצט — בין איך טאַקע פון די אויסדערוויילטע. די השגחה התחתונה (דאָ זאָגט מען נישט העליונה!) האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין אַנדערש ווי די אַנדערע... קוקט מיך נאָר אָן, זע איך אויס ווי אַלע אַנדערע? ! שוין פון דער פריער יוגנט בין איך שוין געווען אַ קריפּל, וואָס האָב געקאָנט שפּילן אין צירק, אַז מע זאָל קוקן אויף מיר ווי אויף אַ בייז־וואונדער — דאָס איז פיזיש גערעדט... וואָס שייך גייסטיק, בין איך נישט פיל אַנדערש: בין איך אויך אַ מין קריפּל. מיינע מצוות זענען פון אַן אַנדערן מין, איז פּאַראַלעל מיט זיי מישפּט מען אויך מיינע עבירות.

— איך ווייס נישט צי איר ווייסט — האָב איך זיך געוואָנדן צו מאָ־נידעסן, איך האָב דאָך פאַרשטאַנען אַז קאָפמאַן קאָן נישט דערקלערן אַלץ, ווייל ער וועט דאָך נישט רעדן וועגן זיינע מצוות, סע זאָל נישט אויסזען אַז ער באַרימט זיך — אָבער חבר קאָפמאַן האָט באַזונדערע פאַרדינסטן: ער האָט געאַרבעט אין אַ קעלער־שטיבל זיבן יאָר צייט אין דער דרוקעריי פון דער באַוועגונג און דערנאָך האָט מען אים איינגעזעצט אין תפיסה אויף אַנדערע אַכט יאָר. דאָס זענען דאָך געווען זיינע בעסטע יוגנט־יאָרן וואָס ער האָט מקריב געווען, קאָן מען דאָס וועגן מיט פּשוטע געוויכטן? קאָן מען מעסטן מיט אַ פּשוטן צענטימעטער? איז דאָך דאָס קלאָר...

— נו טאַקע, זאָג איך דאָך טאַקע — האַלט זיך מאָנידעס ביי זיין פראַגע — אַז אין אַזאַ פאַל וועגן איבער די מצוות און וואָס זשע איז צו פאַרשלעפּן דעם ענין? !

— וואָלט איר, חבר מאָנידעס, געווען אויף זיין פּראָצעס, וואָלט איר נישט גערעדט אַזוי — האָב איך אים אַרויסגעהאָלפן — דער קטיגור האָט מסתמא געשטעלט אונטער אַ פאַרגרעסערונג־גלאָז אַלע זיינע עבירות, וואָס ער איז אפשר באַגאַנגען אָדער נאָר געהאַט די כוונה צו באַגיין. איך האָב נישט גע־הערט וואָס ער האָט דאָרט אָנגערעדט. איך בין אָנגעקומען צו שפּעט צום מישפּט. אָבער לויט ווי איך האָב געהערט דעם סניגור רעדן, וועלכער האָט עפּעס געפּאָנפעט אונטער דער נאָז, ווי גלאַט פון יוצא וועגן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער ווייסט אַליין אַז זיין עסק איז נישט קיין פויגלדיקער... איין זאַך האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער איז באַשולדיקט אין „קליינבירגער־לעכן אינדיווידואַליזם"... עס איז געווען אַ סברה, אַז דאָס זענען בכלל נישט געווען קיין מלאכים, דאָס האָבן נאָר געקאָנט זיין שדים, לויט ווי זיי האָבן זיך אויפגעפירט לגבי אים...

— ניין — האָט מאָנידעס שוין געזאָגט, ווי איינער וואָס קאָן זיך דווקא יאָ אויס אין די זאכן — קיין שדים האָבן זיך דאָ נישט וואָס אריינ־צומישן... גיכער קאָן זיין אז דאָס זענען מלאכי־חבלה... גאנץ באשטימט זענען זיי דאָס געווען. דאָס איז דאָך זייער ארבעט!

— אייך האָט מען אויך אזוי געמישפּט? — האָב איך געפרעגט מאָ־נידעסן אָן שום שלעכטער כוונה, אָבער ווי סע ווייזט אויס האָב איך אָנגע־רירט א ווייטיקדיקן ענין, אז ער איז געבליבן אזוי, אין פארלעגנהייט, ווי ווען מע פרעגט א פרוי ווי אלט זי איז. ער האָט ווייזט אויס זיך נישט געראָכטן, אז איך זאָל אים שטעלן אזא פריקרע פראגע און נאָך איצט, ווען אונדזערע באציאונגען האָבן א ביסל אונטערגעהינקט — איך מיין, מיט אזעלכע שוועריקייטן?

— ביי מיר איז אויך נישט געווען אזוי גלאטיק — האָט מאָנידעס נאָך א קורצן שווייגן זיך אנטשלאָסן מיר דאָך צו געבן אן ענטפער — אָבער פון אן אנדערן מין. איר ווייסט דאָך, אז צוויי טראָפּנס וואסער זענען אויגנשיינלעך זייער ענלעך, אָבער ווען מע קוקט זיי אָן מיט א פארגרע־סערונג־גלאָז, ערשט דעמאָלט דערזעט מען וואָס פאר א ריזיקער אונטער־שיד עס איז פאראן צווישן זיי. מסתמא געדענקט איר, חבר זעליקאָוויטש — ווענדט ער זיך צו מיר דירעקט, ווי גלייך ער וואָלט נישט גערעדט אויך צו קאָפּמאנען. דאָס האָט מיך דווקא דערמוטיקט. דאָס האָט געזאָלט הייסן, אז מיט מיר איז ער דאָך געבליבן אינטימער, ווי מיט די אנדערע. דאָך בין איך א שכן, וואָס האָב שוין געהאט מיט אים פארפירט א שמועס, און אחוץ דעם נעכטיקן צווישנפאל, האָט ער דאָך געזען אן איך שעץ דאָך אים! — איר געדענקט דאָס ווערטל פון פּרקי־אבות: „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו“. דו זאָלסט נישט מישפּטן דיין חבר, סיידן דו וועסט זיין אין זיין מצב... זעט איר, לויט מיין מיינונג איז דאָס א טיפער געדאנק, וואָס וויל זאָגן אז מע זאָל בכלל קיינעם נישט אורטיילן. דאָס הייסט אז די תנאים פונעם תלמוד, אין דעם פאל פון דער משנה, זענען געווען ביי דער מיינונג, אז א מענטש טאָר קיין מאָל נישט מוסרן אָדער אורטיילן זיין חבר... ווייל אנדערש ווי קאָן מען פארשטיין אָט דעם פּסוק ווען זיי זאָגן, אז מע זאָל נישט מישפּטן דעם אנדערן נאָר אין יענעם פאל, ווען דו וועסט זיין אין דער זעלביקער לאגע מיט יענעם — אָט דאָס איז שוין אוממעגלעך! סע זענען נישטאָ קיין צוויי ענלעכע פאלן. סע זענען נישטאָ קיין צוויי ענלעכע אומשטאנדן, איז ממילא קאָנען אויך נישט זיין קיין צוויי ענלעכע פאלן... יעדע סיבה איז דאָך פאר־בינדן דיאלעקטיש (אוי, ווידער דיאלעקטיש!... אויך די גמרא פאַרטייטשט ער מיט דער דיאלעקטיק!)...

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איך האָב אים איבערגע־ריסן די רייד:

— איר זאָלט אייך נישט בייזערן, חבר מאָנידעס — האָב איך דאָך געמאכט אָט די קורצע הקדמה, כדי ער זאָל מיך נישט שלעכט פאַרשטיין און ווידער האָבן מיט אים א נישט־געווינטשענעם פאַרפאַל. אדרבה, איך וויל דאָך אים מאכן א קאָמפּלימענט — אָבער דאָך זענט איר פאַר מיר מאָדנע... ווי זאָל איך אייך זאָגן: א מאָדנע נשמה. איר זענט פול מיט גמרא־ווערטלעך, אָבער איר פאַרטייטשט זיי דיאַלעקטיש...

— ...יעדע סיבה איז דאָך פאַרבינדן דיאַלעקטיש — האָט מאָנידעס פאַרגעזעצט, גלייך ער וואָלט גאָרנישט געהערט, וואָס איך האָב אים איבער־געריסן די רייד — מיט אנדערע סיבות, און יענע סיבות זענען פאַראורזאַכט אויך דורך נאָך אנדערע סיבות, וואָס אויבערפלעכלעך זעען זיי אויס צו זיין גאָר פרעמד איינע פון דער אנדערער... אָבער פאַקטיש זענען זיי פון איין קייטעלע סיבות, וואָס פירן צו א רעזולטאַט, וואָס איז דער פּועל־יוצא פון אָט די אלע סיבות צוזאַמענגענומען... איז אזוי ווי וואָלט מען געקאָנט באַ־הויפּטן, אז דו קאָנסט אָנקומען אין דער זעלביקער לאַגע מיט דיין חבר?!... ניין, די סיבות־קייט, אומשטאַנדן אין וועלכע איין מענטש געפינט זיך אין א גע־וויסן מאָמענט, קאָן זיך נישט פאַרגלייכן מיט אן אנדערן מאָמענט, אויך נישט ביי דעם זעלביקן מענטש — כל־שכן, ביי א צווייטן, ביי אן אנדערן מענטש, דיין חבר, וועלכער האָט אן אנדערן פיזישן געבוי (אוי, צו וואָס האָט עס אים געטויגט אָנצורירן אָט דעם ווייטיקן פּראָבלעם פאַר קאָפּמאַנען?! ער האָט דאָך מסתמא אויך דערפילט, פונקט אזוי ווי איך, אז דאָס מיינט ער אים?). דיין חבר האָט גאַנץ באַשטימט אן אנדערן פּסיכישן קאָמפּלעקס, ווייל אויך קיין צוויי ענלעכע פּסיכישע קאָמפּלעקסן זענען נישט פאַראַן. יעדער איינער מענטש צי נשמה, אין דעם פּסיכישן פאַל, איז א יחיד פאַר זיך... אן אוניקום. וויפל מענטשן זענען פאַראַן אויף דער וועלט? דריי מיליאַרד, פיר מיליאַרד? איז ווייסט איר דאָך, אז קיין איין פינגעראָפּדרוק איז נישט ענלעך מיט א צווייטן (איך ווייס נישט צי צווישן די מיליאַרדן מענטשן זענען פאַראַן צוויי ענלעכע פינגעראָפּדרוקן!) איז ווילט איר אז די פּסיכישע „אָפּדרוקן" זאָלן יאָ זיין ענלעך?!...

(ער האָט זיך אריינגעלאָזט אין דעם הסבר, אז סע האָט זיך אויסגעזע־דאכט, אז ער האָט פאַרגעסן פון וואו ער איז אוועק, און וואוהין ער דאַרף אָנקומען. ער האָט זיך אָבער אין צווישן דערמאַנט, און אויסגעפירט):

... אזוי אז עס איז נאָרמאַל, אז מיין מישפּט זאָל נישט זיין ענלעך, כאָטש ער האָט זייער א סך ענלעכקייטן, מיטן מישפּט פונעם חבר קאָפּמאַן... איצט וועל איך זיך נישט ארײַנלאָזן אין אזא קאָמפּליצירטן ענין, אָבער איך זאָג אייך צו, אז ביי אן אנדערער געלעגנהייט וועל איך אייך דערציילן ווי אזוי עס איז פאַרלאָפן אויף מיין פּראָצעס...

איך וועל זאָגן דעם אמת: איך בין יאָ און נישט ביי־גערן געוועזן געוואויר צו ווערן ווי אזוי זיין פּראָצעס איז פאָרגעקומען. איך וואָלט יאָ בייגעריק געוועזן, ווייל איך האלט אז פון יעדער דערפאַרונג האָב איך נאָך עפּעס אָפּצולערנען, בפרט ווען איך בין נאָך נישט געמישפּט געוואָרן, איז גאַנץ באַשטימט קאָן עס מיר צו ניץ קומען. די זאַך איז אָבער אזוי, וואָס מאָנידעס איז טאַקע אזוי ווי איך האָב אים שוין נישט איין מאָל געזאָגט אין פּנים, אז ער איז א מאָדנער פאַרשוין. ער קאָן זיך גיך דערבייזערן, אויך דעמאָלט ווען איך זוך עס אויסצומיידן.

— מיר איז עס שוין נימאס געוואָרן — האָט קאָפּמאַן זיך אריינגעמישט מיט זיין ענין — איך וואָלט שוין געוואָלט איין מאָל פּטור ווערן, סיי וועלכער סע זאָל נישט זיין דער רעזולטאַט... סע מאַכט זיך דער איינדרוק, אז דער בית־דין האָט קיין אנדערע ארבעט נישט, איז לאָזן זיי זיך וואוילגיין אויף מיין חשבון, ווי פּשוטע סאַדיקער...

— נו, דאָס איז שוין א ביסל איבערגעטריבן — זאָגט מיהאי מאָנידעס מיט א טאָן, ווי איינער וואָס נעמט זיך אָן די קריוודע פונעם בית־דין, הגם פאַר וואָס זאָל דווקא ער זיך פילן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די וואָס מישפּטן לויט מיין מיינונג, אָן א ביסל דרך־ארץ, אָן א ביסל נשמה, נאָר מיט א טרוקענעם שולחן־ערוך אין די הענט. זיי זענען מכלומרשט נישט מער ווי די פאַקטן — זיי מוזן דאָך מקיים זיין דעם דין. זיי האָבן צו אייך מסתמא נישט מער, ווי צו אן אנדערן. איז איידער זיי זאָגן ארויס זייער פּסק, דאַרפן זיי נאָכפאָרשן מיט אלע פּרטים...

— זעט איר — מיש איך מיך אריין — אָט דאָס נאָכפאָרשן ווערט אזוי ברוטאַל געטון, אז סע מאַכט דעם איינדרוק, אז פאַרן בית־דין איז נישט וויכטיק דער פּסק־דין, נאָר דווקא דאָס סאַמע אויספאָרשן... דאָס ווערט געטאָן טענדענציעז, און אויב א נשמה איז נישט באוואָפנט מיט גענוג געדולד (וועלכע נשמה קאָן דאָס האָבן אזוי פיל געדולד, ווען זי קומט אָן אהער שוין אן אויסגעמאַטערטע נאָך פון יענער וועלט?!) ווערט זי מאָראַליש צעקוועטשט, נאָך איידער דער פּסק־דין ווערט ארויסגעזאָגט... איך זאָג אייך דעם אמת, אז איך האָב דעם איינדרוק, אז סע וואָלט שוין בילכער

געווען א ביסל ווייניקער יושר, נאָר מע זאָל ווינציקער פּייניקן די נשמות מיט אזוי פיל אויספאָרשן... ווען מען טויג אזוי פיל יושר?...

איך האָב זיך אָפּגעגעבן חשבון, אז איך האָב געשטעלט די טענות פּשוט אין דער לופט אריין. זענען זיי דען שולדיק אין דעם? צי ער, מאַ־נידעס אליין, איז דען יאָ שולדיק אין דעם, כאָטש ער האָט זיך געוואָלט אָננעמען די קריוודע פונעם בית־דין של מעלה?

— נישט אזוי שטעלט זיך די פראגע — האָט מאַנידעס זיך געהאלטן ביי זיין מיינונג און פארטיידיקט ווייטער דעם בית־דין של מעלה — דאָ האָט זיך קיינער נישט וואָס צו איילן. דאָ האָט מען דאָך שוין צייט צו אלעמען. דאָ פארשפּעטיקט מען דאָך שוין גאָרנישט. איז וואָס דארפט איר אייך פארלירן דאָס געדולד — דאָס מאָל האָט ער זיך שוין געוואָנדן די־רעקט צו קאָפּמאנען — איר ווארט אָפּ דעם פּסק־דין, און לויט ווי איך האָב געהערט וועגן אייער ענין, דארפט איר נישט מורא האָבן, איר זענט נישט אין קיין שום סכנה...

— ער האָט מורא — האָב איך ארויסגעהאָלפן קאָפּמאנען — אז מע זאָל אים נישט פאראורטיילן צום ווידער מגולגל ווערן, און אויף יענער וועלט וויל ער שוין מער נישט צוריקגיין. ער האָט זיך שוין דאָרט זאט אָנגעגעסן מיט די צרות...

— אָ, אזוי שלעכט גלייב איך נישט אז סע זאָל זיין אייער מצב! — האָט מיהאי מאַנידעס געזאָגט — דאָס איז דאָך די גרעסטע שטראָף וואָס עס איז מעגלעך... דאָס איז דאָך ווי אויף יענער וועלט פלעגט מען זאָגן: טויט־שטראָף...

— איך האָב גערעדט מיט איינעם וועלכער ארבעט ביים בית־דין — האָט קאָפּמאן דערציילט — מיר זענען לאנגסטיקע באקאנטע. איך האָב אים געוואָלט אויספרעגן, אז איך זאָל דורך אים געוואויר ווערן ווי אזוי עס שטייט מיין ענין, האָט ער געהויבן מיט די אקסל: ער האָט געזאָגט, אז זכאי קאָן מען מיך נישט דערקלערן, ווייל אין מיין דאָסאר זענען דאָ גע־נוג שווארצע פינטעלעך (טאקע אזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט. הגם, איך ווייס נישט וואָס ער האָט געקאָנט מיינען מיט די „שווארצע פינטעלעך". אָבער איין זאך איז געווען זיכער, אז דאָס זענען נישט קיין לויב־ווערטער אויף מיין אדרעס!), און חייב קאָנען זיי זיך נישט ארויסזאָגן, האָט ער מיר געזאָגט, ווייל סוף־כל־סוף האָב איך דאָך אויך עפּעס אויפגעטון אויף יענער פארשאָלטענער וועלט?!... איז גיי קלויב זיך אוים, פון אזא מין מישפּטן!

— דאָס קאָן מען אזוי פארשטיין — האָט מאָנידעס געפּרואווט אים פּאַרטייטשן — אז אין ארגסטן פאל דראָעט אייך אז מע זאָל אייך פארמיש־פּטן צו עטלעכע חדשים כף־הקלע...

— דאָס האָבן מיר אויך אַנדערע געזאָגט — האָט קאַפּמאַן צוגעגעבן מיט הייטערקייט, ווייל ווי סע ווייזט אויס, האָט ער זיך שוין אויף דעם גע־ריכט, נאָר סע זאָל שוין קומען אמאָל, אפילו אָט דער סוף.

— מיך האָט שוין אָנגעהויבן אינטריגירן — האָב איך געזאָגט, נאָר כדי ארויסצופירן דעם שמועס פון קאַפּמאַנס ענין, ווייל איך האָב זיך איבער־צייגט, אז דאָס גריבלען זיך אין זיין ענין טוט אים אָן גרויס ווייטיק. ער לעבט איבער א בייזן קאָשמאַר, וואָס ער אליין שפּינט אים טאָג־טעגלעך — איך בין נייגעריק אויפן פּראָצעס פון בנימין דיאמאנטן...

— איר האָט מיר שוין עפּעס דערמאנט וועגן אים — זאָגט מיהאי מאָנידעס, גלייך ער וואָלט זיך אין אים דערמאנט — ער האָט זיך געוואָנדן צו אייך?

— יאָ, — האָב איך געזאָגט מיט אַן עניוותדיקן שמייכל — ער האָט געהערט ווי אזוי איך האָב גערעדט ביי זייער, ביי חבר קאַפּמאַנס מישפּט, ווי אַן עדות, ווען איך האָב זיך אליין געמאָלדן דערצו, ווייל איך האָב זיך שוין נישט געקאָנט איינהאלטן און אויסהערן ווי אזוי עס איז פארלאָפן דער פארהער. עס האָט זיך מיר טאקע אויסגעדאכט, אז דאָס רעדן מלאכי־חבלה, וואָס האָבן נאָר איין ציל צו פּייניקן די נשמות, סיי זיי זענען יאָ שולדיק, סיי זענען נישט שולדיק. ווייל אויב זיי זענען טאקע שולדיק. איז פאראור־טיילט זיי! שפּילט זיך נישט מיט זיי ווי קאַץ מיט מויז. אָט דאָס איז מיין מיינונג, און דאָס האָב איך זיי געזאָגט, הגם נישט דירעקט. אָבער דאָס האָט מען געקאָנט פארשטיין פון מיינע רייד. איך האָב קיין מאָל נישט פאר־שטאנען דאָס מישפּטן, אויך אויף יענער וועלט, אז מע קאָן דאָס מאכן נאָר לויטן טרוקענעם געזעץ. ראשית קאָן דאָס געזעץ נישט פּירזען אלע פאלן (איר האָט דאָך פריער אליין געזאָגט, אז עס איז פאראן א ריזיקער אונ־טערשייד צווישן איין פאל און א צווייטן, צווישן איין מענטש און א צווייטן צווישן איין פּראָצעס און א צווייטן!), און שנית, דארף מען דאָס געזעץ (כיי וואָס פאר א געזעץ!) אינטערפּרעטירן, אויסטייטשן, און דאָס אויסטייטשן דארף געמאכט ווערן, אין אלע פאלן, לטובת דעם געמישפּטן.

— אָט דאָס איז טאקע איינע פון די גרונט־פּרינציפּן פון אלע גע־זעצן — האָט מאָנידעס מיר צוגעגעבן — דאָס האָט איר רעכט. אלע פאלן, וואו דאָס געזעץ איז נישט גענוג קלאָר, דארף עס אויסגעטייטשט ווערן

לטובת דעם אָנגעקלאָגטן און נישט קעגן אים, דאָס איז נאָך זינט דעם אלטן רוימישן געזעץ. נאָר צו וואָס דארף איך דאָ דערמאנען פונעם רוימישן געזעץ? אויך ביים יידישן כנהדרין פון ירושלים האָט מען זיך געפירט לויט דעם דאָזיקן דין!...

— איז דערפאר — זאָג איך — בין איך נייגעריק ווי אזוי סע וועט פאָרקומען דיאמאנטס פּראָצעס... ער האָט מיך פארבעטן, אז איך זאָל זיין זיין פארטיידיקער. אים האָט געפעלן — האָב איך געזאָגט מיט א צוריקגע־האלטענער באשיידנקייט — ווי אזוי איך האָב גערעדט ביי קאָפּמאנס פּראָצעס.

— איר קאָנט נאָך נישט זיין קיין פארטיידיקער — האָט מיר מאָני־דעס געזאָגט — איר מעגט זיין דער בעסטער אדוואָקאט אויף דער וועלט...

— איך בין נישט קיין אדוואָקאט — האָב איך אים איבערגעריסן די רייד.

— אויך אפילו ווען איר וואָלט יאָ געווען — האָט מאָנידעס ווייטער געזאָגט — קאָנט איר נאָך נישט זיין קיין פארטיידיקער, בלויז צוליב דער איינער סיבה, וואָס איר גופא זענט נאָך נישט געמישפּט געוואָרן... ווען איר וועט שוין האָבן אייער אייגענעם פּסק־דין, דעמאָלט קאָנט איר שוין זיין אויך א פארטיידיקער, ביז דעמאָלט קאָנט איר אייך ארויסזאָגן די מיינונג בלויז ווי אן עדות...

— איך האָב טאקע אזוי געטאָן — האָב איך זיך געאיילט אים זאָגן — ביי קאָפּמאנען בין איך טאקע אויפגעטרעטן פאר אן עדות...

— אָבער אפילו דאָס — האָט מיהאי מאָנידעס געזאָגט מיט א פּיל־דייטיקן שמייכל — ראָט איך אייך נישט צו טון... סע וועט אייך זייער ווייניק צו ניץ קומען צו אייער פּראָצעס... צו וואָס טויג אייך אז איר זאָלט אייך פארדארבן די באציאונגען מיטן פּראָקוראָר שוין פון איצט אָן?!

— וואָס האָב איך מורא צו האָבן? — האָב איך געפרעגט מיט נישט ווייניק גאווה, אָבער ביי מיר אין גערדאנק האָב איך אים געגעבן גערעכט. ווייל ווי איך האָב שוין ביי אן אנדערער געלעגנהייט געזאָגט, האלט איך מיך נישט פאר קיין העלד. איך בין געננוי אזא איבערגעשראָקענער ווי סיי וועל־כער (בלויז מיטן אויסנאם, וואָס איך האָב דעם מוט עס צו זאָגן אָפן, אז איך בין אן איבערגעשראָקענער!). איך שעם זיך נישט מיט דעם. אדרבה, איך פיל א מין שטאָלצקייט, וואָס איך באהאלט זיך נישט אויס און זאָג גאנץ אָפן!... — וואָס האָב איך מורא צו האָבן? מע וועט מיך נישט אויפהענגען!...

— נו, אויב איר ווילט דווקא זיין א העלד — האָט מאַנידעס געזאָגט מיט נישט ווייניק איראָניע אין זיין שטימע — איז מעלדט אייך יעדן טאָג, ביי יעדן פּראָצעס. דאָס וועט אייך מאכן פאַרגעניגן...

— ביי יעדן פּראָצעס טאקע נישט, נאָר אז איך בין צופעליק געווען דערביי, ווען מען האָט אים געמישפּט, לויט מיין מיינונג און אומשולדיקע נשמה, האָב איך זיך נישט געקאָנט איינהאלטן...

— איר ווייסט וויפל מאָל איך האָב באַצאָלט אין מיין לעבן — האָט מיר פילדייטיק געזאָגט מאַנידעס — ווייל „איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאלטן"?... איך מיין אז דאָס איז א כאראקטער־שטריך פון א ייד. ער קאָן נישט איינזיצן רואיק אויף זיין „מחילה". איר זאָלט מיר מוחל זיין פארן אויסדריק... אָט וועט איר זען, אז משה רבנו, האָט שוין נישט געקאָנט שווייגן, אָדער ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט „איינהאלטן"... ער האָט געזען ווי א מצרי שלאָגט א ייד, איז ער צוגעשפּרונגען, ער האָט זיך נישט געקאָנט „איינהאלטן". ער האָט געזען דעם אנדערן טאָג, אז צוויי יידן קריגן זיך, האָט ער זיך נישט געקאָנט „איינהאלטן"... וואָס איז געווען דער סוף? ער האָט געמוזט אנטלויפן זיך אויסבאהאלטן. וואָלט ער געווען געקאָנט זיך „איינהאלטן", וואָלט ער דאָך געקאָנט לעבן רואיק ווי א פּרינץ אין פּרעהס קיניגליכן פּאלאץ... דאָס זעלביקע קאָנט איר זאָגן אויך (להבדיל!) וועגן יויזל. ער האָט זיך אויך נישט געקאָנט „איינהאלטן", נאָר געמוזט זאָגן מוסר די גרעסערע לייט, ביז מע האָט אים געקרייציקט... וואָלט ער געווען געקאָנט זיך „איינהאלטן", וואָלט ער דאָך געקאָנט לעבן בשלום ובשלווה ווי א רואיקער פישער ביים ים כנרת...

— דאָס איז שוין אונדזער גורל — האָב איך מסכים געווען מיט אים — מיר זענען תמיד געווען דאָס זאלץ אָדער די הייוון...

ווי געווייינטלעך, האָב איך אויך איצט, נאָך דעם ווי איך האָב זיך צעשייד פון מאַנידעסן, פאַרגעזעצט דעם דיאלאָג מיט מיר אליין, אין מיינע מחשבות. איך האָב זיך דערמאנט, אז איך האָב שוין פארצייכנט וועגן יענעם בארימטן תנא, רבי הילל, וועלכער איז געווען אן אויסנאם פון געדולדיקייט. איך האָב דעמאָלט דערמאנט, אז איינער האָט פארלוירן דעם געוועט, אז אים וועט זיך איינגעבן ארויסצוברענגען רבי היללן פון די כלים...

איצט מיין איך, אז רבי הילל האָט נישט געמוזט זיין אזא געדולדיקער, ווי סע האָט אויסגעזען. ער איז דאָך אויך נישט געווען מער ווי א

מענטש מיט אלע מענטשלעכע שוואכקייטן — און מסתמא אויך מיט נערוון.

נאָר וואָס דען? ער איז געווען א חכם, א תלמיד־חכם, און א תלמיד־חכם טאָר נישט אריינפאלן אין כעס, ווייל כעס איז גלייך מיט דינען די עבודה־זרה.

איז רבי הילל טאקע געווען נישט נאָר א חכם, נאָר האָט אויך גע־קאָנט זיך „איינהאלטן" און זיך באהערשן, נישט ארויסצוגיין פון די כלים, ווי סע פלעג טון זיין אָפּאָנענט, רבי שמאי.

יאָ, אין דעם באשטייט, דאכט זיך, די גאנצע חכמה פונעם לעבן, סיי אויף דער וועלט סיי אויף יענער וועלט, אז מע זאָל זיך קאָנען „איינהאלטן".

נאָך עפּעס וויל איך איצט פארצייכענען, אין שייכות מיטן בית־דין, מיט די טענות פונעם קטיגור און סניגור, און בכלל וועגן די זיצונגען, ווען מע מישפּט די נשמות:

ווייזט אויס אז שלמה המלך האָט טאקע רעכט געהאט, ווען ער האָט געזאָגט אז „במקום המישפּט שם הרשע". דאָרט וואו עס איז פאראן מישפּט — איז אויך פאראן רישעות...

אמת, סע קלינגט מאָדנע, גלייך סע וואָלט געווען א פּאראדאָקס...

# חתונה־רעפּאָרעם

## א חתונה אויף יענער וועלט

איך ווייס נישט צי צופאַליק האָב איך זיך באַגעגנט מיט יענעם שכן, מיהאַי מאָנידעסעס, מיט וועלכן איך האָב גערעדט די ערשטע ווערטער, שוין אין די ערשטע טעג, ווען איך בין אהער אָנגעקומען אויף דער „יענער" וועלט, צי האָט ער מיך ספּעציעל אָפּגעוואַרט, אָבער צו וואָס טויג זיך גריבלען אין א נישט וויכטיקן ענין, וואָס איז דאָ די נפקא־מינה? פאַקטיש האָט דאָך מיך דערפרייט אים צו באַגעגענען, צו כאַפּן א שמועס אויך מיט אים, א נישט־ייִד.

ער, קנאָראָס, האָט מיך אָפּגעשטעלט:

— נו, ווי גייט עס אייך, חבר בנימין? (פאַר וואָס זאָגט ער מיר „חבר בנימין"? פאַר וואָס זאָגט ער מיר נישט „חבר זעליקאָוויטש"? דאָרט, אויף יענער וועלט בין איך געוווען געוואוינט אז מע זאָל מיך רופן אויפן פירנאָמען, ווען מע האָט מיר נישט געוואָלט „פירוואַרפן" אז איך בין א ייִד: זעליקאָוויטש... אָבער דאָ, פאַר וואָס רופט מען מיך אזוי? איך האָב קיין מאָל נישט ליב געהאַט אז מע זאָל מיך אזוי רופן, נאָר ייִדן רופט מען אויף די פירנעמען און נישט אויפן פאַמיליע־נאָמען!)...

— נישט־קשה — ענטפער איך דעם באַקאַנטן באַנאַלן ענטפער — איך האָב אייך שוין לאַנג נישט באַגעגנט?!

— איך האָב אייך נישט געוואָלט שטערן, איך האָב אייך געזען תמיד מיטן חבר מאָנידעס... ער וויל דאָך נישט, אז מע זאָל וויסן אז ער איז א ייִד...

—וואָס האָט דאָס צו טון מיט זיין וועלן אָדער נישט וועלן?...

— איך ווייס? אפשר ווילט איר עפּעס רעדן צווישן זיך... צו וואָס זאָל איך אייך שטערן? (ווידער א מאָל: צווישן „זיך"?!)... אז איר האָט צייט און חשק בייצואוואוינען א חתונה, איז קומט מיט מיר!

— וואָס הייסט א חתונה? — פרעג איך פאַרוואונדערט — זינט איך בין דאָ האָב איך קיין ווייבספּאַרשוין נישט געזען, איז ווער מיט וועמען קאָן דאָ חתונה האָבן?

— איר האָט נאָך נישט צייט געהאט געוואויר צו ווערן — זאָגט ער מיט א פריינדלעכן שמייכל — טאקע דעריבער בין איך נאָך אייך געקומען. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אז סע וועט ביי אייך זיין א נייעס, דערפאר... איז וויל איך אייך זאָגן, אז דאָ האָט מען אויך חתונה, אָבער די נשמה דארף האָבן א געוויסן עלטער. א ווייבספארשוין דארף האָבן מינדסטנס זעכצן יאָר און א מאנצביל מינדסטנס אכצן יאָר...

— וואָס הייסט דאָ עלטער? — פרעג איך נאאיוו.

— עלטער איז פונקט ווי „דאָרט" אויף יענער וועלט, נאָר פארקערט: דאָרט ציילט מען זינט מען איז געבוירן געוואָרן. דאָ ציילט מען די עלטער זינט מע איז געשטאָרבן...

מיר זענען אָנגעקומען פונקט ווען די צערעמאָניע פון דער חתונה איז פאָרגעקומען. דאָס הייסט אז דעם אָנהויב האָב איך שוין געהאט פארשפעטיקט. אָבער איך האָב נאָך געהערט ווי מע האָט אויסגעהערט איין עדות, ווי ער זאָגט:

— אים, דעם נשמה־מאן, קען איך גוט. איך האָב אים געזען שוין עטלעכע חדשים ווי ער קושט זיך מיט איר אין א ווינקל, מיינענדיק אז קיי־נער זעט אים נישט, אָבער אומזיסט... עס איז פשוט א חילול השם (מסתמא אז אלע פארליבטע מיינען אז קיינער זעט זיי נישט!). ער שטערט דאָך אונדזער רו?! און זי, שטייט ווי א חצופה, און נורעט זיך איין אין זיינע אָרעמס, ווי א קאץ וואָס לאשטשעט זיך צו איר באלעבאָסטע...

איך האָב נישט פארשטאנען גאָרנישט פון אָט דעם אלעם, צו וועלכן איך האָב זיך צוגעהערט מיט אויפמערקזאמקייט.

— וואָס זאָל דאָס באטייטן, חבר קנאָראָס? — פרעג איך פארוואונ־דערט מיין שכן — דאָס איז א חתונה? דאָס שמעקט דאָך ליבער נאָך א פראָצעס מיט אויסהערן עדות?

— יאָ, עס איז טאקע א פראָצעס — קלערט מיר אויף קנאָראָס — יעדע חתונה איז דער רעזולטאט פון א פראָצעס פאר א טריבונאל, ווי אזוי דען ווילט איר אז מע זאָל קאָנען חתונה האָבן?...

— ביי א גט — זאָג איך — ווייס איך אז מע דארף מאכן א פראָצעס. אָבער ביי א חתונה?...

— זעט איר, חבר בנימין, איר האָט נאָך כמעט גאָרנישט געוואוסט פון די מנהגים פון „דער" וועלט. דאָ איז דאָך דער עולם־האמת?! איז דאָ אלץ נאָרמאל און נאטירלעך, בעת דאָרט, אויף „יענער וועלט" איז אלץ גע־ווען קאפויר... אָט למשל, דאָרט איז געקומען א יינגל מיט א מיידל צום חתונה־באאמטער און אין איין שמע־ישראל האָט מען זיי חתונה געמאכט. עס

איז גענוג געווען אז זיי זאָלן אויפווייזן אז זיי זענען נאָך נישט פאַרהייראַטע, אז זיי האָבן א מעדיציניש צייגעניש וועגן זייער געזונטהייט, און אז זיי זענען נישט קיין גאָר נאָענטע קרובים. דאָס איז געווען אלץ. איז אמת?

— קנאָראָס האָט נישט געוואַרט אויף מיין ענטפער און האָט פאָרגעזעצט — דער באַאַמטער האָט זיי געפרעגט: „בירגער דער און דער, ווילסטו נעמען פאַר א פרוי, פונעם אייגענעם ווילן, נישט געצווייט פון קיינעם, די בירגערין די און די?" האָט יענער געדאַרפט ענטפערן: „יאָ"... דערנאָך האָט דער באַאַמטער געפרעגט זי: „בירגערין די און די, ווילסטו זיין די פרוי פון דעם און דעם בירגער, פון דיין אייגענעם ווילן, נישט געצווייט פון קיינעם"? האָט זי געדאַרפט ענטפערן: „יאָ"!... און מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט. „מזל טוב אייך, איר זענט פון היינט אָן מאַן און ווייב"!... דאָס איז דאָך נאָר א פאַרשוועכונג פונעם חתונה האָבן — רופט צו מיר אויס קנאָראָס, אין דער שטיל, אז קיינער זאָל נישט הערן וואָס מיר רעדן צווישן זיך — ווי אזוי קאָן מען פאַרבינדן צוויי ווילד־פרעמדע מענטשן וואָס דאַרפן לעבן צוזאַמען א גאַנץ לעבן, נאָר בלויז מיט דעם טרוקענעם „יאָ!" וואָס זיי זאָגן קוים אַרויס מיט זייערע ליפּן... זעט איר? ווען זיי ווילן זיך צעשיידן, ערשט דעמאָלט מאַכט מען א גאַנצן טאַראַראַם, מיט א פּראָצעס, מיט עדות, מיט אָפּשטופּענישן, וואָס שלעפּן זיך אָפּ אויך עטלעכע יאָרן... יאָ, דעמאָלט איז דאָך שוין שפּעט, דעמאָלט טויגן שוין אלע עדות און די אָפּשלעפּענישן אויף כפּרות, וועמען ניצן זיי?... איצט, ווען זיי ווילן זיך פאַרבינדן, ווען זיי קומען אז מע זאָל זיי מסדר קידושין זיין, איצט דאַרף מען חוקר ודורש זיין, צי זיי ווילן באמת זיך נעמען איינער דעם אנדערן...

— איך האָב קיין מאָל נישט געטראַכט וועגן דעם — האָב איך אַרויסגעשטאַמלט, אבער איך בין אויך דאַנקבאַר געווען אין אָט דעם מאָמענט פאַר קנאָראָסן, וואָס ער האָט מיך אהער געבראַכט. דאָס איז דאָך פאַר מיר נישט נאָר געווען ניי, נאָר אויך אינטערעסאַנט: סע האָט מיר אויסגעוויזן, אז דאָס איז טאַקע דאָס ריכטיקע חתונה האָבן — איר ווייסט, מע געוויינט זיך צו צו עפּעס, מיינט מען אז אזוי איז רעכט און אז אזוי דאַרף עס צו זיין...

— איך האָב אויך אזוי געמיינט — האָט קנאָראָס געזאָגט — ביז איך בין אהער אָנגעקומען... איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ביי די אנדערע פּראָצעסן, וואו מע מישפּט די נשמות, זע איך נישט אזוי אָן דעם עולם־האמת... דאָרט איז עס כמעט דאָס זעלביקע שפּיל, נאָר פאַרקערט. אָבער דער פּראָקוראָר איז נישט זעלטן א חזיר, מיט גראָבע פּראָוואָקאַטאָרישע

פראגן, דער פארטיידיקער איז א נעבעכדיקער האָז, וואָס שטאמלט אונטער דער נאָז, אז מע האָט נישט זעלטן דאָס געפיל, אז ער איז אונטערגע־שטעלט טאקע פונעם פראָקוראָר גופא, לפנים... דאָ אבער, דאָ זעט איר עפּעס נייעס: אזוי איז רעכט... שטעלט אייך פאָר א קוריאָז פון א צביעות, וואָס איז געווען אויף יענער וועלט: ווען דער מאנצביל האָט זיך דער־קלערט אין דער אזוי גערופענער „ליבע" האָט מען אים תיכף געגלייבט, מיטן בלויזן זאָגן איין טראָף „יאָ" איז ער שוין געווען א „געשוואוירענער" מאן. אָבער ווען ער האָט דער פרוי קלאָר און דייטלעך געזאָגט אין פנים, פארן גאנצן טריבונאל, אז ער האָט זי פיינט און אז ער עקלט זיך פאר איר, זעט איר, דאָס האָט מען אים שוין נישט געגלייבט... ער האָט געדארפט ברענגען א צאָל עדות, וואָס זאָלן עדות זאָגן אונטער א שבועה, אז זיי האָבן געזען, ווי ער האָט זי נישט איין מאָל געממיתט. ערשט דעמאָלט האָט מען אים געגלייבט אז ער האָט זי טאקע באמת פיינט בתכלית השינאה... דאָס זעל־ביקע איז געשען אויך מיט דער פרוי. ווען זי האָט געזאָגט מיט א האלב מויל „יאָ", דעמאָלט האָט מען איר געגלייבט און זי איז געוואָרן א פארטיק פארהייראטע... אָבער ווען זי האָט געזאָגט אָפן, אָדער זי האָט עס נישט געזאָגט, נאָר זי האָט עס נישט אָפּגעלייקנט, אז זי לעבט שוין מיט אן אנ־דערן מאן, דעמאָלט האָט מען איר נישט געגלייבט. מע האָט געדארפט דערצו עדות... און — נאָך עטלעכע זיצונגען פונעם טריבונאל, וואָס קומען פאָר נאָך דריי אָדער פיר חדשים אין א יאָר, ערשט דעמאָלט באשליסט זיך קוים דער מישפט, אז מע זאָל זיי צעטיילן... זאָגט אליין: ווען איז דאָס אחריות גרעסער, ווען זיי ווילן זיך פארבינדן אויפן גאנצן לעבן, צי דע־מאָלט ווען זיי ווילן זיך צעשיידן?

איך האָב באמת נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף זיין גערעכ־טער פראגע. איך בין אויפמעקזאם געווען אויף דעם פארהער פון די עדות:

— ווי איז אייער נאָמען? — פרעגט דער ראש בית־דין דאָס ווייבספארשוין וואָס שטייט פאר אים ווי אן איבערגעשראָקענע נשמה.

— קסעניא קאנאָפּא — ענטפערט די נשמה — אזוי האָט מען מיר א נאָמען געגעבן אָבער ער — און זי האָט אָנגעוויזן אויף דער מאנצביל־נשמה, דעם חתן — ער רופט מיך „טייבעלע"...

דער עולם נשמות האָט אויסגעבראָכן מיט א געלעכטער.

— ווי אלט זענט איר שוין אין קבר? — פרעגט ווייטער דער ראש בית־דין.

— איך בין שוין א נשמה זינט זעקס און צוואָנציק יאָר.

— זעקס און צוואַנציק יאָר? וואונדערט זיך דער ראש בית־דין — ביז איצט האָט איר נאָך נישט חתונה געהאט?

— איך וועל אייך מודה זיין דעם אמת...

— דאָ דארפט איר זאָגן נאָר דעם אמת — האָט א דונער געטון דער פּראָקוראָר, מיט א מוראדיקער שטימע.

— ...דער אמת איז, אז קיין איין נשמה האָט זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט. איר ווייסט דאָך, די מאנצבילן זוכן תמיד פון די ווייבערישע פּליטערלעך... אן ערנסטע ווייבספּארשוין, א פרומע נשמה געפינט זיך שווער איר זיווג...

— מיר קענען שוין די ווייבערישע „פרומע נשמות" — האָט געמאכט א צווישנרוף דער פּראָקוראָר — אלע האָט איר איין פּנים...

— זינט ווען קענט איר אייער חתן? — פרעגט דער ראש בית־דין.

— מיר קענען זיך שוין אן ערך אין פערטן יאָר — זאָגט די ווייבערישע נשמה — מיר זענען שוין דאָ, פארן טריבונאל אין צווייטן יאָר, ביי דער פערטער זיצונג. מען האָט אלץ אָפּגעלייגט דעם פּסק, איך ווייס נישט פאר וואָס...

— איר ווייסט נישט? — פרעגט ווי אויפגערעגט דער פּראָקוראָר — איז וועל איך אייך זאָגן, אויב איר ווייסט נישט: איר מיינט אז חתונה האָבן איז א שפּילעכל. איר מיינט, אז איר געפינט זיך נאָך אויף יענער וועלט, ווען איר האָט איינס און צוויי חתונה געהאט, נישט איבערגעשלאָפן מיטן מאן קיין איין נאכט, א רו'איקע, און דערנאָך ארומגעלאָפן איבער די טריבונאלן עטלעכע יאָר, אז מע זאָל אייך אָפּגטן, ווייל איר קאָנט נישט מער צוזאמענוואוינען מיט אזא חיה... דאָ איז שוין מער נישט אזא הפקרות... איר ווייסט דאָך אוודאי ווי אזוי דאָס לשון גייט דאָרט: ביי דער חתונה זאָגט ער „טייבעלע" און קוצעניו-מוצעניו, און ביים גט זאָגט ער „בעסטיע" — עס איז פאָלג מיך א גאנג... אנו, זאָגט: ווי אזוי רופט איר אים?

— איך האָב אים ביז איצט אָנגערופן — האָט זי פארשעמט ארויסגעשטאמלט — „קאָטערל" מיינער...

אין זאל איז ווידער אויסגעבראָכן א געלעכטער... איך האָב געפרעגט בעת מעשה מיין שכן, קנאָראָסן, פאר וואָס לאכט מען? זי האָט דאָך רעכט אים אָנצורופן ווי אזוי איר געפעלט, דאָס איז דאָך זייער פריוואט זאך?!

עס איז נישט פאַרבאָטן צו לאַכן — זאָגט מיר קנאָראָס — דאָ קאָן זיך בשעתן חתונה־מישפּט מעלדן צום וואָרט סיי ווער סע וויל, אויב ער האָט עפּעס צו זאָגן לטובת איינעם פון די צדדים.

— וואָס איז די נפקא־מינה, ווער סע געווינט דעם פּראָצעס? — פרעג איך א פאַרהידושטער.

— פאַר וואָס פאַרשטייט איר נישט? דער וואָס געווינט דעם חתונה־פּראָצעס, דער איז דער פּריוועליגירטער. זיי וואוינען דערנאָך ביידע אין יענעמס קבר... ער, דער צד איז דער אויבערהערשער אין דער נשמה־מישפּחה... און סע זענען נאָך דאָ אנדערע פּריווילעגיעס.

— מיט וואָס קאָנט איר באַווייזן, אז איר האָט אים מער ליב, ווי ער האָט אייך ליב? — פרעגט דער פּראָקוראָר.

— איך בין קיין מאָל נישט ארויס מיט קיין שום מאַנצבילישער נשמה אחוץ מיט אים — זאָגט דאָס ווייבספאַרשוין.

— אוודאי — זאָגט דער פּראָקוראָר לאַכנדיק — איר האָט דאָך אליין געזאָגט אז קיינער האָט זיך אויף אייך נישט געוואָלט אומקוקן... דאָס איז נישט קיין באַווייז. אנדערע באַווייזן האָט איר?

— איך האָב עדות...

— ווער זענען די עדות? — האָט דער פּראָקוראָר איר ווידער אי־בערגעריסן די רייד — אויך א ווייבערישע נשמה?

— ניין — האָט די נשמה געזאָגט — מיין עדות איז דווקא א מאַנצ־בילישע נשמה, וואָס האָט מיך געקענט זינט איך בין געוואָרן זעכצן יאָר אין קבר...

— נו, איז פאַר וואָס האָט ער אייך נישט גענומען, אויב איר קענט אייך שוין אזוי פיל צייט, און איצט איז ער גרייט עדות צו זאָגן לטובת אייך?...

— מיר האָבן זיך נישט גענומען, וועגן „נישט פּאַסיקן כאַראַק־טער"... דאָס איז מסתמא נישט געווען דער רעכטער זיווג...

— אָבער מיט אייער חתן, פון וואַנעט ווייסט איר אז דער כאַראַק־טער אייערער מיט זיינעם וועלן זיך יאָ פּאַסן? — האָט דער פּראָקוראָר ווייטער פאָרגעזעצט זיינע אויספאָרשונגען.

— דאָס דאַרף זי נישט באַווייזן — האָט דער פּאַרטיידיקער זיך אריינגעמישט — דאָס דאַרפט איר באַווייזן, אויב איר ווילט שטעלן אזא השערה. די שולד דאַרף דאָך באַווייזן דער אָנקלאָגער נישט דער אָנגע־קלאָגטער זאָל באַווייזן זיין אומשולד...

— דאָס הער איך צום ערשטן מאָל — זאָג איך צו קנאָראָסן — איך האָב געוואוסט ביז איצט, אז דער אָנגעקלאָגטער דאַרף זיך פארטיידיקן און ריין וואשן פון די זינד, אין וועלכע מע באשולדיקט אים.

— דאָס איז געווען א טעות — זאָגט קנאָראָס — פון אייביק, אין אלע טריבונאלן, האָט דער אָנקלאָגער געדארפט באווייזן די שולדיקייט, בעת דער פארטיידיקער דאַרף אָנווענדן אלץ כדי זיי אָפּצואווארפן, אויפ־צואווייזן אז די באווייזן זענען נישט קיין גילטיקע... דאָס וואָס סע האָט זיך אמאָל פּראקטיצירט אויף יענער וועלט, אז דער אָנגעקלאָגטער זאָל דערווייזן זיין אומשולד און דער פּראָקוראָר זאָל צו נישט מאכן זיינע באַ־ווייזן, דאָס איז געווען בלויז דאָרט, אויף דער פארקערטער וועלט... דאָ איז נישט אזוי, דאָ איז דאָך דער עולם־האמת!

דער פּראָקוראָר האָט נישט געהאט וואָס אָפּצוענטפערן דעם פארטיי־דיקער, האָט ער אראָפּגעשלונגען דאָס וואָרט, אָדער אזוי האָט זיך עס נאָר אויסגעדאכט. און מען איז אריבער אויסהערן דעם חתן.

— סע האָט אָנגעהויבן זיין לאנגווייליק — האָב איך געזאָגט קנאָראָסן אז מיר זאָלן פארלאָזן דעם פּראָצעס — וואָס האָבן מיר נאָך דאָ צו הערן? די הויפּט זאַך איז, וואָס איך האָב דערפארן, ווי אזוי דאָ קומט פאָר אזא מין חתונה־צערעמאָניע. דאָס איבעריקע איז שוין, דאכט זיך, פאר אונדז נישט אינטערעסאנט, ווען מיר וואָלטן געקענט די חתן־כלה, קאָן זיין אז סע וואָלט מיך אינטערעסירט, אָבער אזוי איז עס שוין לאנגווייליק. אפשר ביי א גט וואָלט עס פאר מיר געווען אינטערעסאנטער.

— ביי א גט — זאָגט קנאָראָס — איז עס גאָר ווייניק אינטערעסאנט דאָס מאכט מען שוין נישט ביי קיין טריבונאל, אין אָן אָפענעם פּראָצעס. דאָס ווערט אָפּגעטון בקיצור, פאר א באאמטער, וואָס גיט זיך אָפּ מיטן צע־שיידן די חתונה־פאַרלעך נשמות, וואָס געדויערט נישט מער ווי עטלעכע מינוט: דער באאמטער פרעגט אים:

„בירגער נשמה אזוי און אזוי, ווילסטו אָפּגטן די און די נשמה פון דיין אייגענעם ווילן, נישט זייענדיק געצווינגען פון קיינעם?״ און ער ענט־פערט: „יאָ״, דערנאָך פרעגט דער באאמטער זי: „בירגערין נשמה די און די, ווילסטו דיך גטן פון דער און דער בירגער־נשמה, פון דיין אייגענעם ווילן, נישט זייענדיק געצווינגען פון קיינעם?״ און זי ענטפערט „יאָ״. און מיט דעם איז די צערעמאָניע פארענדיקט...

— אויב די באדינגונגען זענען דאָ אזעלכע לייכטע — זאָג איך קנאָראָסן — איז דארף דאָ זיין א הפקר־וועלט בנוגע דעם צעשיידן זיך... איך וואָלט בייגעריק געוועז צו וויסן די סטאטיסטיק פון די דאָזיקע גטן. זיי דארפן זיין זייער אָפטע, בכל־אופן פיל אָפטער ווי אויף יענער וועלט...

— איר האָט א גרויסן טעות — זאָגט מיר קנאָראָס — איך האָב אויך אזוי געמיינט, צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב זיך דערוויסט ווי אזוי דאָ קומט פאָר דאָס גטן. אָבער עס איז בכלל נישט אזוי. ווען איך האָב געזען די סטאטיסטיק, וואָס איז איין מאָל פארעפנטלעכט געוואָרן (פון צייט צו צייט ווערט דאָס אויך פארעפנטלעכט!), האָב איך מיט פארוואונדערונג גע־קאָנט קאָנסטאטירן אז אין פארגלייך מיט יענעם עולם איז דאָ דער פראָ־צענט גטן פיל קלענער ווי דאָרט. ער דערגרייכט נישט כמעט די העלפט...

— ווי איז עס מעגלעך? — האָב איך געפרעגט פארוואונדערט.

— אָט פאר וואָס — קלערט מיר אויף קנאָראָס — איר באגייט א פעלער. איר טראכט נישט דיאלעקטיש (אויך ער? נישט אומזיסט איז ער א שכן מיט מיהאי מאָנידעסן... אויך ער וויל מיך לערנען דיאלעקטיק?!). איר זעט דעם פאל „גטן" איזאָלירט, דערפאר דאכט זיך אייך אויס, אז דאָ איז דאָס גטן אן אָפטערער פאל ווי אויף יענער וועלט. ווען איר זאָלט אָבער נעמען אין באטראכט אז דאָס חתונה האָבן גייט דאָ צו מיט שוועריקייטן, וואָלט איר געקאָנט לייכט פארשטיין, אז די גטן זענען דאָ זייער זעלטענע פאלן...

— מעגלעך, סע קאָן זיין אז איר האָט רעכט — האָב איך אים גע־זאָגט, נישט נאָר פון יוצא וועגן. איך האָב טאקע איינגעזען, אז עס איז מעגלעך אז סע זאָל אזוי זיין, מסתמא שאפט זיך אזוי ארום א גלייכ־געוויכט...

— דאָס איז א בירגערלעך התונה האָבן — האָב איך אים ווייטער געפרעגט — מסתמא זענען דאָ אויך פאראן רעליגיעזע חתונות? (איך האָב געמיינט א יידישע חתונה, נאָר דאָס האָב איך אים נישט געוואָלט ארויס־זאָגן. ווייל ווי קומט צו אים, אז ער זאָל וויסן ווי אזוי מע מאכט יידישע חתונות?) — האָט איר שוין געזען ווי אזוי סע זעט אויס דאָ א רעליגיעזע חתונה?

— יאָ, איך בין שוין געוועזן אויך ביי א יידישער חתונה — האָט ער געזאָגט, גלייך ער וואָלט געלייענט מיינע מחשבות — דאָס איז מיט קלע־נערע שוועריקייטן. דאָס חתונה האָבן ביי א יידישן רב געדויערט עפּעס ווייניקער. אָבער אלץ שווערער ווי דאָס גטן ביי א רב... אויב איר ווילט

— זאָגט קנאָראָס — קאָנען מיר צוגיין צו א יידישן בית־דין וועט איר זען ווי אזוי מע מאכט א יידישע חתונה.

— איך וואָלט נייגעריק געווען צו זען ווי אזוי דאָס גייט דאָ פאָר

— האָב איך געזאָגט — אָבער צו וואָס דאַרפן מיר גיין צו א בית־דין? מסדר קידושין זיין קאָן אויך סתם א ייד, ער דאַרף דאָך נישט זיין קיין רב. בלויז צו א גט, — גיב איך אים צו פאַרשטיין — דאַרף מען האָבן א רב...

— איר האָט א טעות — זאָגט קנאָראָס מיט א שמייכל — הגם איר זענט א ייד און איך נישט, דאָס מאָל ווייס איך שוין בעסער... דאָרטן, אויף יענעם עולם איז אזוי געווען... דאָ, איז דאָך אַלץ פאַרקערט: דאָ דאַרף מען א בית־דין צום חתונה האָבן און נישט צום גטן, אויך די רעליגיעזע צערע־מאָניע איז אויך כמעט אזוי ווי די בירגערלעכע...

ווען מיר זענען אָנגעקומען צו א בית־דין, האָבן מיר טאַקע אָנגע־טראָפן אזא מין צערעמאָניע, וואו א סופר האָט געשריבן א כתובה... אמאָל געדענק איך, האָט מען קיין כתובה נישט געשריבן. דאָס האָט מען אויסגע־פולט דעם נאָמען פון דער כלה און פונעם חתן, אויף א געדרוקטן פאָרמו־לאר, און מע האָט געשטעלט א חופה. די גאנצע צערעמאָניע האָט געקאָנט דויערן א האלבע שעה, און אויב מע האָט געוואָלט צואיילן די זאך, האָט עס נישט געדארפט דויערן מער ווי עטלעכע מינוט... נאָך מער, אויב א בחור האָט געמאכט א שפאס און האָט אָנגעטון א רינגל אויף א פינגער פון א מיידל און האָט איר געזאָגט: „דו ביסט מיין פרוי!‟ און סע זענען געווען דערביי צוויי עדות, איז דאָס געווען ווי א גילטיקע חתונה, וואָס האָט נישט געקאָנט זיך צעגיין, סיידן מע האָט געשריבן א גט, מיט אלע פיטשעווקעס... איצט איז געזעסן א סופר און געשריבן מיט א לאנגער געגדזענער פעדער די כתובה... דער בית־דין האָט אכט געגעבן אז די אותיות זאָלן זיין נאָענט איינע צו דער אנדערער, אז צווישן די אותיות זאָל מען נישט קאָ־נען אריינשרייבן נאָך איין אות, און אזוי ארום אָפּפּסלענען די גאנצע כתו־בה אז מע זאָל זיין געצווינגען צו שרייבן אלעס פון אָנהויב...

איך האָב געוואָלט ארויסווייזן מיינע קענטעניש, און האָב דערציילט קנאָראָסן, אז ביים שרייבן א גט (דאָס הייסט, אויף יענעם עולם!) האָט מען זיך אזוי נוהג געווען... איצט שרייבט מען דאָ אזוי א כתובה. נאָך מער, לויטן דין טאָר קיין כהן נישט חתונה האָבן מיט קיין גרושה, אויך ווען ער וויל צוריק נעמען זיין אייגן ווייב, מיט וועלכער ער האָט זיך געגט... אזוי ווי די כהנים זענען באקאנט פאר אויפגערעגטע מענטשן, דאָס הייסט, אז זיי ביי־

זערן זיך זייער לייכט, און א כהן קאָן אוועקלויפן צום רב זיך אָפּגטן מיט זיין פרוי, און דערנאָך, ווען די ריגזה גייט אים איבער, האָט ער חרטה אויף זיין גט, קאָן ער עס דאָך נישט מבטל זיין, ווייל ער איז א כהן, און טאָר נישט ווידער א מאָל חתונה האָבן מיט זיין אייגענער געוועזענער פרוי, וועלכע ער האָט נאָר וואָס אָפּגעגט, האָט מען איינגעפירט, אז דאָס שרייבן א גט פאר א כהן זאָל געדויערן ביז אים קאָן איבערגיין די ריגזה... מע שרייבט איין שורה און מע פארבייגט דאָס פּאפּיר און מע נייט עס צו מיט א פאָדעם. דערנאָך שרייבט מען נאָך איין שורה און ווידער פארבייגט מען דאָס פּאפּיר, אזוי אז דאָס געשריבענע ווערט פארדעקט און מע נייט ווי־דער צו. אזוי טוט מען מיט אלע צוועלף שורות, וויפל סע האלט אָן דער גאנצער גט... אזוי איז מען זיך נוהג נאָר ביי א כהן, כדי סע זאָל געדויערן מערער צייט, אז סע זאָל זיין צייט כדי די כהנישע ריגזה זאָל פארבייגיין...

בעת איך האָב דאָס דערציילט קנאָראָסן, האָט ער געקוקט אויף מיר איראָניש:

— עס איז גוט וואָס איר ווייסט וועגן אָט דעם מנהג — זאָגט ער מיט א שמייכל — פאר מיר איז עס שווערער געווען צו פארשטיין, ווייל איך האָב דאָך דאָס נישט געוואוסט... איצט וועט איר עס בעסער פארשטיין... אנו, טוט נאָר א קוק, וועט איר דערזען, אז אזוי איז מען זיך טאקע נוהג דאָ מיטן שרייבן די כתובה. נאָר דער חילוק איז, וואָס דאָס מאָל שרייבט מען נישט אזוי בלויז פאר א כהן, נאָר פאר אלע אָן אויסנאם... דווקא צו־ליב דעם אז זיי זאָלן זיך צייט האָבן צו איבערקלערן די זאך, איידער זיי חתמענען די כתובה...

— און ביי א גט? — פרעג איך אים, אויב איך זע, אז ער איז שוין באהאוונט גוט אין דעם ענין — ווי אזוי מאכט מען עס?

— ביי א גט — זאָגט קנאָראָס — האָט איר דאָך אליין געזאָגט (אויב אלץ ווערט געטון קאפּויער!) אז מע דארף נישט קיין בית־דין... מע נעמט א געדרוקטן פאָרמולאר און איינער א ייד, ער מוז נישט זיין קיין רב, שטעלט אוים אויפן נאָמען פונעם מאן און זיין פרוי. סע שרייבן אונטער צוויי עדות און פארטיק. זיי ווערן פּ״ן איצט אָן ווילד־פרעמדע מענטשן — וויל איך זאָגן, נשמות... אויך דאָס רעליגיעזע גטן האָט נישט קיין ספּעציעלע צע־רעמאָניעס. דאָס הייסט, אז צעברעכן איז אויך דאָ לייכטער ווי צי פארריכטן.

— לויט דער תלמודישער מאָראל — וויל איך ארויסווייזן פארן חבר קנאָראָס מיין בקיאות — איז אז איינער האָט בלויז אין זינען געהאט צו געבן א גט זיין פרוי, טאָר ער מער זיך נישט לייגן מיט איר... דאָס וואָלט

געווען א מין אָנערקענען, אז צעשיידן זיך קאָן פאַרקומען אויך אָן ספּעציעלע צערעמאָניעס. די צערעמאָניע איז נאָר דעמאָלט נויטיק, ווען אייגער פון זיי, בפרט די פרוי, וויל ווידער חתונה האָבן מיט אן אנדערן מאַן...

— די דאָזיקע אידעע — זאָגט קנאַראָס — אז א מאַן, וואָס האָט נאָר געהאט אין געדאַנק זיך צו צעשיידן פון זיין פרוי, נאָר ער מער זיך מיט איר שוין נישט לייגן אויפן זעלביקן געלעגער, דאָס געפעלט מיר... דאָס איז א טיפער מאָראַלישער געדאַנק. וואָס פאַר א מאָראַלישקייט קאָן מען זיך דען דערוואַרטן פון א פּאָרל, וואָס שלאָפן צוזאַמען און ער טראַכט צו אַן אנדערער?!

— אָט דאָס איז טאַקע דער עצם געדאַנק — זאָג איך אים — אָט דאָס האָט טאַקע אין זינען געהאט דער תלמוד... בכלל, האָבן די אויטאָרן פונעם תלמוד אין זינען געהאט, אז מאָראַליש איז דאָס משפחה־לעבן נאָר דעמאָלט ווען דאָס פּאָרל האָט אין דער צייט פונעם פּאָרן זיך, בלויז איין און דעם זעלביקן געדאַנק... למשל, אויף אַן אנדער אָרט ווערט געזאָגט, אז ווען א בעגטער מאַן האָט חתונה מיט א געגטער פרוי דעמאָלט זענען אין יענעם בעט פאַראַן פיר נשמות... ער טראַכט זיך צו זיין געוועזענער פרוי און זי טראַכט זיך צו איר געוועזענעם מאַן — דאָס הייסט אז אין יענעם בעט געפינען זיך פיר אינע... קאָן דאָס זיין מאָראַליש?!

אזוי האָבן מיר צווישן זיך גערעדט, אָבער די נשמות, וואָס זענען געווען ביי דער חתונה האָבן געקוקט אויף אונדז קרום (מיר זענען דאָך נישט געווען אָנגעטון אין קיין תכריכים!), איז אייגער צוגעקומען צו אונדז און מיך געפרעגט:

— איר זענט נייגעריק געווען צו זען א יידישע חתונה? — האָט ער מיך געפרעגט מיט גוטן ווילן — איך קאָן אייך דערקלערן די מנהגים, אויב איר האָט נאָך נישט געזען א יידישע חתונה...

— איך בין אויך א ייד — האָב איך אים געענטפערט קאַלט, כדי ער זאָל אונדז צו רו לאָזן — אָבער איך האָב נאָך דאָ, אויף „דער וועלט" נישט געזען ווי אזוי מע שטעלט א חופה.

— אויב איר וואַרט נאָך עטלעכע שעה — זאָגט ער שוין א ביסל העפלעכער — קאָנט איר זען ווי אזוי די חתן־כלה גייען אויף דער חופה. דאָס הייסט אויף אזא מין טעפּיך.

איך האָב פאַרשטאַנען צוויי זאכן, פון זיינע ווערטער: ערשטנס, אז דאָס וועט נאָך דויערן עטלעכע שעה. און אזוי ווי די נאַכט גייט צום סוף, איז

דאָך א סימן אז די חופּה וועט מען נישט „שטעלן" היינט, נאָר אפשר גאָר מאָרגן... און שנית, שטעלט מען נישט די חופּה איבער די חתן־כלה, נאָר אדרבה, מע שטעלט זי אראָפּ אָבער נישט קיין חופּה ממש, נאָר א טעפּיך און די חתן־כלה וועלן ארויפטרעטן אויף אים... איך האָב פארשטאנען, עס איז דאָך קאפּויער...

אָבער אזוי ווי די צייט איז קורץ, איז בלייבט עס אז איך זאָל האָבן דאָס פארגעניגן ביי אן אנדערער געלעגנהייט.

מיר זעגנען זיך אוועק פון דאָרט, יעדער אין זיין רו אריין.

# א פאַרוויילונג פאַר נשמות

ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט מיהאַי מאַנידעסקו האָב איך געוואָלט אויסמיידן דעם געוויינטלעכן שמועס וועגן דעם בית־דין של מעלה, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אַז ער זאָל האָבן דעם איינדרוק, אַז איך בין אַזוי שטאַרק נייגעריק צו וויסן ווי אַזוי מע האָט אים געמישפּט. דאָס הייסט, נייגעריק בין איך טאַקע יאָ געווען, אָבער איך האָב עס נישט געוואָלט אַרויסווייזן. די דערפאַרונג האָט מיך געלערנט אַז ליבער וועל איך עס געוואויר ווערן, ווען איך וועל נישט אַרויסווייזן קיין צו פיל אינטערעס דערצו. בעסער וועט ער עס מיר אַליין דערציילן. איז האָב איך אָנגעקניפּט מיט אים אַן אַנדערן שמועס. איך האָב אים געזאָגט אַז נעכטן, בעת איך האָב געזען ווי אַזוי סע קומט פאַר דאָ א חתונה, איז מיר איינגעפאַלן אַן אידעע, וואָס וואָלט געקאָנט זיין א מיטל אויף פריילעכער צו מאַכן און סע זאָל זיין כאָטש ווייניקער לאַנגווייליק פאַר די נשמות, בפרט פאַר יענע, וואָס זענען נאָך נישט געמישפּט געוואָרן, און זענען אין א מצב פון א נישט זייער פריילעכן וואַרטן...

— דאָס האָב איך נאָך נישט געהערט — האָט מאַנידעסקו אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג — פאַרוויילונגען מאַכט מען נאָר פאַר שוין פאַראורטיילטע, אָדער שוין געמישפּטע נשמות. פאַרוויילונגען — זאָגט ער — האָט ער געהערט, ווערן אָרגאַניזירט אין גן־עדן, פאַר די צדיקים, אָבער דאַכט זיך אַז אויך אין גיהנום, פאַר די רשעים מאַכט מען אויך אַזעלכע מין פאָרשטעלונגען, וואָס „פאַרוויילן", אויב מע קען עס אָנרופן „פאַרוויילן", ווייל — לויט ער מיינט — זענען עס נישט קיין פאַרוויילונגען. דאָס זענען אַזעלכע מין טראַגישע פאָרשטעלונגען, פון די סאַמע גרויזאַמסטע, וואָס זענען אַלץ, נאָר נישט קיין פאַרוויילונגען...

— איך האָב געטראַכט — האָב איך אים געזאָגט, וואָס מיר איז געקומען אין געדאַנק — צו מאַכן אַן אמתע פאַרוויילונג, א קאָמעדיע, וואָס מע וואָלט געקאָנט דאָ אָרגאַניזירן, מיט די היימישע כוחות, מיט אַרטיסטן אָדער בלויז אַמאַטאָרן, וועלכע וואָלטן געקאָנט שפּילן קליינע ראָלן, וואָס זענען ווייניקער קאָמפּליצירט און וואָלטן אויפגעהייטערט די גאַנצע שטימונג... איך בין זיכער, אַז די נשמות וואָלטן געקייכט פאַר געלעכטער...

— איך ווייס נישט גענוי — זאָגט מיהאי מאָנידעס — אָבער דאַכט זיך, אַז כדי צו זען אַ ספּעקטאַקל, דאַרף מען שוין האָבן אַ געוויסן סטאַזש, גענוי ווי צו באַגעגענען זיך מיט ווייבערישע נשמות. ערשט דעמאָלט ווען מע האָט שוין די עלטער, דאָ אויף דער וועלט, ערשט דעמאָלט קאָן מען באַזוכן אַ ספּעקטאַקל. מע דאַרף זיך נאָכפרעגן, ביי עלטערע פון אונדז. אָבער וואָס פאַר אַ ספּעקטאַקל האָט איר פאַרטראַכט?

— איך קאָן אייך זאָגן בקיצור דעם סוזשעט, אָדער סקיצירן דעם סצענאַר, צו וועלכן איך האָב געטראַכט. אויב איר זענט גרייט מיך אויסצו־הערן, בין איך גרייט אייך אים צו דערציילן, אָדער ווי זאָל איך אייך זאָגן: אים אייך אויסצומאָלן. דעם דעקאָר און די איבעריקע רעזשיסאָרישע באַמער־קונגען, אָט דאָס וועט איר אייך אליין צופּאַסן אין אייער פאַנטאַזיע...

איז קודם דער טיטל פון דער פּיעסע:

## „די חתונה פאַר, אין און נאָך אונדזער צייטרעכענונג“

שטעלט אייך פאָר אַ טעאַטער־זאַל, אין וועלכן סע זיצן מינדסטנס צוויי צושויער (איר וועט זען שפּעטער, אַז אָן זיי קאָן מען נישט ווייזן דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל, סיידן מע וועט אַהין אַראָפּשיקן צוויי אַקטיאָרן פון דער בינע. מיט אָט דעם פּרט, אפשר, איז דער דאָזיקער ספּעקטאַקל אַ יוצא מן הכלל, ווייל אַנדערע ספּעקטאַקלען קאָן מען דאָך שפּילן מיט אַ לגמרי ליידיקן זאַל!). אויף דער בינע איז אַ נישט געהובלטער, פּרימיטי־ווער טיש, אויף וועלכן סע ברענט אַ קאַניצל, וואָס קוים באַלייכט עס (נישט קיין פאַקל, נאָר אַ קליין קאַניצל ווי אַ נר נשמה, וואָס צאַנקט ציי־טערנדיק, אַז אָט־אָט לעשט עס זיך אויס). אַן ערדן טעפּל, אַזעלעכס וואָס מע גראָבט געוויינטלעך אויס ביי אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען. ווען דער פירהאַנג הייבט זיך פּאַמעלעך אויף, ווערט אַ ווײַלע פינצטער, און סע קומט אַריין דער פאָרשטעלער. דאָס הייסט, אַז מע זעט נישט ווען ער קומט אָן. ערשט ווען דאָס ליכט צינדט זיך ווידער אָן, דעמאָלט זעט מען אים, אַז ער איז ביים טיש, זיצט אויף אַ דריי־פיסיק הילצערן בענקעלע (ווי אַ שוסטער־בענקעלע!), ווישט זיך אויס די ברילן. טוט אַ זופּ אַ ביסל וואַסער פונעם ערדענעם טעפּל און הייבט אָן אַ מאָנאָלאָג:

„חשובע נשמות, היינט וועלן מיר רעדן וועגן חתונה האָבן... עס איז דאָך פאַר יעדן באַקאַנט אַז דאָס איז זייער אַן אַלטע טעמע, וואָס יעדער

איינער מיינט אז ער קען זיך אין איר אויס. אָבער צווישן אונדז גערעדט, זענען פאראן פיל, זייער פיל נשמות (בעסער געזאָגט מתים!), וואָס זאָגן זיך: „הלוואי וואָלטן מיר נישט געוואוסט!"... ווייל די דערפארונג איז ביי יעדן איינעם נישט קיין זייער פריילעכע. טאקע דערפאר האָבן זיך עטלעכע נשמות געוואָנדן (אין דער אמת אריין האָט זיך קיינער צו אונדז נישט גע־וואָנדן. וועמען אינטערעסירט עס, אז מע זאָל אים אויפקראצן אזא „וואונד"? אָבער אזוי איז שוין דער מנהג אין א טעאטער צו זאָגן אז מע קומט אקעגן דעם „ווילן פונעם געערטן פובליקום"!), אז מיר זאָלן אָרגאניזירן א פאָרטראג וועגן דער „געשיכטע פון דער חתונה־אינסטיטוציע". איז איצט וועלן מיר פרואוון זיי ענטפערן. אויב סע וועט עמעצער האָבן עפעס א נישט־אויפגעקלערטע זאַך, וועט ער מוחל זיין אונדז איבערפרעגן... דערווייל וועלן מיר איינטיילן אונדזער רעפעראט אין דריי אקטן: אין ערשטן אקט וועלן מיר סקיצירן:

## „די חתונה פאר אונדזער צייטרעכענונג"

(אין דער צייט וואָס דער פאָרשטעלער רעדט, זעט מען אויף דער בינע, ווי עטלעכע מיידלעך אָנגעטון ווי אין דער אורצייט מיט פעלעכלעך, וואָס דעקן צו זייער ווייניק פון זייער מיידלישן קערפער. עס איז מערער אויפגעדעקט ווי צוגעדעקט. די מיידלעך קלויבן יאגעדעס, אָדער אנדערע פירות, מיט וועלכע זיי שפייזן זיך. סע קומט אָן א יינגל. ער איז אויך אָנגעטון בלויז מיט א קליין פעלעכל, פון א שאָף אָדער א ציג, און אומגע־טראכט כאפט ער א מיידל און וויל זי ארומנעמען. יענע פרואווט זיך ארויס־רייסן פון זיינע הענט, אָבער איר געלינגט עס נישט, ווייל ער איז דאָך דער מאן, און ממילא קרעפטיקער. ער נעמט זי אויף די אָרעמס און גייט מיט איר אוועק, מיט פאמעלעכע שפאן, ווי אין א דעפילאדע, בעת די מו־זיק שפילט וואגנערס באקאנטן חתונה־מארש... זי פאָכעט מיט די פיסלעך אין דער לופט, מע זעט אָבער אָן אז זי שטויסט אים שוין נישט אָפּ. אדרבה, זי קלאמערט זיך ארום זיין האלדז און איז גרייט מיט די ליפּן אים צו קושן... די איבעריקע מיידלעך ווערן דערווייל פארשווינדן. די בינע בלייבט א מינוט ליידיק. דער פאָרשטעלער ווערט באלויכטן און ער זעצט פאָר זיין רעפעראט):

— אין דער צייט איז די חתונה אָן צערעמאָניעס. דאָס איז א פּשוטע פאַרבינדונג צווישן אַן „ער" און א „זי". זי געפעלט אים און מיט דער צייט אפשר געפעלט אויך ער פאַר איר — דאָס איז אַלץ... מיר וועלן זיך נישט אַרויסזאָגן קיין מיינונג: זאָל יעדער האָבן זיין אייגענע מיינונג, צי עס איז געווען בעסער אָדער ערגער. א פאַקט איז, אַז אזוי איז עס געשען...

(אין דער צייט באַווייזן זיך אייניציקווייז אַנדערע מיידלעך, וואָס זענען אָנגעטון אין ווייסע, לייוונטענע קליידער. פּשוטע, ווי זיי וואָלטן גע־מאַכט געוואָרן נישט פון קיין שניידער, נאָר פון זיי אַליין, אָן קנעפּלעך, נאָר פאַרבינדן מיט קליינע בענדלעך ביים האַלדז און אונטער דער אָרעם. זיי זענען אייגנטלעך נישט אויפגעבייט, נאָר אימפּראָוויזירט, פון שטיקלעך לייוונט. אויך דאָ איז באַדעקט נאָר א גאָר קליינער טייל פונעם קערפּער, אָבער, מערער ווי מיט די פריערדיקע פעלעכלעך. בעת זיי מאַכן די באַוועגונגען, דעקט זיך אָבער מער אויף ווי סע בלייבט פאַרדעקט, ווייל די קליי־דער־העמדער זענען ווי צעשפּאָלטן איןביידע זייטן... סע באַווייזן זיך צוויי יינגלעך, וואָס קלויבן אויך בלומען... די גרופּע מיידלעך, וואָס פרעדאָמינירט שטיל א ליד הייבט אָן איצט צו זינגען א ביסל העכער. איינע זינגט (דער טעקסט קאָן זיין פון שיר השירים!) און וואַרפט אַרויסרופערישע בליקן צו א יינגל. אזוי קומט עס אויס, אַז זי רייצט אים און דאָס יינגל מאַכט זיך נישט־ווויסנדיק. דעמאָלט נעמט איינע די איניציאַטיוו און רופט אים: „העי, דו פּחדנישער, שעמעוודיקער בחור, וואָס האָסטו מורא? האָסט נאָך נישט אַריינ־געביסן אין א מיידלישן לייב?!". דעמאָלט ווערט איין יינגל אין כעס, לויפט צו, נעמט אַרום א מיידל און בייסט אַריין מיט זיינע ציין איבער איר נאַקעטן האַלדז, בעת ער האַלט זי איינגעקלעמט אין זיינע אָרעמס... די מוזיק שפּילט ווידער דעם חתונה־מאַרש, קודם אין סורדינע און בהדרגהדיק וואַקסן די טענער אין א קרעסטשענדאָ, בעת זיי שפּאַנען אַוועק הינטער די קוליסן, מע זעט נאָר אָן די פיס זייערע, פון וועלכע מע קאָן פאַרשטיין אַז זיי ראַנגלען זיך. זיי זעט מען נישט אָן. זיי זענען פאַרשטעלט פון א קוסט. בלויז די פיס זעט מען ווי זיי באַוועגן זיך אין א ליבע־געראַנגל... אין דער צייט זאָגט דער פאַרשטעלער):

— אָט אזוי האָט מען חתונה.

— אָבער ווי אזוי גט מען זיך? — שרייט אויס איינער פון צווישן די צושויער — ווי אזוי גט מען זיך?

(אַט פאר וואָס מע דארף אומבאדינגט האָבן אויך צושויער, אָן וועל־כע מע קאָן דאָס טעאטער־שטיק נישט שפּילן!).

— איר ווילט וויסן ווי אזוי מע גט זיך? — חזרט איבער דער פאָרשטעלער די פראגע, און ער ענטפערט — לאָמיר זיי אליין פרעגן: העי! — רופט דער פאָרשטעלער צו די קוליסן — אנו, קומט נאָר צוריק!...

סע קומט צוריק דער יוגנטלעכער. האלטנדיק זיין מיידל אויף די אָרעמס, וועלכע קוקט קאָקעטיש צו איר באשערטן, חנדלענדיק זיך, ארויס־רופעריש...

— ווי אזוי גט איר זיך? — חזרט איבער דער צושויער זיין פראגע

— אנו, זאָג!

— פאר וואָס זאָל איך זיך גטן? — פרעגט דער יונגערמאן לאכנדיק, האלטנדיק פעסט זיין מיידל אין די אָרעמס.

— ווען דו ווערסט זאט פון איר — זאָגט דער צושויער — ווען דיר געפעלט אַן אנדערע, א יונגערע, א שענערע פון איר, ווי אזוי צעשיידסטו דיך פונעם מיידל?

— פאר וואָס זאָל איך זיך צעשיידן? — פרעגט פארוואונדערט דער יונגערמאן — אויב סע געפעלט מיר אַן אנדער מיידל, דאָס הייסט, נאָך איין מיידל, דארף איך זיך דען צעשיידן?! — און לאכנדיק פארשווינדט ער פון דער בינע קושנדיק זיך מיט זיין מיידל...

בעת דאָס ליכט גייט אויס אויף א מינוט, הערט זיך ווידער דער פאָרשטעלער, ווי ער זאָגט, גלייך ער וואָלט פאָרגעזעצט זיין רעפעראט:

— אזוי איז געווען די חתונה פאר אונדזער צייטרעכענונג... איצט וועלן מיר איבערגיין צום צווייטן אקט:

## „די חתונה אין אונדזער צײַטרעכענונג“

(דער פאָרשטעלער הייבט אָן רעדן, ווען דאָס ליכט גייט צוביסלעך אויס און תיכף ווערט ווידער באלויכטן די בינע בהדרגהדיק. מע זעט אָן קודם שאָטנס פון געביידעס. אין אַן אימפּראָוויזירטן ביורא, ביי א טישל זיצט א באאמטער אָנגעטון יום־טובדיק, מיט א בלום ביי דער ברוסט. א רויטע זיידענע באנד נעמט ארום זיין לינקן אקסל, וואָס גייט ארונטער אונטער דעם רעכטן אָרעם. אין דער האנט האלט ער א פּאפּיר פון וועלכן ער לייענט... קודם הערט מען נישט גאָרנישט, מע זעט נאָר אז ער באוועגט

זיינע ליכט. בעת די מוזיק שפּילט דעם חתונה־מאַרש, מאַרשירן פאַר אים די חתן־כּלה פּאָרלעך, וועלכע ער איז מסדר־קידושין. דער מאַרש פון די פּאָר־לעך איז אַזוי אָרגאַניזירט, אַז דאָס דעפילירן זאָל אָנהאַלטן עטלעכע מינוט, אָן אויפהער. דאָס מאַכט זיך אַזוי: זעקס־זיבן פּאָרלעך פון פאַרשידענעם עלטער זענען צוגעגרייט צו שפּילן די ראָלע פון די חתונה־קאַנדידאַטן. זיי גייען אַריין אין דער סצענע פון לינקס, פאַרהאַלטן זיך אויף אַ קורצער ווײַלע פאַרן באַאַמטער, וועלכער איז זיי מסדר־קידושין, דערנאָך גייט דאָס פּאָרל אַרויס, אין דער רעכטער זייט פון דער בינע. דאָרט, הינטער די קו־ליסן פאַרבייטן זיך די פּאָרלעך: איין חתן נעמט דעם אַנדערנס כּלה, וועלכע איז פאַרשטעלט זיך שוין נישט פון זיין עלטער. דער דיפערענץ איז דאָך מיט עטלעכע יאָר (איין מאָל איז ער יונגער, אָדער צו יונג, און איין מאָל איז זי צו יונג!). אַזוי פאַרבייטן זיך די פּאָרלעך, און מאַרשירן אַזוי דריי־פיר מאָל פאַרן באַאַמטער, וועלכער איז זיי אויף דער גיך מסדר־קידושין און זיי גייען ווייטער. דאָס הייסט אַז די זעקס־זיבן פּאָרלעך, וואָס חזרן איבער זייער דעפילאַדע עטלעכע מאָל, קומט אויס אַז אַן ערך עטלעכע און דריי־סיק פּאָרלעך האָבן חתונה, אין איילעניש, ווי אין אַ קאַראַהאָד...

דער באַאַמטער פרעגט קודם דעם חתן: „הער איקס, ווילסטו נעמען פאַר אַ פרוי, פון דיין אייגענעם ווילן, נישט געצוווּנגען פון קיינעם די פריילין איגרעק?״. דער חתן ענטפערט: „יאָ״ אויף אַ הויכן קול. דערנאָך פרעגט דער באַאַמטער די כּלה: „פריילין איגרעק, זענט איר מסכים צו זיין די פרוי פון הער איקס?״. ענטפערט זי מיט אַ האַלב מויל, שעמעוודיק: „יאָ!״... בעת זיי הייבן אָן פאַרזעצן זייער מאַרש, דערנענטערט זיך דאָס צווייטע פּאָרל, אַן עלטערס ווי דאָס ערשטע. איצט איז שוין די פראַגע פונעם באַ־אַמטער אַ קורצערע: „ווילט איר נעמען...?״ און דער חתן ענטפערט: „יאָ״... די כּלה פרעגט ער נאָך קורצער: „ווילט איר?״ און זי ענטפערט קוים: „יאָ״. סע קומט אונטער דאָס ווייטערדיקע פּאָרל: „ווילט?״... און באַלד הערט מען דעם ענטפער: „יאָ!״... אַזוי מאַרשירט אַדורך אַ גאַנצע ריי פּאָרלעך, וואָס אַ מאָל עלטערע און וואָס אַ מאָל קאָמישער מיט זייער נישט פּאַסיקער על־טער און הייך, אַזוי אַז ביי דער צווייטער הקפה זענען די פּאָרלעך ווי „צוגעפּאַסט״ אַז אַ הויכער איז געפּאָרעמט מיט אַ נידעריקער, אַ נידעריקער מיט אַ הויכער, אַ יונגער מיט אַן אַלטער און אַן אַלטע מיט אַ יונגן: אַ גוט געקליידעטער מיט אַן אָפּגעריסענער, אַן עלעגאַנטע מיט אַן אָפּגעשליסענעם. מע קאָן אָרגאַניזירן אַז הינטער די קוליסן זאָלן זיי זיך אויף דער גיך בייטן די היטן, פאַר מערער וואַריאַציע... צום סוף הערט מען שוין נישט דעם באַאַמטערס

פראגן. מע זעט נאָר זיינע ליפּן ווי זיי באוועגן זיך. ווידער די פאָרלעך הערט מען יאָ. אז בעת זיי גייען פארביי פארן באאמטער זאָגן זיי ווי אין כאָר: „יאָ!"... „יאָ!"...

די גאנצע צייט פון אָט די חתונה־הקפות שפּילט די מוזיק דעם חתונה־מארש. פלוצעם ווערט דער קאראהאָד איבערגעריסן פון אן אויסרוף פון א צושויער, וועלכער שרייט אויס:

— אָבער ווי אזוי גט מען זיך?

דער פאָרשטעלער, וואָס שטייט בעת די חתונה־הקפות אומאקטיוו, אין א האלב־טונקלעם ווינקל פון דער בינע, ווערט באלויכטן און ער חזרט איבער די פראגע:

— איר ווילט וויסן ווי אזוי מע גט זיך? אויב איר ווילט וועט איר עס זען...

דאָס ליכט גייט אויס אויף איין רגע, און ווען סע צינדט זיך ווידער אָן, זעט מען אויף דער בינע א טריבונאל, פון דריי ריכטער, אין אן אוניפאָרעם פון טאָגעס, ענלעך צו די רוימישע הערשער. פאר זיי שטייען דער מאן און די פרוי, וואָס ווילן זיך גטן. זיי זענען אויסגעדרייט פּלייצע צו פּלייצע, אזוי אז מע זעט זיי פונעם זאל בלויז אין פּראָפיל. רעכטס זיצט א פּראָקוראָר. לינקס זיצט א פארטיידיקער, צי א סעקרעטאר.

נאָך דעם ווי דער ריכטער פרעגט אויס די צדדים אויף זייער אידענטיטעט, פרעגט ער קודם דעם מאן און דערנאָך די פרוי: „פאר וואָס ווילט איר אייך צעשיידן?" ענטפערט ער, אז פאקטיש זענען זיי שוין צעשייד, יעדער איינער פון זיי האָט שוין אן אנדער פּאָרל: ער לעבט שוין מיט אן אנדערער פרוי און זי לעבט שוין מיט אן אנדערן מאן. נאָר איצט ווילן זיי לעגאליזירן זייער משפּחה־לעבן... דער ריכטער זאָגט: „מיר גיבן אייך צייט זעקס חדשים אז איר זאָלט אייך פארגלייכן, אָדער איבערבעטן"... דאָס ליכט לעשט זיך אויס אויף איין מינוט, כדי דער דעקאָר זאָל זיך בייטן. דאָס מאָל איז עס אן אנדערער ריכטער, אָבער די צדדים זענען די זעלביקע, נאָר א ביסל שוין געעלטערט... די פאָרמאליטעטן פארן אידענטיפיצירן די צדדים חזרן זיך איבער גענוי ווי פריער. דער ריכטער פרעגט זיי: „נו, איר האָט אייך איבערגעבעטן?", אויף וואָס די צדדים ענטפערן אין כאָר: „ניין!"... דער ריכטער איז זיך שואל עצה מיט די איבעריקע צוויי ריכטער פון זיין לינקער און רעכטער זייט, דערנאָך הייבט ער זיך אויף און זאָגט פייערלעך: „איך גיב אייך דעם לעצטן טערמין אז איר זאָלט אייך איבערבעטן, איר וועט האָבן צייט איין גאנץ יאָר!"... דאָס ליכט לעשט זיך אויס אויף א מינוט.

סע בייט זיך דער דעקאָר: דאָס מאָל איז שוין ווידער א מאָל אן אנדערער ריכטער אָבער די צדדים זענען די זעלביקע נאָר א ביסל געעלטערט... דער ריכטער מאכט מיט די ליפּן, אָבער מע הערט שוין נישט זיינע פראגעס. מע הערט נאָר ווי די צדדים קריגן זיך און זשעסטיקולירן מיט די הענט. קיין ווערטער הערט מען נישט, נאָר בלויז אויסגעשרייען, וואָס לאָזן פארשטיין אז זיי זאָגן זיך דאָס ערגסטע וואָס עס איז נאָר מעגלעך... נאָך מער, פון צייט צו צייט איז אָט־אָט ערב א געשלעג, נאָר זיי ווערן צוריקגעהאלטן פון זייערע קרובים אָדער פריינד...

סע ווערן אויסגעהערט עדות, וועלכע שווערן אז זיי האָבן געזען, ווי זיי שלאָגן זיך און קלאָפּן זיך אויס די ציין...

(אָט די סצענע איז באגלייט פון א שטילער מוזיק, פון דער באלאדע פון ציפּריאן פּאָרומבעסקו, געשפּילט אין סורדינע, וואָס דערמאנט זייער אין חסידיש־יידישער נגינה, וואָס דריקט אויס א טיפן דבקותדיקן טרויער, אויף וואָס עס איז מסוגל נאָר א יידישע גלותדיקע נשמה... אָבער ווען די מחלו־קות וואקסן, וואקסט אויך די מוזיק, כדי צו פארטייבן די געוואלדעס... דאָס ליכט לעשט זיך אויס, ווען די מוזיק מיט די געוואלדעס ווערן פּלוצעמדיק פארשטומט און סע קומט פּאָר אן אנדערע סצענע מיט אן אנדער פּאָרל. דריי מאָל ווערט דאָס איבערגעחזרט: איין מישפּט ווערט אָפּגעלייגט אויף זעקס חדשים, און סע באווייזט זיך אן אנדער פּאָרל, וואָס זאָגט כמעט דאָס זעל־ביקע, אז זיי ווילן זיך צעשיידן ווייל זיי האָבן זיך קיין מאָל נישט ליב גע־האט, נאָר זיי האָבן געמיינט אז... איצט האָט זיך ארויסגעוויזן אז ער איז א... און זי איז א...

די סצענע ענדיקט זיך ווי ביי דער התונה, אויך מיט א דעפילאדע: די אלע פּאָרלעך, וואָס מע האָט געזען פארן געריכט ווען זיי זענען געקומען זיך גטן, גייען איצט בלויז פארביי, זיי זאָגן קוים עטלעכע ווערטער, וואָס מע הערט זיי נישט. מע הערט נאָר דעם ריכטער, וועלכער חזרט איבער: „איר וועט קומען אין זעקס חדשים ארום!"... זיי קומען ארייַן פון לינקס און גייען ארויס אויף דער רעכטער זייט פון דער בינע. די פּאָרלעך בייטן זיך אָבער נישט. זיי בלייבן די זעלביקע, נאָר זענען גריבּירט כדי זיי זאָלן אויסזען וואָס א מאָל מער געעלטערט. זיי גייען שוין פּאמעלעכער, א ביסל איינגע־בויגענער...

דער פּאָרשטעלער הייבט אָן ווייטער רעדן:

גטן זיך איז נישט קיין קינדער־שפּיל. דאָס קאָן מען נישט אָפּטון אויף דער גיך, ווייל דאָס איז נישט קיין קלייניקייט. דאָס איז א זאך מיט אחריות

דערפאר דארפן די ריכטער, וואָס זענען געשטעלט אָפּצוהיטן די מאָראַלישע מנהגים פון דער געזעלשאַפט עפענען די אויגן, איידער זיי גיבן ארויס אזא מין פסק־דין...

דאָס ליכט לעשט זיך אויס אויף א ווײַלע, כדי צו בײַטן דעם דעקאָר. די ריכטער זענען די זעלביקע, אָבער זייערע מונדירן זענען אײַנפאכע. אָן צערעמאָניעס... דער פאָרשטעלער רעדט ווייטער, גלייך ער וואָלט זיך נישט אָפּגעשטעלט. נאָר ער גייט אריבער פון דעם אחריות פונעם גט, צום אחריות פון דער הײַראט. נאָר ער דרייט איבער די יוצרות. אויב פריער האָט ער גע־זאָגט, אז דאָס אחריות פון גטן זיך איז גרויס, ווײַל מע קאָן דאָך זיך נישט גטן יעדן טאָג — דאָס מאָל זאָגט ער שוין דאָס זעלביקע ביים חתונה האָבן:

— מע קאָן נישט חתונה האָבן יעדן טאָג. איז דערפאר דארף מען די פּאָרלעך ארויסהעלפן. די געזעלשאפט קאָן דאָך נישט האָבן קיין צוטרוי צו די פּאָרלעך, וואָס אונטערן טריב פון אינסטינקטן, וואָס זענען כאראקטעריס־טיש פאר יעדער חיה צי בהמה, גייען זיי זיך חתונה האָבן אין איילעניש, ווען זיי קענען זיך נישט א מאָל איינער דעם אנדערן... איז דארף מען זיי ארויסהעלפן: מע קאָן מער נישט דערלאָזן אז מע זאָל חתונה האָבן אָן ישוב־הדעת... אָבער מיט דעם, גייען מיר שוין ארײַן אין א נייער עפּאָכע:

## „די חתונה נאָך אונדזער צײַטרעכענונג“

די מוזיק, וועלכע האָט ביז איצט געשפּילט אין סורדינע די באַלאַדע פון ציפּריאַן פּאָרומבעסקו, גייט פּלוצעמדיק אריבער צום באקאנטן חתונה־מארש, אזוי אז ווען דאָס ליכט צינדט זיך ווידער אָן, זענען מיר שוין ווידער אין א געריכט־זאַל. כמעט דאָס זעלביקע ווי דאָס פריערדיקע, נאָר די ריכטער זענען אנדערש געקליידט, מיט א בלום אין לאַץ. יום־טובדיק... פאר זיי שטייט א פּאָרל, וועלכס ווערט אויסגעפרעגט, אויף זייער אידענטיטעט. אויף דער פראגע פונעם ריכטער, פאר וואָס זיי ווילן חתונה האָבן, ענטפערן זיי אז זיי האָבן זיך זייער, זייער ליב... מע הערט אויס עדות פון ביידע צדדים, וואָס זאָגן אונטער א שבועה אז זיי האָבן געזען מיט זייער אייגענע אויגן, ווי דאָס פּאָרל האָט זיך געקושט. נאָך מער, זיי שטייען ווינטער, האַל־דזן און קושן זיך הינטערן טויער און פילן נישט דעם פראָסט... די ריכטער זענען זיך שואל עצה צווישן זיך און דער פרעזידענט פונעם טריבונאַל הייבט זיך אויף בכבודיק און זאָגט:

— אויסהערנדיק די צדדים און די עדות, זענען מיר געקומען צו דער מסקנה, אז די צדדים זענען נאָך נישט גענוג צוגעגרייט צום חתונה האָבן. דער טערמין ווערט אָפּגעלייגט אויף זעקס חדשים...

די סצענע חזרט זיך איבער, מיט פיר פינף פּאָרלעך, וואָס ווערן אויסגעהערט אויפן זעלביקן אופן. די עדות ווערן אויסגעהערט און דערנאָך — ווערט דער חתונה־מישפּט אָפּגעלייגט. די דעפּילאַדע קומט פאַר אונטער דער מוזיק פונעם חתונה־מארש, וואָס א מאָל אין א שנעלערן טעמפּאָ, ביז ער ווערט פּלוצעמדיק אָפּגעשטעלט, ווייל סע באווייזט זיך דאָס לעצטע פּאָרל... זי איז מעוברת, איז שוין אין לעצטן חודש. מע הערט נישט איר ענטפער. מע הערט בלויז די פראַגן פונעם ריכטער. די עדות הערט מען אויך נישט. מע זעט נאָר אז זיי ווייזן מיט די פינגער, אלע מיט א מאָל, צו דעם היכן בויך פון דער פרוי... סע חזרט זיך איבער די סצענע: דער ריכטער בייגט זיך צו צום לינקן און דערנאָך צום רעכטן שכן זיינעם, מיט וועלכע ער איז זיך שואל עצה, דערנאָך הייבט ער זיך ווי א זקן זייער פּאמעלעך אויף, קוים וואָס ער רירט זיך, גלייך ער וואָלט געווען מעוברת און זאָגט מיט א גאָר שטילער שטימע: „די חתונה ווערט אָפּגעלייגט אויף ניין חדשים"...

אייינער, אָדער גאָר צוויי (אויב סע זענען דאָ אין זאַל דריי צושויער איז נאָך בעסער!), בקיצור: אלע צושויער הייבן אָן צו שרייען: „נו, און ווי אזוי גט מען זיך?"

דער פאָרשטעלער רעדט שוין דאָס מאָל א ביסל העכער, אז מע הערט זיינע רייד. ער זעצט פאָר:

— מע קאָן נישט חתונה מאכן אזוי אין איילעניש אזעלכע אומפאַר־אנטוואָרטלעכע פּארשוינען, וואָס מיינען אז מע קאָן חתונה האָבן יעדן טאָג... דאָס דאַרף מען טון איין מאָל פאר אלע מאָל, פארן גאנצן לעבן, איז נאָר־מאָל אז די ריכטער זאָלן גוט עפענען די אויגן צו זען וואָס זיי טוען — נאָך מער, זיי זענען מחויב צו עפענען די אויגן אויך פאר די צדדים, וואָס קומען צו זיי אז זיי זאָלן זיי מסדר־קידושין זיין...

ווען די צושויער פרעגן ווי אזוי מע גט זיך, לעשט זיך אויס דאָס ליכט אויף איין ווייל׳ע, די מוזיק גייט אריבער ווידער א מאָל צו דער באַ־לאַדע פון ציפּריאַן פּאָרומבעסקו, און סע בייט זיך דער דעקאָר.

גענוי אזוי ווי אין צווייטן אקט איז געזעסן א באאמטער, וואָס האָט מסדר־קידושין געווען, שטייט ער איצט צום גטן. סע קומט ארײן א פּאָרל. דער באאמטער פרעגט זיי אויס אויף זייער אידענטיטעט. דערנאָך פרעגט

ער דעם מאַן: „בירגער איקס, ווילסטו זיך צעשיידן פון דער בירגערין איגרעק?" און דער מאַן ענטפערט: „יאָ!"... דערנאָך פרעגט דער ריכטער די פרוי: „בירגערין איגרעק, ווילט איר זיך גטן פון בירגער איקס?" און זי ענט־פערט קוים: „יאָ!"... „אין נאָמען פונעם געזעץ", דערקלערט פייערלעך דער באַאמטער, „דערקלער איך אייך פאַר געגטע. איר קערט אייך מער נישט אָן פאַר קיין מאַן און פרוי, בלויז ווי גוטע פריינד. יעדער איינער פון אייך איז פריי און קאָן חתונה האָבן מיט וועמען זיין הארץ גלוסט... פאַרשטייט זיך, אז אויב דאָס געריכט וועט דערצו מסכים זיין!..."

די סצענע חזרט זיך איבער דריי מאָל, אָבער דאָס מאָל איז שוין נישט קיין דעפילאַדע. אדרבה, צווישן איין גט און צווייטן באַמערקט זיך א פויזע, אין וועלכער דער באַאמטער גענעצט פאַר לאַנגווייליקייט...

ביים לעצטן פּאָרל, ווען דער באַאמטער זאָגט: „איך דערקלער אייך פאַר געגט און יעדער איינער פון אייך קער זיך שוין נישט אָן מיטן צווייטן קיין שום קרובהשאַפט, איר קאָנט בלייבן בלויז ווי גוטע פריינד", דעמאָלט האַלדזן זיי זיך און צעקושן זיך און דער גאַנצער זאַל, מיט וויפל צושויער סע זענען דאָרט פאַראַן, אַפּלאָדירן און שרייען „ביס!". דאָס פּאָרל קוקט זיך אָן א ווײַלע צערטלעך און חזרן איבער די סצענע. זיי קושן זיך אזוי דריי מאָל, בעת דער פירהאַנג פאַלט...

— אָט דאָס איז דער גאַנצער ספּעקטאַקל — זאָג איך צו מיהאַי מאָ־נידעסן — ווי געפעלט ער אייך?

— דעם אמת זאָגנדיק — קווענקלט ער זיך א ביסל — צווייפל איך אויב אָט אזא מין ספּעקטאַקל וועט געלינגען ארויסצורופן אַפּלאָדיסמענטן פון א קאָמעדיע... אָבער פאַר אן אידעע, איז ער אינטערעסאַנט, אייער סצענאַר... אָבער, מיר וועלן נאָך דעריבער רעדן אן אנדערט מאָל... בעסער וואָלט איר פאַרטראַכט א סצענאַר פון א מישפּט ביים בית־דין של מעלה — זאָגט מאָנידעס — דאָס וואָלט מער אינטערעסירט די נשמות, בפרט יענע, וואָס זענען נאָך נישט געמישפּט געוואָרן. סע וואָלט געווען פאַר זיי ווי א באַרייכערן זייער וויסן ווי אזוי זיך אויפצופירן ביים מישפּט...

— אָבער צו דעם — זאָג איך — דאַרף איך דאָך אליין קודם זיין אינפאָרמירט ווי אזוי דאָס קומט פאָר? איך אליין בין דאָך אויך נישט גע־

וואָרן געמישפט?! נאָר אויב איר ווילט מיר בייהילפיק זיין — זאָג איך מאָנידעסן — קאָנען מיר דאָס מאכן צוזאמען...

— איר זענט גערעכט — זאָגט מיהאי מאָנידעס — איך בין מסכים מיט אייך. לאָמיר נעמען דעם מישפט פון דיאמאנטן, וואָס וועט בקרוב פאָרקומען, און לאָמיר פון אים מאכן א סצענאר... צו דעם קאָנען מיר צו־געבן אויך פרטים פון מיין מישפט, וואָס איך וועל אייך איבערגעבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט...

איך האָב געטראכט: אָט, ער אליין דערמאנט וועגן זיין מישפט. הייסט עס, אז ער וויל עס דאָך דערציילן...

# וואָס צו — איז איבעריק

ביי אונדזער מאָרגנדיקער באַגעגעניש האָט מאַנידעס נישט געוואָרט אַז איך זאָל אים ציען ביי דער צונג. אדרבה, ער האָט זיך ווי צוגעאײַלט, כדי מיר זאָלן זיך נישט אַרײַנלאָזן אין אַנדערן שמועס, און נישט קאָנען דערציילן פון זיין מישפּט, אָדער פון זיין לעבן... איך ווייס נאָך נישט וואוהין ער וויל אָנקומען מיט זיין געשיכטע: צו זיין לעבן אָדער צו זיין מישפּט. אַלץ איינס, טראַכט איך מיר, די הויפּט־פּונקטן זענען דאָך כמעט די זעלביקע...

— יאָ, מיט וואָס זאָל איך אָנהייבן? — האָט מאַנידעס ווי זיך שואל־עצה געווען מיט מיר — נאָר לאָמיר קודם פאַרענדיקן מיט אייך דעם נעכטיקן שמועס — האָט ער זיך ווי איבערלייגט די זאַך. וואָס איז ער אויסן, ער וויל אָפּלייגן דעם שמועס וועגן זיין מישפּט? — יאָ, מיט אייער פּלאַן וועגן אַ טעאַטער־פּיעסע... זענט איר דאָך נייגעריק צו וויסן מיין מיינונג? איז זייט זשע וויסן, אַז מע קאָן די אידעע נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט, אָבער אויב איר מיינט אַז דאָס, צי אַזאַ פּיעסע, קאָן זיין אַ „געשעעניש״ זענט איר זיך טועה... גאָרנישט איז היינט שוין מער נישט קיין געשעעניש. אפילו אַ פּלי אין קאָסמאָס איז שוין אויך נישט קיין געשעעניש, איז ווילט איר אַז אַ פּיעסע, צי אַ ליטעראַריש ווערק בכלל זאָל זיין אַ „געשעעניש״? נישט אַ מאָל דאָס פאַרכאַפּן אַן אַוויאָן, דאָס אויסשיסן אַלע ערוואַניקעס, אַן עקספּלאָזיע פון אַ באָמבע אין נאָפּל פון דער וועלט, ביי וועלכער סע קומען אום אָדער סע ווערן פאַרלעצט הונדערטער מענטשן — גאָרנישט איז שוין היינט נישט קיין געשעעניש, די וועלט איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן צו אַלעמען, איז ווילט איר אַז אַ ליטעראַריש ווערק זאָל זיין אַ געשעעניש?! בלויז אַ באַאיווו יינגל, וואָס האָט אפשר אָנגעשריבן זיינע ערשטע ליבע־לידער קאָן אַזאַ זאַך גלייבן...

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אים איבערגעריסן די רייד:

— איר זענט היינט, ווייזט אויס, נישט זייער גוט אויפגעלייגט, וואָס זענט איר אַזוי פּעסימיסטיש?

— דאָס וואָס איך זאָג אייך — האָט מאַנידעס געענטפערט טרוקן — האָט גאָרנישט צו טון מיט מיין אויפגעלייגטקייט, צי מיט מיין פּעסימיזם... איך בין דווקא קיין מאָל קיין פּעסימיסט נישט געווען. נאָר וואָס דען? איך

בין קיין מאָל נישט אריינגעפאלן אין אן איבערגעטריבענעם אָפּטימיזם... דאָס הייסט, איך האָב געפּרואווט אויפהאלטן דאָס גלייכגעוויכט צווישן אָט די שטימונגען, וואָס זענען ביידע גלייך שעדלעך, ווען מע טרייבט זיי איבער.

— איז עס אייך געלונגען? — האָב איך געפרעגט מיט א שמייכל.

— ליבער חבר זעליקאָוויטש, איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת, אז איך האָב געפּרואווט (אזוי האָב איך אייך געזאָגט טאקע פון אָנהויב אָן!). אמת, אז נישט אלע מאָל איז עס מיר געלונגען. אָבער אויך דאָס פּרואוון, איז שוין אויך גענוג אז איין קעמערל פון מיין באוואוסטזיין זאָל בלייבן וואך...

— לויט אייער מיינונג, חבר מאָנידעס, דארף איך פארשטיין, אז איר האלט אז מע דארף שוין בכלל נישט קיין ליטערארישע ווערק?!

— זעט איר, ווידער פאלט איר אריין פון איין עקסטרעם אין אן אנדערן... איך האָב דאָך דאָס בכלל נישט געזאָגט און נישט געמיינט. איז פאר וואָס זאָלט איר עס אזוי פארשטיין? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אז איך פּרואוו אויפהאלטן דאָס גלייכגעוויכט — און דאָס גלייכגעוויכט זאָגט, אז מע דארף קיין מאָל נישט זאָגן „אָדער גארנישט, אָדער אלץ"... נאָר לאָמיר אָפּלאָזן דעם וויכוח וועגן ליטעראטור, וואָס איז איצט נישט קיין טעמע פאר אונדז. לאָמיר זיך אומקערן צום בית־דין של מעלה. איר ווילט דאָך וויסן ווי אזוי מע האָט מיך געמישפּט?

— איך וויל וויסן — האָב איך געענטפערט מאָנידעסן — אויף וויפל דאָס קאָן זיין באלערנדיק פאר מיין קומענדיקן מישפּט, ווייל פּשוט אזוי בין איך בטבע קיין מאָל נישט געווען א נייגעריקער, ווען סע האָט זיך נישט געהאנדלט אין מיינע אינטערעסן, אָדער וואָס האָט געקאָנט האָבן א שייכות צו מיר...

— וואָס הייסט א שייכות? אלץ קאָן האָבן א שייכות. יעדע געשעעניש וואָס פּאסירט ארום אייך, אפילו סע קאָן לכתחלה אויסווייזן אז סע האָט נישט קיין שייכות מיט אייך, קאָן דאָך עס אָבער שפּעטער יאָ האָבן.

— איך מיין — האָב איך אים אויפגעקלערט — אזעלכע זאכן וואָס טראָגן א שטרענגן פּערזענלעכן כאראקטער, וואָס יעדער מענטש האָט דאָס רעכט צו האלטן פאר זיך, און מוז דאָס קיינעם נישט דערציילן...

— איך וועל ריזיקירן אויך נאָך איין מאָל, אז איר זאָלט זאָגן אויף מיר „איר זענט היינט נישט זייער גוט אויפגעלייגט"... דאָך וועל איך זאָגן, אז איך בין מיט דעם נישט מסכים. נישט מיט דעם וואָס איר זאָגט אז יעדער מענטש האָט דאָס רעכט איבער זיינע פּערזענלעכע סודות (דאָס וואָלט געווען אויך מיין מיינונג!) אָבער צו וואָס העלפט די מיינונג? דער עיקר איז

דאָך וואָס סע זאָגט די פּראַקטיק. איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל: „א מנהג ברעכט א דין״... און פאַרשטייט זיך אז א מנהג קאָן מיט דער צייט מאַכן א דין. היינט, אין דער מאָדערנער צייט (אָן אויסנאַם זענען בלויז יענע לענדער, די עטלעכע, וואָס זענען נאָך נישט קיין מאָדערנע, און פאַרמאָגן נאָך נישט די נויטיקע מכשירים דערצו!) זענען שוין נישט פאַראַן קיין פּערזענלעכע סודות, ווי איר ווילט זיי אָנרופן. אַלץ איז באַוואוסט פאַרן בית־דין של מעלה. די מכלומרשט פאַרקלעפּטע קאָנווערטן ווערן שיין אויפ־געעפנט און די בריוו ווערן געלייענט. די טעלעפאָן־געשפּרעכן ווערן אונטערגעהערט — אַלץ ווייסט מען פון אייך, אויך דאָס וואָס איר גופא ווייסט נאָך נישט, אפשר וועט איר עס געוואויר ווערן ערשט מאָרגן, צי איבערמאָרגן, מאַקע וועגן אייערע פּערזענלעכע ענינים.

— ווער ווייסט שוין פון זיי, אז איך אליין ווייסט נאָך נישט דערפון?

— וואָס הייסט ווער? — וואונדערט זיך מאָנידעס פון מיין נאאיווי־קייט — די מלאכי הבלה... ווען שלמה המלך האָט געזאָגט: „עוף השמים יוליך את הקול״ אז די פייגל פונעם הימל טראָגן איבער דאָס קול, האָט איר געמיינט אז דאָס איז א בלויזער מעטאַפער?! איר האָט דען קיין מאָל נישט געלערנט קיין גמרא? ווייסט איר דאָך אז יעדע נשמה האָט איבער זיך א ממונה, דאָס הייסט אזא מין שר, צי א מלאך, וואָס קלייבט אויף די מצוות און די עבירות און דאָס זעקל זאַמלט זיך, ביז איר קומט פאַרן בית־דין של מעלה און דערנאָך, ווען איר ריכט אייך נישט א מאָל, דעמאָלט גיט מען א טראַסק מיטן זעקל אייערן איבער דער וואָגשאָל און איר שטייט און גאַפט ווי אן איבערראַשטער: „פון וואו איז דאָס אַראָפּגעפאַלן״?!

— איר זאָלט נישט ברוגז זיין — זאָג איך א ביסל צוריקגעהאַלטן

— איר, חבר מאָנידעס, זענט עס דאָ געוואויר געוואָרן, צי האָט איר עס געוואוסט שוין פון לאנג, איך מיין נאָך איידער מע האָט אייך געמישפּט?!

— וואָס הייסט איך האָב נישט געוואוסט?! יעדער איינער ווייסט עס, ווייל יעדער איינער פון אונדז האָט עס דאָך אליין געלערנט אין דער גמרא אָדער געהערט איבערדערציילן פון אן אנדערן, סיידן ער האָט אַריינגעלייגט דעם קאָפּ אין זאמד, ווי דער שטרויס, און איצט וויל ער שפּילן דעם נאַ־איוון... דאָס מאָל וועל איך אייך זאָגן, זייט מוחל און בייזערט אייך נישט, אז איך וועל אייך דערמאנען די מימרא פון דער גמרא, אפשר וועט איר דאָך זיך דערמאנען: דער מענטש וועט אָפּגעבן דין און חשבון פאַר אלע זיינע מעשים און דיבורים, אפילו פאַר דעם שפּילעוודיקן שמועס, אָדער

צערטלען, וואָס ער האָט געהאט בעתן פארברענגען מיט זיין פרוי אין בעט... דערמאנט איר זיך אין דעם?

— יאָ — זאָג איך אנטשלאָסן — פאר וואָס זאָל איך לייקענען? איך קען אָט די שטעלע פון דער גמרא, אָבער איך האָב עס קיין מאָל נישט גענומען ערנסט. איך האָב געמיינט, אז דאָס איז נאָר א מין משל, צי א וואָרענונג, אז יעדער מענטש זאָל זיין געוואָרנט, וואָס ער רעדט ארויס מיט זיין מויל, גלייך ווי יענץ גמרא־ווערטל: זייט געוואָרנט מיט אייערע רייד, כדי איר זאָלט אייך נישט אָפּבריען...

— זעט איר — זאָגט מאָנידעס אן אויפגעלעבטער, גלייך ער וואָלט זיך געפרייט אז ער האָט עפּעס געפונען — איר ווייסט דווקא יאָ פון דעם ווערטל און פון נאָך פיל אנדערע. נאָר... איר האָט זיי נישט גענומען אויף ערנסט... דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס פיל בשמות נעמען עס נישט ערנסט און דערנאָך, ווען זיי דערזעען זיך פאר געשעענע פאקטן, דאָס הייסט פארן מלאך־חבלה, וועלכער ליידיקט אויס דאָס זעקל מיט עבירות אויף דער וואָג־שאָל דעמאָלט טענהן זיי אז זיי האָבן עס נישט גענומען ערנסט... ניין, מיין ליבער, איצט איז עס שוין א ביסל צו שפּעט. איצט העלפן שוין קיין טע־נות נישט. דאָס לעבן דארף מען נעמען ערנסט, גאנץ ערנסט...

— נו, און איר — זאָג איך שוין א ביסל אויף א העכערן טאָן, ווייל ווידער א מאָל וויל ער דערשיינען פאר מיינע אויגן, ווי אן אלץ־ווייסער — איר וואָס זענט געווען אזוי גוט אינפאָרמירט פון אָט יענע גמראדיקע ווערטלעך, וואָס איר האָט גענומען דאָס לעבן אזוי ערנסט, איז פאר וואָס זשע האָט מען אייך געמישפּט? צי האָט מען אפשר אייך נישט געמישפּט און גראָד אריינגעשיקט אין גן־עדן אריין? — און איך בין געוואָרן נאָך עזות־דיקער, ווייל איך האָב זיך דאָך נישט געקאָנט מער איינהאלטן — אויב אזוי, וואָס זשע זוכט איר דאָ? איז דאָך אייער אָרט אין גן־עדן, וואו איר זאָלט אייך שפּאצירן איצטער מיט עפּעס א פרומער בוימל־פּישערן?!...

— איר וועט אפשר מיר נישט גלייבן — זאָגט מאָנידעס מיט א שמייכל. הגם איך האָב זיך געקאָנט דערווארטן אז ער זאָל אויך ארויס פון די כלים, גלייך ווי איך — מיך האָט מען טאקע געמישפּט, דווקא וועגן דעם דאָזיקן, וואָס איך האָב דאָס לעבן גענומען צו ערנסט...

— וואָס הייסט צו ערנסט? — פרעג איך שוין א ביסל געלאסענער, ווייל ער האָט אויף מיר געווירקט מיט זיין רואיקייט, איך האָב געזען, אז זיין ענין איז נישט קיין גאָר פּשוטער, חוזק צו מאכן איז דאָך שוין נישט שייך...

— וואָס סע הייסט צו ערנסט? איר האָט מסתמא געהערט פונעם ווערטל, אז וואָס עס איז „צו" איז איבעריק... ליידער האָב איך עס דער־פאַרן א ביסל „צו" שפּעט. איצט ווייס איך שוין אז א מענטש, א נשמה, דאַרף נישט גלייבן „צו" פיל אין גאָרנישט. אַלץ דאַרף זיין מיט דער מאָס...

— איר האָט געגלייבט צו פיל? — וואונדער איך זיך — איר האָט דאָך געזאָגט אז איר זענט אן אטעאיסט?

— אָט דאָס איז דאָך טאקע דער פעלער — זאָגט ער אן אויפגעלעב־טער — וואָס איך ביז געווען „צו" אן אטעאיסט... איך האָב צו פיל גע־גלייבט אין מיין נישט גלייבן... איצט ווייס איך שוין, אמת, א ביסל צו שפּעט, אז א נשמה דאַרף נישט גלייבן צו פיל.

— אין וואָס? — פרעג איך איבער מאַנידעסן, ווייל וואָס ער זאָגט איצט איז דאָך לגמרי א נייע זאַך פאַר מיר.

— אין גאָרנישט! — און דערנאָך, נאָך א קליינער פּויזע, האָט ער צוגעגעבן — א חסיד דאַרף נישט גלייבן צו פיל אין זיין רבי; א מאַן דאַרף נישט גלייבן צו פיל אין זיין ווייב; א גלייביקער דאַרף נישט גלייבן צו פיל אין זיין גאָט (צי אין זיין אָפּגאָט!)... ווייל די וואָס האָבן יאָ געגלייבט צו פיל ווי עס איז נויטיק, יענע האָבן זיך זייער מיאוס אנטוישט: דער חסיד איז געבליבן אָן א רבי; דער מאַן איז געבליבן אָן זיין ווייב (זי איז אנט־לאָפן מיטן ערשטן מאַן וואָס זי האָט באגעגנט, מיינענדיק אז דאָס איז איר „אמתער" געליבטער!) און דער אָבערגלייביקער (צו פיל גלייבן הייסט דאָך דאָס זעלביקע ווי אָבערגלויבן!) איז געבליבן אָן זיין געץ...

דאָס וואָס איך האָב איצט געהערט פון מאַנידעסן איז אפשר נישט געווען אזוי ניי פאַר מיר, ווי דער טאָן, מיט וועלכן ער האָט עס געזאָגט.

ער האָט גערעדט מיט ליידנשאַפט, גלייך ער וואָלט איצט איבערגע־לעבט נישט נאָר איינע, נאָר אַלע דריי טראַגעדיעס, אי די פונעם חסיד, פונעם מאַן און פונעם אָבערגלויביקן, סע האָט זיך געפילט אין זיינע רייד וואָס האָבן וויברירט פאַר אויפגערעגטקייט, אז ער איז שוין איצט נישט ביכולת צו דערציילן ווי געוויינטלעך מיט זיין גוטמוטיקייט, וו אזוי עס איז פאַרגעקומען זיין מישפּט. איז האָב איך גענומען די איניציאטיוו, און האָב אים פירגעלייגט, אז מיר זאָלן זיך טרעפן מאָרגן און פאַרזעצן דעם שמועס. אָבער געמיינט האָב איך נישט דאָס פאַרזעצן, ווי אָנהייבן פון דאָס ניי.

# ווער איז מיהאי מאָנידעס?

— נו, ביי וואָס זענען מיר געבליבן? — האָט מאָנידעס געפרעגט דעם אנדערן טאָג, ווען מיר האָבן זיך באגעגנט — צי אפשר לאָמיר לאָזן דאָס נעכטיקע און זיך מער נישט אומקערן צו דעם, לכל־הפחות נישט היינט, און לאָמיר אָנהייבן מיט מיין מישפּט...

— ווי אזוי איר ווילט — האָב איך געזאָגט — איר זענט דאָך דער וואָס וועט דעצידירן מיט וואָס אָנצוהייבן, ווייל אייגנטלעך, ווייס איך דאָך נישט וואָס עס איז דער אָנהייב און וואָס איז נישט דער אָנהייב.

— גוט, חבר זעליקאָוויטש, מיר וועלן אָנהייבן מיטן מישפּט, אָבער נאָר מיט די הויפּט־פּונקטן. די פּרטים זענען דאָך נישט וויכטיק פאר אייך... איז קודם וועל איך אייך אויפקלערן מיין „מאָדנעקייט״. איר האָט דאָך שוין נישט איין מאָל געזאָגט אז איך זע אייך אויס מאָדנע, ווייל איך פּרוּאוו אויסבאהאלטן אז איך בין א ייד... איז זאָלט איר וויסן, אז איך בין נישט ווייניקער באוואוסטזיניק ווי איר, צי ווי אַן אנדערער, אז א ייד דאַרף זיך נישט אויסבאהאלטן מיט זיין צוגעהעריקייט צום יידישן פאָלק, און אויב אפילו עמעצער פּרוּווט עס יאָ טון, נארט ער זיך אליין... יאָ, איך ווייס עס נישט פון היינט, ווען איר דערמאנט עס מיך. נאָר במשך דער צייט האָב איך זיך געענדערט... סע וועט געננוג זיין אז איך וועל אייך דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס סע האָט מיט מיר פּאסירט איין מאָל, פאָרנדיק מיט דער באַן... פארשטייט זיך אז איך בין געפאָרן אין ערשטן קלאס, באקוועם, אָבער אויפן וועג, אין א סטאציע, האָט זיך אויפגעזעצט און זיך צונויפגעזאמלט אויפן קאָרידאָר פונעם וואגאָן א מאסע מענטשן מיט געפּעק, מיט זעק און מיט וואליזעס, אזוי ווי סע טרעפט זיך אין א רייזע. נו, איז צווישן אָט די פּאסאזשירן, וואָס האָבן זיך אויפגעזעצט אין אונדזער וואגאָן, געווען א גלח, אָנגעטון מיט א גלחישער רעווערענדע, מיט א בכבודיקער באָרד. איך האָב געזען ווי שווער עס איז אים צו שטיין צווישן די פיל רייזנדיקע, האָב איך זיך אויפגעהויבן פון מיין אָרט און ארויס אויפן קאָרידאָר און פארבעטן דעם גלח, אז ער זאָל זיך זעצן א ביסל אויף מיין אָרט, ביז... קודם האָט ער געדאנקט און זיך אָפּגעזאָגט, אָבער דערנאָך, אז איך בין צוגעשטאנען, האָט ער מסכים געווען, אז ער זאָל א ביסל זיך אָפּרוען און דערנאָך וועט ער מיר צוריקגעבן מיין אָרט... די מיטרייזנדיקע, וואָס זענען געזעסן מיט מיר אין

קופּע, נישט נאָר וואָס זיי זענען נישט געווען צופרידן מיט מיין זשעסט. נאָר זיי האָבן זיך אונטערגעוואָרטשעט אויף א קול. איינער, למשל, האָט געזאָגט אין א ציינישן שפּאַס, אז א מונדיר (געמיינט מיין מיליטערישן!) האלט בכבוד דעם אנדערנס מונדיר (געמיינט דעם גלחישן)... איך האָב נישט גע־לאָזט אומגעענטפערט אָט דעם נישט פּאסיקן שפּאַס און געזאָגט אויף א קול, אז אלע זאָלן הערן: „אָן עלטערן מענטש, בפרט א גייסטלעכן, האלט איך אז סע קומט אים אָפּצוגעבן דאָס אָרט און נישט לאָזן אים שטיין צווישן די טאָרבעס אויפן קאָרידאָר". דעמאָלט האָט אן אנדערער ארויסגערוקט אן אנ־דערע פראַגע: „איר, א הויכער אָפיציר, מיט א ברוסט מעדאלן, זענט א גלייביקער?". אויף אָט דער פראַגע האָב איך גאַנץ אָפן געענטפערט: „איך בין א פריידענקער, דאָס הייסט אן אטעאיסט, נישט אויף „פּונקטן", ווי די געמאכטע מכשפות, נאָר אן אמתדיקער אפּיקורס, ווייל איך האָב שטודירט טעאָלאָגיע (אזוי האָב איך אָנגערופן די גמרא אונדזערע!)... אָבער אז איך זע אן עלטערן מענטש הייב איך זיך אויף, אויך ווען ער איז א גייסטלעכער"... אין וואַגאָן איז אויף א ווײַלע געבליבן שטיל, דערנאָך האָט דער גלח גע־זאָגט: „הלוואי זאָלן מיינע בעלי־בתים פון מיין קלויסטער זיין אזעלכע אטע־איסטן! צו וואָס פאר א קולט געהערט איר, אָן אָרטאָדאָקס צי א קאטוילי־שער?" האָב איך אים געענטפערט: „איר האָט דאָך געהערט, אז איך בין א פריידענקער!"... „יאָ, זאָגט דער גלח, אָבער איידער איר זענט געוואָרן א פריידענקער, צו וועלכער אמונה האָט איר געהערט?"... דעמאָלט האָב איך געזאָגט בקול־רם: „איך בין געווען און פארבליבן א ייד"...

מאָנידעס האָט זיך אָפּגעשטעלט פון זיין דערציילן, מסתמא האָט ער געוואָלט זען, וואָס פאר אן איינדרוק סע האָבן געמאכט אויף מיר זיינע רייד.

— צו וואָס האָט עס אייך, דעמאָלט געטויגט, זיך פאָרצושטעלן פאר א ייד, ווען עס איז נישט געווען נויטיק? — האָב איך געפרעגט.

— פאר מיר איז עס דעמאָלט יאָ נויטיק געווען... ווייל צוריק מיט א וואָך זענען מיר געפאָרן, אויך מיט דער באַן, עטלעכע און פערציק אָפיצירן. אויפן וועג האָבן זיך אויפגעזעצט צוויי מיידלעך. דער צופאל האָט געוואָלט אז דווקא איך זאָל זיי מאכן פּלאַץ נעבן מיר. אזוי זענען מיר געפאָרן (און פאר וואָס זאָל איך נישט זאָגן דעם אמת, אז די מיידלעך זענען געווען פאר מיר אָנגענעמע רייזע־חברטעס?). אָבער באלד איז געקומען דער סוף צו מיין פארגעניגן: אויף א סטאציע, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע מינוט, האָט זיך געהערט ווי א פּרוי, וואָס איז געשטאנען אין פענצ־טער פון א וואַגאָן, האָט אריבער געשריגן צו אן אנדערן וואַגאָן, צו א

פרוי וואָס איז דאָרט געשטאַנען ביים פענצטער: „ברײנע! האָסט געזען?״... דאָס איז געווען אויף יידיש. אזוי פיל איז געווען גענוג אויף „אָנצוצינדן״ א פייער... איינע פון די מיידלעך, וואָס איז דווקא געזעסן נעבן מיר, זאָל אָנהייבן צו שיטן פעך און שוועבל אויף די „זשידעס״, וואָס תמיד זענען זיי פון אויבן. קודם זענען זיי געווען מיט די דייטשן און איצט זענען זיי מיט די רוסן... מיינע חברים האָבן געפּרואווט איר אקעגנצורעדן, אז די יידן זענען קיין מאָל נישט געווען מיט די דייטשן, נאָר אדרבה. אָבער דאָס מיידל האָט זיך נישט געלאָזט: „וואָס הייסט, זיי זענען נישט געווען מיט די דייטשן? זיי רעדן דאָך זייער לשון?... און איצט רעדן זיי כמעט אלע רוסיש״... אומזיסט האָבן מיינע חברים געפּרואווט זיי איבערצייגן אז די יידן האָבן געליטן פון די דייטשן, אז... מע זאָגט נישט „זשידעס״, נאָר „איזראעליטן״ צי „עווריי״ אָבער אלץ איז געווען אומזיסט. אדרבה. וואָס מער מע האָט זיי אקעגנגערעדט האָבן זיי זיך נאָך פעסטער געהאלטן ביי זייערע „זשידעס״. אָבער אז מיינע חברים האָבן געזען, אז וואָס מער זיי טענהן מיט זיי איין, איז עס אלץ ערגער, האָט איינער איינגערוימט אין אויער דעם מיידל, אז דער אָפיציר נעבן איר איז א ייד... (פארשטייט זיך, אז איך האָב זיך גע־פילט ווי אויף קוילן, איז האָב איך זיך געמאכט אז איך בין איינגעדרימלט, און ווייס גאָרנישט וועגן גאַנצן וויכוח!). דאָס מיידל איז או־פגעשפּרונגען, גלייך א שלאנג וואָלט איר געווען א ביס געטון און איצט וויל זי זיך אָפּראַ־טעווען פון דעם גיפט... זי האָט מיך ארומגעהאלדזט: „זייט מיר מוחל. איך האָב אייך נישט געוואָלט באליידיקן, דווקא אייך, וואָס איר זענט געווען דער העפלעכסטער פון אלע הערן אָפיצירן״... איך האָב זיך געמאכט אז איך ווייס פון גאָרנישט, ווייל איך בין דאָך „איינגעדרימלט״...

...אזוי האָט זיך עס געענדיקט. פיינלעך פאר די מיידלעך, פאר מיינע חברים און בפרט פאר מיר... אָבער דאָס איז געווען א לעקציע פאר מיר אז פון היינט אָן וועל איך שוין נישט קומען אין אזא פארלעגנהייט. אזוי האָב איך טאקע דעם אנדערן טאָג, ווען איך בין געפאָרן, דאָס מאָל שוין אליין, אָן חברים, האָב איך באגעגנט א מיידל. זי האָט זיך געזעצט נעבן מיר, כדי מיר זאָלן פאָרן אין איינעם... דאָס מאָל האָב איך שוין נישט געוואַרט אויף גאָרנישט און באלד זי געפרעגט, אָנווייזנדיק אויף א ידיעה אין דער צייַ־טונג, וואו עס האָט זיך גערעדט וועגן אוישוויץ: „דו גלייבסט אז דאָס איז אמת?״ האָט זי געזאָגט, אז זי האָט געהערט וועגן דעם, אָבער זי ווייסט זייער ווייניק וועגן דעם, וואָס איז דאָרט געשען. האָב איך איר געזאָגט: „מעגסט גליי־בן. איך האָב דאָרט פארלוירן מיין גאנצע משפחה ...איך בין א ייד!״. פרעגט זי

מיך פארוואונדערט: „צוליב וואָס זאָגסטו עס מיר?" האָב איך איר געענטפערט, אז איך וויל איצט וויסן, איידער די באַן רירט זיך פונעם אָרט: „אויב דיר שטייט נישט אָן צו פאָרן צוזאמען נעבן מיר, איז זיי זשע מוחל און זוך דיר ביי'צייטנס אַן אנדער אָרט"... „פאר וואָס רעדסטו מיט מיר אזוי?" פרעגט זי. „ווייל נעכטן האָב איך באגעגנט א מיידל, וואָס האָט נישט געהאט קיין אנדער לשון ווי „זשידעס"... האָט דאָס מיידל, וואָס איז איצט געזעסן נעבן מיר, אָנגעהויבן צו ווייגען און באדויערט וואָס איך האָב געקאָנט באגעגענען אזא „בעסטיע"... איך האָב איר אויסגערעדט, אז איך האַלט אויך יענע נישט פאר קיין בעסטיע, ווי זי דריקט זיך אויס. אדרבה, פאר מיר איז געווען א רחמנות, וואָס אזא שיין מיידל איז אויפגעוואקסן געוואָרן אין אזא הויז. וואו זי האָט געהערט רעדן מיט שינאה וועגן „זשי־דעס"... אפשר איז איר פאָטער אויך נישט קיין בעסטיע, און אפשר איז ער יאָ, אָבער איידער איך וויל פאָרן מיט עמעצן צוזאמען, זאָג איך, וויל איך וויסן וואָס און ווי אזוי... זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, דערפאר האָב איך שוין דאָס מאָל געזאָגט אין דער באַן, ווען דער גלח האָט מיך געפרעגט צי איך בין א פראוואָסלאווניק, אז איך בין א ייד... תמיד האָב איך שוין גע־זאָגט אז איך בין א ייד, א מיטגליד פון דער באוועגונג, א קעמפער פאר יושר...

— אײב איך געדענק גוט — זאָג איך מאָנידעסן — האָט איר געהאט א קריסטלעכע פרוי?

— יאָ, אזוי האָט איר מסתמא פארשטאנען — זאָגט מאָנידעס — אָבער איך בין זיכער, אז איך האָב אייך נישט געזאָגט אז זי איז א קריסט־לעכע, ווייל דעמאָלט, ווען איך האָב מיט איר חתונה געהאט איז זי נישט געווען קיין קריסטלעכע... דעמאָלט איז זי בלויז נישט געווען קיין יידישע. מיר זענען פשוט געווען „חברים"...

איך האָב אים ווידער א מאָל איבערגעריסן:

— איר ווילט אפשר זאָגן. אז דעמאָלט זענט איר אויך נישט גע־ווען קיין ייד, נאָר א „חבר"?

— ניין, ביי אונדז אין עס עפּעס אנדערש. מיר, אויך ווען מיר ווילן נישט, זענען מיר אויך יידן. תמיד טרעפט זיך שוין עמעצער וואָס זאָל עס אונדז דערמאנען... דעריבער זאָג איך אז איך האָב געהאט א נישט־יידישע פרוי. אָבער מיט דער צייט האָט זיך די לאגע געביטן. מיט דער צייט, האָט יעדער אָנגעהויבן זיין דאָס וואָס ער איז געווען. דאָס הייסט, מיר זענען טאקע ווײ־טער געבליבן חברים, אָבער די נאציאָנאליטעט איז געוואָרן בולטער, דער

חילוק איז געוואָרן מער אונטערגעשטראָכן... די אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען האָבן זיך פאַרשאַרפט אין דער וועלט, און ממילא אויך אין מיין היים. עס איז דערגאַנגען ביז צום פּאַרלייקענען ניין צוגעהעריקייט צום יידישן פאָלק. זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל נישט אַז אונדזער טעכטערל זאָל ליידן (זעט איר, זי האָט עס נישט אַרויסגעזאָגט אָפן, אַז איר איז איצט אַ בושה צו האָבן אַ יידישן מאַן, האָט זי געזאָגט אַז גענוג האָב איך געליטן און פאַרלוירן די משפחה אין אוישוויץ, איז פאַר וואָס זאָל ליידן אויך אונדזער מיידל?!). אַזוי האָט זי אויסבאַהאַלטן אויך פונעם קינד אונדזערן, אַז איר פאָטער, דאָס הייסט, אַז איך בין אַ ייד... איך האָב נישט געקאָנט באַקומען קיין בריוו פון מיינע קרובים, וואָס האָבן איבערגעלעבט אוישוויץ און זענען געפאָרן זיך באַזעצן אין ישראל. קודם האָט זי געזאָגט אַז מע דאַרף אויסמיידן צו האָבן פאַרבינדונגען מיט קרובים פון אויסלאַנד, ווייל פּאָליטיש קאָן עס מיר נישט ניצן, בפרט ווען איך בין אַ הויכער אָפיציר אין מיליטער. אין סיי וועלכער אַרמיי אין דער וועלט דאַרפן אָפיצירן אויסמיידן פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד. אָבער דערנאָך, אויך ווען דאָס איז שוין נישט חל געווען. ווייל אויך נאָך דעם, ווען איך בין שוין נישט געווען אין מיליטער, אויך דעמאָלט האָב איך נישט געטאָרט שרייבן אָדער באַקומען אַ בריוו פון ישראל... איך פלעג באַקומען די בריוו מיינע אויף אַן אַדרעס פון אַן אַנדערן חבר...

— און איר האָט עס געליטן? — האָב איך געפרעגט מאָנידעסן, וועלכער האָט גערעדט מיט אַזוי פיל ווייטיק, אַז עס איז פשוט געווען אַ רחמנות זיך צוצוהערן צו זיין ווידוי, וואָס איז ביי אים אַזוי שווער אַרויסגעקומען.

— איך האָב שוין נישט געהאַט קיין ברירה — האָט ער געזאָגט ווי אַ רעזיגנירטער — עס איז שוין געווען צו שפּעט. אפשר, ביים אָנהויב, ווען איך וואָלט זיך געווען נישט פאַרהאַלטן אַזוי שוואַך לגבי איר, וואָלט זי מיך נישט באַהערשט, אָבער שפּעטער האָט זי מיך פשוט נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. אַלץ וואָס סע האָט זיך אָפּגעטון אין אונדזער הויז, איז זי שוין געווען די טאָן־געבערין...

— ווי אַזוי איז עס מעגלעך געווען — האָב איך נישט געקאָנט פאַרשטיין — אַז איר, אַ מיליטער מענטש, און לויט ווי איך פאַרשטיי, זענט איר דאָך געווען אויך אויפן פראָנט, ווי אַזוי האָט איר אייך געקאָנט פאַרלירן אין די פאַלדן פון אַ פרויען־קלייד?

— יאָ, אויפן פראָנט בין איך טאַקע געווען. וועגן דעם וועל איך אייך דערציילן אַן אַנדערט מאָל. דאָס וועט פיל לייכטער זיין מיר אייך צו

דערציילן, און אויך פאר אייך, אז איר זאָלט מיך פארשטיין... איצט האָב איך אייך נאָר געוואָלט דערקלערן ווי אזוי עס האָט זיך געמאכט, אז איך זאָל אויסקומען אויך אין אייערע אויגן „מאָדנע"... אָבער ליבער חבר זעלי־קאָוויטש, נישט נאָר אין אייערע אויגן האָב איך אויסגעזען שוין אין דער ערשטער מינוט פון אונדזער באקאנטשאפט, מאָדנע. איך בין עס געווען אויך ביי אנדערע. סע האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן טאקע תיכּף, ווען איך האָב חתונה געהאט, מיר געזאָגט, אז אין דער יידישער געזעלשאפט בין איך שוין פארעכנט פאר אן אָפּגעטרוקנט צווייגל אויפן יידישן בוים... איך האָב עס נישט פארשטאנען אזוי, און איך זאָג עס אויך היינט, אז דאָס איז נישט אזוי געווען, דעמאָלט ווען איך האָב זי געהייראט... דעמאָלט איז נישט געווען קיין חילוק צווישן מיר דעם ייד, און צווישן איר, דער נישט־יידישקע...

— איך וועל אייך זאָגן, חבר מאָנידעס — האָב איך אים געוואָלט טרייסטן — אז איך קאָן אזא פאל, און מסתמא איז ער נישט קיין אויסנאַם, פון א יידישן שרייבער, איציק קיפּניס, וואָס האָט געהאט א נישט־יידישע פרוי און אין זיינע דערציילונגען רופט ער זי תמיד דבורה (אין דער אמת, האָט זי געהייסן ווערא!), ווייל ער זאָגט זיך, אז אזוי פיל דבורהס רופן זיך ווערא, איז מעג ער אָנרופן כאָטש איין ווערא אויך דבורה... אלנ־פאלס, האָט ער תמיד געהאט בלויז שיינע ווערטער וועגן איר... איך האָב נאָך געקענט איין חבר, וואָס אין דער מלחמה־צייט, ווען מע האָט אים גע־שיקט אין א קאָנצענטראציע־לאגער, איז זיין נישט־יידישע פרוי מיטגעגאנגען מיט אים, הגם, זי האָט עס נישט געמוזט טון... מע וואָלט נאָך געקאָנט אָנווייזן פיל אזעלכע ביישפילן, נאָר איינעם וועל איך דאָך נאָך דערמאנען, ווייל ער האָט א שייכות צו אונדזער שמועס: דער יידישער דיכטער יוסף האָלדער איז געשטאָרבן צוויי חדשים פאר דער באפרייאונג פון בודאפעסט, ווען קיין מתים האָט מען נישט געקאָנט באערדיקן אויפן בית־עלמין. מע האָט זיי אלע באגראָבן אין א מאסן־קבר... האָט האָלדערס קריסטלעכע פרוי ארומגעוויקלט זיין גוף מיט עטלעכע מעטער לייוונט (זי האָט געהערט אז אזוי באערדיקן יידן זייערע מתים!), און מיט דער הילף פונעם הויז־מייס־טער און פון די שכנים ארויסגעטראָגן דעם טויטן פארן טויער, וואו זי האָט אָפּגעוואַרט און געזען, אז מע פירט אים אין איינעם מיט אנדערע מתים, באגראָבן אין נאָענטן פארק. נאָך דער באפרייאונג האָט זי אזוי לאנג געזוכט אין די מאסן־קבֿרים ביז זי האָט איר מאַן דערקענט אין דער

ארומגעוויקלטער לייוונט. זי האָט אים פון דאָרט ארויסגענומען און האָט אויסגעפועלט ביי דער קהילה, אז ער זאָל געבראכט ווערן צו קבר ישראל...

— איך וויים אויך אז סע זענען געווען אזעלכע אָפּטע פאלן, אָבער נישט אזוי איז עס געשען מיט מיר. אמת, איך בין אויך א ביסל שולדיק. איך האָב זי אזוי צוגעוואוינט, נאָך איידער מיר האָבן געהאט דאָס קינד. און דערנאָך, ווען דאָס קינד איז אונטערגעוואקסן, האָב איך פארלוירן די השפעה אין מיין אייגענעם הויז... אָט פאר וואָס איך בין אויפן צווינטער און שפיל די ראָלע פון א נישט־ייד... מיינט איר, חבר זעליקאָוויטש, אז איך וויים נישט אז אלע מיינע שכנים, וואָס ליגן אונטער די מצבות מיט צלמים, לאכן פון מיר דערפון. ווייל זיי ווייסן דאָך גאנץ גוט אז איך בין א ייד... דער נאָמען? נו, ווי געפעלט אייך דער נאָמען? איך הייס טאקע נישט „בערקאָוויטש" צי „פעלדמאן", צי „זעליקאָוויטש" ווי איר, אָבער ווייזט מיר וועלכער נישט־ייד הייסט אזוי ווי איך — מיהאי מאָנידעס?... איר ווייט אפשר הערן ווי די שכנים פון מיין קבר רופן מיך בכיוון „מיימאָנידעס" אנשטאט מיהאי מאָנידעס... איך מאך זיך אז איך הער נישט, ווייל צו וואָס טויג עס שוין דאָ, אויפן עולם־האמת, צו מאכן פאראד מיט מיין יידישקייט, אז דאָרט וואו מע האָט געדארפט רעדן, האָב איך געשוויגן!... אָט איז איין קאפיטל, וואָס איך האָב געהאט מיט אים נישט ווייניק צרות ביי מיין משפט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָבער איך האָב באמערקט, אז אויף זיין מוילווינקל איז פארבליבן א שמייכל. מסתמא האָט ער זיך אין עפעס דערמאנט. איז האָב איך אים געוואָלט ארויסהעלפן:

— איר האָט זיך געוויס דערמאנט אן איינצלהייט, וואָס איז פאָרגעקומען ביים מישפט. ווייל איך זע אז איר שמייכלט, איז דאָך א סימן, אז דאָרט האָט עס אייך אויך הנאה געטאָן?

— יאָ, חבר זעליקאָוויטש, איך האָב זיך דערמאנט. ווען דער פּראָקוראָר, צי איינער וואָס איז געקומען עדות זאָגן לטובת דעם פּראָקוראָר, האָט מיך באשולדיקט, אז איין מאָל בין איך אהיימגעגאנגען צו מיין ווייב און קינד, ווייל עס איז געווען די פּסחא... אמת דער פארטיידיקער האָט זיי איבערגעריסן די רייד: „וואָס האָט ער צו טון מיט פּסחא, ער איז דאָך נישט קיין קריסט?!" האָט דער פּראָקוראָר אים צוריקגעענטפערט: „דאָס מאכט נישט אוים. ער איז געגאנגען האלטן דעם יום־טוב, ווייל זיין פרוי איז דאָך געווען א קריסטין!" ווען איך האָב שפּעטער געפרעגט דעם עדות, וועלכער איז דאָך אויך געווען א ייד: „צו וואָס האָט אייך געטויגט דער

גאנצער משא־ומתן מיט דער פסחא?״ האָט ער מיר געזאָגט, אז ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן דעם פּראָקוראָר, אז ער וויל נישט קומען עדות זאָגן. „וואָס וועט מען זאָגן, אז צוליב דעם וואָס ער איז א ייד, וויל ער נישט באשולדיקן א חבר, וואָס איז אויך א ייד?!״... האָב איך אים געפרעגט: „נו, און דאָס איז שוין געווען גענוג, אז מע זאָל אייך איבערצייגן, אז איר זאָלט זאָגן אזא נידערטרעכטיק עדותשאפט?!״ האָט ער זיך פארענטפערט אז מע האָט אים גערופן צו דער פּראָקוראטור און מע האָט אים געזאָגט, אז דווקא ווייל ער איז א ייד, דארף ער זיין דער עדות — „יעדער דארף אוועקקערן דאָס מיסט פאר זיין אייגן הויז״... אויב דאָס וועט טון אן אנ־דערער וועט מען דאָך זאָגן... אויף א ייד קאָן מען דאָס נישט זאָגן אז ער איז א ראסיסט...

— נו — פרעג איך א גייגעריקער — מע האָט אייך פאר דעם עפּעס פאראורטיילט.

— ניין, צום מזל נישט. סע האָבן זיך נאָך געפונען פארן בית־דין של מעלה נשמות, וואָס האָבן געוואגט זיך אקעגנצושטעלן. דווקא א נישט־ייד האָט עס געטון... ער האָט זיך געמאָלדן צום וואָרט. וואָלט געווען דער פּראָקוראָר געוואוסט וואָס ער וויל זאָגן, וואָלט מען געוויס אים נישט־געגעבן דאָס וואָרט. אזוי האָט מען אים געגעבן דאָס וואָרט און ער האָט געפרעגט: „ער איז געווען דעמאָלט דער איינציקער אָפיציר, וואָס איז גע־גאנגען אהיים צו זיין משפחה אין יענעם פסחא?״ האָט מען געענטפערט אז עס איז נאָך געווען איינער. האָט ער ווייטער געפּועגט: „יענער איז אויך א ייד?״ האָט מען געזאָגט אז ניין. דעמאָלט האָט ער אויסגערופן צום פּראָקו־ראָר: „אויב יענער קריסטלעכער חבר, וואָס איז דעמאָלט אהיימגעגאנגען אויף פסחא, איז געוואָרן פאר דעם פאראורטיילט, זאָל מען אויך מאָנידעסן פאראורטיילן, און אויב נישט, אויב איר טרייבערט אים דאָ די גאל בלויז דערפאר וואָס ער איז א ייד, איז זאָל זיין א חרפה און א בושה, אויך ווען דאָס פאסירט דאָ, פארן געשעצטן בית־דין של מעלה״...

...מיט דעם האָט זיך דער ענין פארענדיקט. יאָ, חבר זעליקאָוויטש, דאָס איז דער איינציקער פאל, ווען פארן בית־דין של מעלה האָט מען געזאָגט אזעלכע שארפע ווערטער, און די ריכטער האָבן געמוזט אראָפּ־שלינגען...

— וואָס איז מיטן „מיסט פאר דער אייגענער שטוב?״ — האָב איך איבערגעפרעגט — איך האָב דאָס נישט גוט פארשטאנען?

— איר האָט עס נאָך נישט געהערט ביז איצט? איז וועל איך עס אייך דערקלערן אָבער נישט איצט... איך בין שוין מיד דערפון. לאָזט עס אויף א קומענדיקן מאָל. דעמאָלט וועל איך עס אייך דערציילן, און אויב נישט, בעט איך אייך אז איר זאָלט עס מיר דערמאנען.

— איך האָב נאָך איין זאך צו דערמאנען; איר האָט מיר צוגעזאָגט אז איר וועט מיר אויפקלערן וועגן באבעלס דערציילונג מיט „גדליהס אינטערנאציאָנאל״?

— מיר דארפן זיך נישט איילן — זאָגט כאָנידעס — אייך האָט מען נאָך נישט געמישפט, און איך האָב נאָך אויך גענוג צייט ביז איך וועל אריבערגיין אין גן־עדן, ביז דעמאָלט וועל איך עס אייך דערציילן... ווייסט איר וואָס? מאָרגן וועלן מיר פאָרזעצן. מיט וואָס ווילט איר אז מיר זאָלן פאָרזעצן? קלייבט אייך אוים!

— מיר איז אלץ איינס — האָב איך געזאָגט — דארפן מיר דען עס באשליסן נאָך פון היינט?

# מלאכים צי שדים?

## דאָס מיסט פאַר דער אייגענער טיר...

נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך באַגריסט, זאָגט מאַנידעס:

— נו, וואו זענען מיר שטיין געבליבן?

— מיר זענען געבליבן, אַז איר וועט מיר זאָגן עפּעס „וועגן מיסט פאַר דער אייגענער טיר"...

— נו, גוט — זאָגט מאַנידעס — לאָמיר רעדן וועגן „מיסט פאַר דער אייגענער טיר". אָבער אַזוי ווי איר ווייסט נישט ווי אַזוי „מען עסט דאָס", דאַרף איך אייך זאָגן עטלעכע ווערטער אויף וועגן דער סעמאַנטיק, וואָס סע באַטייט „מיסט" און וואָס סע באַטייט „אייגענער טיר", ווייל אויב איר וואָלט עס געזוכט אין די גרעסטע ענציקלאָפּעדיעס, איז עס ליידער נאָך נישט פאַרצייכנט, הגם סע וואָלט כּלעבן כּדאַי געווען... פאַר וואָס דאַרף איך קודם מאַכן אַזאַ הקדמה? ווייל אַז איך וועל אייך דאָס זאָגן אויף אַ ברוטאַלן אופן: דאָס „מיסט" זענען מיר, וועט איר זיך מסתמא תּיכף איבערשרעקן און אונדזער שמועס וועט מוזן אָפּווייכן אויף זייטיקע טעמעס. ווייל איך דאַרף נישט פאַרלירן די צייט (הגם דאָ איז די צייט ביי אונדז נישט טייער!), וואָס מיר קאָנען פאַרברענגען מיט בילכערע זאַכן, ווי מיט „מיסט"... איז כּדי איר זאָלט אייך נישט דערשרעקן, וועל איך אייך אויפקלערן באַצייטנס, אַז מיסט מיינט מען נישט דווקא אונדז, דאָס קאָן זיין אויך אַנדערע מינדערהייטן. אָבער אין דעם דאָזיקן פאַל, מיינט מען טאַקע ממש אונדז... דער פּשט דערפון איז פאָלגנדיקער: סע זענען פאַראַן פריקרע פּראָבלעמען אין אַ געוויסער גרופּע מענטשן, פון אַן אַנדערער נאַציאָנאַליטעט, לאָמיר זאָגן ביי דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס מע דאַרף באַקעמפן אויף אַלע אופנים, מיט אַלע מיטלען, אָבער דאָס קאָן נישט געטאָן ווערן דורכן בית־דין של מעלה אליין. מע קאָן דאָך באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס איז צוליב די געוויסע געפילן, וואָס זענען נאָך נישט אויסגעוואָרצלט געוואָרן (דאָס פאָדערט דאָך מערער צייט!), איז דאָס בעסער

אויסצוראָמען אָט דאָס „מיסט", דורך „יידישע" הענט, וואָס זאָלן נעמען אין זייערע הענט א בעזעמל (קודם א פלעדערוויש, פון גיענדזענע פע־דערן, וואָס לאָזן נישט קיין צייכנס; דערנאָך נעמט מען א בעזעמל פון שטרוי; דערנאָך נעמט מען א בעזעם פון ריטלעך און צום סוף נעמט מען א בעזעם פון דראָטענע ריטער!) און מע קערט עס שיין אויס, דאָס מיסט אזוי ווי מע האָט א מאָל געטון ביים בודק־חמץ זיין...

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — זאָג איך מאַנידעסן — איך ווייס בכלל נישט פאר וואָס איר קווענקלט זיך אזוי פיל, ביים דערקלערן אָט די זאַך. מיר זעט זי דאַך אויס גאָר פשוט און פארשטענדלעך, אז אזוי באדארף עס טאַקע צו זיין... אנדערש, ווי אזוי וואָלט מען געקאָנט מחזיר למוטב זיין די זינדיקע נשמות? איר ווייסט דאַך, אז דער זינדיקער מענטש טוט נישט קיין תשובה פון זיין אייגענעם אָנרעג. מע דארף אים קודם מוסרן און אָפט מאָל מוז מען אָנקומען אויך צו דער אוראַלטן מעטאָד, וואָס די פארצייטיקע בית-דינס אָדער גאָר דער סנהדרין גופא האָבן בא־ניצט: מע האָט געשלאָגן מלקות... איר דערמאָנט זיך אין יענעם פסוק: „ובערת הרע מקרבך". דו זאָלסט אויסראָמען דאָס שלעכטס פון דיין הויז... אזוי שרייבט דאָס חומש. איז אז איר וועט אויפן אָרט פונעם וואָרט „שלעכטס" שטעלן דאָס וואָרט „מיסט", וועלן מיר אָנקומען צו דעם זעל־ביקן, וואָס איר האָט נאָר וואָס מיר דערקלערט... יאָ, פאר מיר איז עס זייער פארשטענדלעך.

— חבר זעליקאָוויטש — זאָגט מאַנידעס מיט א שמייכל — סע ווייזט אייך נאָר אויס, אז איר האָט עס פארשטאַנען. איר נעמט א פסוק, אזוי ווי איר האָט אים פון מיר געהערט, אָדער איר פארגלייכט אים מיט א פסוק, וואָס איר האָט אמאָל געלערנט אין חדר און — שוין. סע דאכט זיך אייך אויס אז איר ווייסט שוין אלץ. איר האָט פארגעסן, אז אויף יעדן פסוק איז פאראַן א פירוש, דערנאָך זענען פאראַן פירושים אויפן פירוש... עס איז נישט אזוי פשוט.

— וואָס פאר א פירוש דארף איך נאָך זוכן אויף דעם וואָס איר האָט מיר געזאָגט? עס איז נאָך דאָ א רש"י, אויף דעם ווערטל?

— יאָ, עס איז זייער וויכטיק, חבר זעליקאָוויטש. מע דארף זען אויך וואָס רש"י זאָגט אויף אזא פסוק... למשל, אז איך וועל אייך דער־ציילן מיין פאַל, וואָס איך האָב געהאַט ביי מיין מישפט, מיטן „מיסט" וואָס איך האָב געדארפט אויסרייניקן פאר מיין אייגענעם הויז, וועט איר אפשר דעמאָלט אָנהייבן עפּעס פארשטיין פון דער גאַנצער געשיכטע...

...אויפן פראָנט האָט מען מיר געגעבן אַן אויפגאַבע, וואָס האָט קודם אויסגעזען צו זיין זייער לייכט, אָבער מיט דער צייט האָט זיך עס ארויס־געוויזן צו זיין איינע פון די שווערסטע, צי געפערלעכסטע. איך האָב געדאַרפט רעדן צו די פאַשיסטישע סאָלדאַטן, זיי אויפקלערן, אַז זיי זאָלן מער נישט קעמפן קעגן אונדז, בעסער זאָלן זיי שאַנעווען זייער לעבן און איבערלויפן צו אונדז, צו די אַנטיפאַשיסטן... דאַכט זיך, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ גאָרנישט? יאָ, אַזוי האָט זיך עס מיר אויך אויסגעדאַכט... אָבער ווי נאָר איך האָב געעפנט דאָס מויל און ארויסגערעדט די ערשטע ווערטער „דייטשע קאַמעראַדן!“...

— מע זאָגט דען „דייטשע“? — האָב איך אים איבערגעריסן די רייד — מע זאָגט דאָך „דויטשע“!

— יאָ, איצט ווייס איך אויך שוין ווי אַזוי מע זאָגט — זאָגט מאַנידעס ווייטער מיט אַ שמייכל — אָבער דעמאָלט, דאָס ערשטע מאָל, האָב איך טאַקע נישט געוואוסט. ווי אַזוי עס איז אויסגעקומען אַז איך זאָל טון אָט די אַרבעט? אין אַ שיינעם טאָג האָט מען גערופן עטלעכע סאָלדאַטן און אָפּיצירן צו דער קאָמאַנדאַטור און מע האָט יעדן איינעם געגעבן צו אַ ביי־געלע פּאַפּיר און מע האָט אונדז מכבד געווען אַז מיר זאָלן איבערזעצן איין טעקסט פון דער דייטשער שפּראַך און אַן אַנדערן אין דער דייטשער שפּראַך. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ מין עקזאַמען דורך אַ קאָנקורס. ווער סע וועט בעסער קענען, דער וועט זיין ווערמען מען זוכט... איז דער גורל אויסגעפאַלן גראָד אויף מיר, ווייל די אַנדערע האָבן געקענט דאָס דייטשע לשון נאָך ווייניקער פון מיר. פון וואַנען זאָל איך געווען וויסן צוליב וואָס פאַר אַ צוועק מע מאַכט אָט דעם עקזאַמען? אָבער אַז איך האָב דערהערט וועגן וואָס עס איז די רייד, האָב איך געזאָגט גאַנץ אָפן, אַז מיינע קענטע־נישן זענען באַגרענעצטע, בעסער לאָזט מען מיך ווייטער קעמפן אין די ערשטע רייען, ווי איך טו עס אויך ביז איצט... מע האָט מיך אויסגעהערט. אָבער דערנאָך האָט מען מיר געזאָגט, אַז אין מיליטער טענהעט מען נישט איין. מע באַקומט אַ באַפעל און דו ביסט מחויב אים אויסצופירן. און אויב איך מיין אַז די אַרבעט וואָס מע האָט מיר איצט אָנגעטרויט איז נישט גענוג וויכטיק פאַרן פראָנט, איז זאָל איך דאָס איבערלאָזן פאַר מיינע קאָמאַנ־דאַנטן, אַז זיי זאָלן דאָס אָפּשאַצן, וואָס עס איז וויכטיקער... בכן, האָב איך געהאַט אַ הילכער, מיט וועלכן איך האָב זיך ארומגעטראָגן, ווי ביז איצט מיט דעם וואָפן, און ווי נאָר עס האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט דאָס פייער בין איך ארויס מיט לשון: „דייטשע סאָלדאַטן!“... ביז, ביז מע האָט

געטראָפן אַן עצה ווי אזוי מיך צו פארשטומען: מע האָט אין מיר ארייַנגע-
שאָסן א פּראָיעקטיל, גראָד אין דער ריכטונג, פון וואו סע האָט זיך גע-
טראָגן מיין קול... דאָס הייסט אז געזען האָט מען מיך טאקע נישט געזען,
ווייל איך בין געווען פארמאסקירט מיט צווייגן, אָבער דאָס קול האָט מען
דאָך יאָ געהערט פון וואו סע קומט, איז האָט מען מיט איין פּראָיעקטיל
אויסגעשאָסן פון א מינעוואַרפער און מיך תיכף פארוואונדיקט. צום מזל
בין איך אָפּגעקומען מיט עטלעכע וואָכן ליגן אין שפּיטאָל, דערנאָך האָב
איך זיך צוריקגעקערט צו מיין ארבעט, אָבער דאָס מאָל בין איך שוין גע-
ווען קלוגער... יענער פּראָיעקטיל, וואָס האָט שיער נישט פארשטומט מיין
קול אויף אייביק, האָט מיך אויסגעלערנט, אז מיין ארבעט איז נישט אזא
פשוטע און — נישט אזוי ווייניק וויכטיק ווי איך האָב געמיינט אין אָנ-
הויב. איצט האָב איך שוין געוואוסט, אז מיינע רייד וועלן נישט פארלוירן
אין ווינט, נאָר אז זיי וועלן אויסגעהערט מיט אויפמערקזאמקייט אין די
רייען פון די פאשיסטישע איינהייטן (דאָס האָבן דערציילט די געפאנגענע
וואָס מע האָט גענומען אין דער צווישנצייט). און אז דער פּראָיעקטיל איז
געווען א וואָרענונג אז איך זאָל זיך פון היינט אָן בעסער פארמאסקירן...
איך האָב טאקע אזוי אָנגעהויבן ארבעטן. דעם הילכער האָב איך אויסגע-
האָנגען פארמאסקירט צווישן צווייגן (אזוי ווי איך האָב געטון אויך ביז
איצט!), אָבער איך בין שוין נישט געלעגן הינטער זיין שאָטן, ווי ביז
איצט. פון איצט אָן בין איך געווען מער פארזיכטיק. איך האָב זיך פאר-
גראָבן אין א טראנשייע, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער זייט פונעם היל-
כער אויף א מרחק פון א 40—50 מעטער. איצט האָט מען שוין געקאָנט
שיסן אויף מיר, דאָס הייסט, אויף מיין הילכער — אָבער מיך האָט מען
שוין נישט אָנגעטראָפן (מיט דער צייט האָב איך נאָך מער פארבעסערט
מיין פארמאסקירן, איך האָב מיר געביטן דאָס אָרט יעדע צען מינוט. קודם
האָב איך מיר אָפּגלייענט מיין „מגילה" אין דער רעכטער זייט פון מיין
הילכער, דערנאָך האָב איך זיך איבערגעטראָגן מיט מיינע מכשירים אויף
דער לינקער זייט פונעם הילכער, אזוי אז אפילו ווען זיי האָבן אָנגעהויבן
שיסן עטלעכע פּראָיעקטילן ארום הילכער, כדי מיך אָנצוטרעפן, איז עס זיי
נישט געלונגען!). דאָס מאָל האָב איך שוין נישט געארבעט אליין. מע האָט
מיר צוגעגעבן נאָך איין מענטש, וואָס זאָל מיר ארויסהעלפן, סיי ביים אי-
בערטראָגן די מכשירים אויף א נייער פּאָזיציע (ליידער איז עס געווען אויף
צוריק און נישט אויף פאָרויס. אָבער מיר זענען געווען פעסט אין אונדזער
איבערצייגונג, אז דאָס איז בלויז צייטווייליק. מיר זענען געווען זיכער אז

אין א שיינעם טאָג וועלן מיר אָנהייבן איבערטראָגן אונדזער הילכער אויף אויף פּאָרויס... דערווייל דארפן מיר זיך צופּאסן צו דער איצטיקער לאגע, איז העלפט מיר ארויס דער חבר מיינער אויך ביים אריבערטראָגן מיין אָרט פון רעכטס אויף לינקס און פון לינקס אויף רעכטס פונעם הילכער. בעת איך רעד צו די „דויטשע סאָלדאטן“, גראָבט ער אויס אויף דער גיך, א נייעם גרוב, בשכנות פון א פאָדערשטער טראנשייע, כדי איך זאָל נישט פארלירן קיין צייט אויף מיט דעם גראָבן...

איך האָב געזען אז מאָנידעס האָט זיך אוועקגעלאָזט אויף א זייטיקן וועג, מיט זיין דערציילן, וואָס איז דאכט זיך געווען ווינציקער וויכטיק פאר מיר, האָב איך געמאכט א פרואוו אים צו דערמאנען, אז ער זאָל זיך אומקערן צו אונדזער ענין:

— אויך וועגן דעם האָט מען גערעדט בעת אייער מישפּט?

— איך זע אז איר האָט פארלוירן דאָס געדולד — זאָגט מיט א שמייכל מיהאי מאָנידעס — איר זענט שוין זאט געוואָרן פון מיינע „באַ־רימערייען“? מעגט איר וויסן, אז איך באַרים זיך נישט מיט גאָרנישט. איך האָב אייך נישט דערציילט אז איך האָב נישט געהאט קיין טאָג און קיין נאכט. איך בין ארומגעגאנגען אויפן פראָנט אין די ערגסטע צייטן, פון רעגנס און שנייען, פון ווינטערדיקע פרעסט און זומערדיקע היצן, און איך האָב זיך נישט באקלאָגט פאר קיינעם אויף דעמאָלט, ווען מיין לעבן איז נישט איין מאָל געווען אין סכנה...

— איך בין נישט זאט געוואָרן — האָב איך זיך שוין דאָס מאָל פארענטפערט — נאָר איך האָב געוואָלט וויסן צי אויך וועגן דעם האָט מען גערעדט ביי אייער מישפּט?

— יאָ, מע האָט גערעדט — זאָגט מאָנידעס איראָניש — נאָר גלייך ווי מע וואָלט זיך אויסגעהיט צו דערמאנען וועגן אָט דעם... זעט איר, אָט דאָס איז דאָך די מעשה. אויב די מלאכים וואָלטן אָביעקטיוו צונויפגענומען די מעשים פון דער נשמה, די מצוות ווי די עבירות, דעמאָלט וואָלט דאָך געווען רעכט, אז יעדער איינער זאָל טראָגן דאָס אחריות, פאר זיין טעטי־קייט... די זאך איז אָבער וואָס די מלאכים טוען דאָס גאנץ אנדערש (איך ווייס נישט אויב מע פאָדערט עס פון זיין אזוי. נאָר אז מע טאָלערירט עס, איז דאָך א סימן אז אויך דער בית־דין של מעלה איז מסכים מיט דעם!). די עבירות לייגן זיי ארונטער אונטער א פארגרעסערונג־גלאָז, און מען איז בודק יעדע עבירה פון אינעווייניק, פון אויסווייניק, פון הינטן און פון פאָרנט, פון אויבן און פון אונטן און מע זוכט, און מע זוכט, אז „דאָס איז נישט

געוועזן צופאליק", און „מע דארף דאָס נישט נעמען איזאָלירט", „מע דארף דאָס שטעלן אין פארבינדונג מיט..." ביז מע געפינט פון איין עבירהלע, פון איין פליגעלע מאכט מען א גאנצן העלפאנט... דערפאר זאָג איך אייך, אז דאָס זענען נישט קיין סתם מלאכים, נאָר ממש מלאכי־חבלה...

— אָבער די מלאכים, די וואָס זאמלען די מצוות? — פרואוו איך זיך אויסצוגעפינען דעם אמת, ווייל מסתמא וועל איך דאָך אויך זיין אין אזא מין לאגע.

— די מלאכים, דאָס הייסט די גוטע מלאכים — זאָגט מאָנידעס מיט א שמייכל, וואָס דריקט אויס ווייטיק — וועגן זיי איז דאָ ווייניק וואָס צו רעדן. געוויס זענען דאָ אויך גוטע מלאכים, וואָס זייער עובדא איז צונויפזאמלען די מצוות וואָס יעדע נשמה האָט געטון. יאָ, אזוי איז עס טאקע, אָבער בעסער געזאָגט, סע וואָלט געדארפט זיין אזוי. דער אומגליק איז אָבער, אז ווי איינער פון אָט די גוטע מלאכים וויל עפענען דאָס מויל, מאכט מען זיך אז מע דערזעט אים נישט. און ווען סע קומט זיין רייע, אז ער זאָל אויך אויסשיטן זיין זעקל מיט די מצוות, וואָס מע דארף ארויפלייגן אויף דער וואָגשאָל, דעמאָלט איילט מען זיך, אז מע זאָל נישט פארלירן קיין צייט: „נו, זאָגט מען אים, דאָס־אָ ווייסט מען שוין. די מצוות זענען שוין באקאנט. לאָמיר הערן וואָס סע האָט עפעס צו זאָגן דער קטיגור"...

— וואָס הייסט — פרעג איך א פארחידושטער — נאָר דער קטיגור האָט דאָס וואָרט?

— איך ווייס נישט פאר וואָס איר וואונדערט אייך אזוי — זאָגט מאָנידעס — איר זענט דאָך שוין געוועזן ביי א מישפט?! איר האָט דאָך אליין געזאָגט עדות ווען מע האָט געמישפט קאָפּמאנען, וואָס זשע וואונדערט איר זיך היינט מער ווי אלע מאָל?

— איך האָב געמיינט — האָב איך געשטאמלט — אז אזוי איז געשען בלויז מיט קאָפּמאנען, ווייל ער איז געוועזן א ביסל א שלימזלניק. ער האָט נישט געוואוסט ווי אזוי צו פארשטאָפּן דאָס מויל פונעם פּראָקוראָר...

— איך ראָט אייך — האָט מאָנידעס געזאָגט מיט א גאָר ערנסטער מינע — אז איר זאָלט אייך נישט באַזאָרגן וואָס איך זאָג עס אייך גאנץ אָפן, אז איר זאָלט אייך האַלטן פאר א קלענערן חכם, צי תקיף. ווען סע וועט קומען אייער ריי און מע וועט אייך מישפטן, וועט איר רעדן א ביסל הייזעריקער, ווייל אויב איר וועט נישט וויסן זיך צו צוימען די צונג, קאָנט איר ביי אייער מישפט דערפאר באצאָלן... איך האָב זיך באלד איבערצייגט, אז דער סניגור ווייסט אויך אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך...

— וואָס הייסט אויף וועלכער וועלט — האָב איך זיך אָנגעצונדן — מיר געפינען זיך דאָך אויפן עולם־האמת?!

— יאָ, טאַקע אויפן עולם־האמת, אָבער דער אמת איז נישט קיין אבסאָלוטער פאַר אַלע צייטן און פאַר יעדן... סע זענען פאַראַן „העכערע" אינטערעסן, וואָס זענען וויכטיק פאַרן גאַנצן גאַנג פון דער פּראָצעדור פון דעם בית־דין של מעלה, נישט די קליינלעכע אינטערעסן פון איינער א נשמה, וואָס מע קאָן זיך באַגיין אָן איר... און, איז דען פאַראַן איין נשמה וואָס האָט נישט א מאָל אין לעבן געזינדיקט?!

— איך וואָלט געוואָלט זען יענע נשמה — זאָג איך צו מאָנידעסן, גלייך איך וואָלט עס אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער — וואָס האָט קיין מאָל נישט געזינדיקט!

— אזא נשמה איז אין ערגעץ נישט פאַראַן — זאָגט מאָנידעס קאַטעגאָריש — אפילו כביכול, „גאָט" אַליין האָט אויך נישט איין מאָל געזינדיקט, נאָר ער דרייט זיך אַרויס מיט דעם, וואָס ער טוט דאָס אַליין אָנערקענען, ער טוט תשובה, הייסט עס, און וואַרט נישט אַז דער שטן זאָל עס אים פּירוואַרפן... האָט ער דאָך אַליין אָנערקענט, ווען ער האָט געבּרענגט דעם מבול, אַז ער האָט נישט באַדאַרפט באַשאַפן דעם מענטשן? נו, האָט אים עמעצער געמישפּט פאַר אזא חטא?!... די נשמות אָבער מישפּט מען פאַר יעדער קלייניקייט. אזוי האָט מען אויך מיך געמישפּט (נאָר רייסט מיך נישט איבער, חבר זעליקאָוויטש, וועלן מיר אָנקומען צום תוך פון מיין מישפּט!). דאָס וואָס איך האָב אייך דערציילט ביז איצט וועגן מיין טעטיקייט, וואָס וואָלט געקאָנט פאַרצייכנט ווערן פאַר מיין אַקטיוו, פאַר מיינע מצוות, דאָס האָט מען כמעט איבערגעהיפּערט און זיך נישט געמאַכט פון דעם קיין צימעס. אָבער דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען אין מיין לעבן נאָר עפּיזאָדיש, וואָס איך האָב זיך נישט א מאָל אָפּגעגעבן חשבון ווען און וואָס סע האָט פּאַסירט, דאָס האָט מען צעלייגט אויף „טעלערלעך" מיט אַלע פּרטים...

— דהיינו — העלף איך אים אַרויס מיט א וואָרט — וואָס איז עס געווען פאַר אַן עפּיזאָד, וואָס האָט אזוי שווער אָראָפּגעצויגן אייער וואָגשאָל, וואָס איר קאָנט עס נישט פאַרגעסן?

— דער עפּיזאָד איז געווען מיטן „מיסט" וואָס מע האָט מיך מכבּד געווען אַז איך זאָל אים פאַרקערן פאַר „אונדזער אייגענער שטוב"...

מעשה שטן האָבן מיר נישט געקאָנט פאַרזעצן אונדזער שמועס דווקא ביי דעם קאפיטל, וואָס האָט מיך אינטערעסירט צום מערסטנס. סע האָט אונדז איבערגעשלאָגן די רייד דער חבר דיאמאנט. ער האָט זיך דערנענטערט צו אונדז, שעמעוודיק, ער האָט דאָך תמיד אויסגעזען ווי איינער וואָס פילט זיך שולדיק נאָך איידער מע האָט אים געמישפּט. אין דער אמתן האָב איך טאקע געמיינט אז מע האָט אים שוין פאראורטיילט, לויט ווי אזוי ער האָט אויסגעזען. אָבער ער האָט אונדז דערציילט אז דער מישפּט איז נאָך נישט פאָרגעקומען. איצט, אין דעם מאָמענט, גייט ער צום מישפּט, און דערפאר האָט ער מיך אויפגעזוכט, אויב איך וויל אים טון א טובה, זאָל איך אים באגלייטן צום פּראָצעס.

— איר האָט דען נישט קיין אדוואָקאט? — פרעג איך דיאמאנטן

— ער וועט אייך מסתמא פארטיידיקן, אויב סע וועט נויטיק זיין. צו וואָס פעל איך אייך אויס דאָרטן?

— איר ווייסט דען נישט ווי אזוי עס איז מיט די אדוואָקאטן — העלפט אים ארויס מאָנדיעס — לאָמיר גיין מיט אים. פאַר וואָס זאָלן מיר אים איבערלאָזן אליין? א נשמה, ווען זי האָט נעבן זיך נאָך עמעצן, וואָס אין א נויט קאָן מען איר ארויסהעלפן כאָטש מיט א וואָרט, פילט זי זיך נישט אזוי אומבאהאָלפן, די נשמה. און דער קטיגור אליין, אויב ער דערפילט עס, וואָגט ער אויך נישט ארויסצוגיין אזוי עזותדיק קעגן דעם געמישפּטן...

אזוי האָבן מיר זיך געלאָזט צום בית־דין של מעלה. אָבער נאָך דעם ווי מ׳ר האָבן געמאכט עטלעכע שפּאַן, האָב איך זיך אנטשולדיקט אויף עטלעכע מינוט און בין ארייַנגעלאָפן אין מיין קבר, כדי איך זאָל מיר פארצייכענען עטלעכע ווערטער. איך האָב מורא געהאַט, אז פארנעמענדיק זיך מיט דיאמאנטס מישפּט וועלן מיר פארגעסן וועגן די ענינים וואָס מיר האָבן דיסקוטירט, און פאַר מיר האָבן זיי אויסגעזען צו זיין וויכטיק און נאָך מער באלערנדיק. אזא זאַך קאָן אָן ספק מיר צו ניץ קומען ביי מיין מישפּט... איך האָב פארצייכנט: „ווי אזוי קערט מען אויס דאָס מיסט פאר דער אייגענער שטוב?" און צוגעגעבן דריי פרעגצייכנס. ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אז שוין פון פריער זענען נאָך געווען אויפגעצייכנט עטלעכע שורות אזעלכע, וואָס איך האָב זיי נאָך ביז היינט נישט אויפגעקלערט,

למשל: „דער אינטערנאציאָנאל פון גדליהן, פון איסאַק באַבועלס דערציילונג“... איך ווייס נאָך נישט, וואָס סע באַהאַלט זיך אויס הינטער די ווערטער, אָבער לויט דעם שמועס, ביי וועלכן מאָנידעס האָט עס מיר געזאָגט, פונעם קאָנטעקסט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז איך וואָס גיכער אויפקלערן.

איז האָב איך זיך צוגעאיילט זיי נאָכצויאָגן, אַז איך זאָל אויך אָנקומען צו דער צייט, צום מישפט.

# מע מישפּט די נשמה צי איר פּאָטער?

ביים מישפּט האָט זיך די פּראָצעדור איבערגעחזרט א ביסל לאנגווייליק. דער ראש בית־דין האָט אויסגעפרעגט דעם חבר דיאמאנט אויף זיינע פּערזענלעכע דאטן, כדי אים צו אידענטיפיצירן אויב ער איז ער. הגם אלע האָבן דאָך אים שוין געקענט, נאָך פון די אויספאָרשונגען, אָבער אזוי זעט פּאָר דער שולחן־ערוך פון דער פּראָצעדור פונעם מישפּט: די נשמה ווערט אויסגעפרעגט אויפן נאָמען, אויף די עלטערנס נעמען. איר באשעפטיקונג און די עלטערנס באשעפטיקונג און אזוי ווייטער.

(איך מוז דאָ מאכן א פּאראנטעזע: איך האָב געוואוסט, אז דער מלאך דומה קומט תיכף צום קבר דיינעם, ווען מע האָט אים כמעט נאָך נישט פאַרשיט, נאָך איידער דו האָסט צייט געהאט זיך ארומצוקוקן וואו דו געפינסט זיך און פרעגט: „עסקת באמונה?", האָסטו געהאנדלט ערלעך? ווייזט עס אָבער אויס, אז אָדער איז אזוי געווען בלויז אין די גאָר אלטע צייטן, וואָס היינט איז מען זיך שוין מער נישט אזוי נוהג, אָדער דאָס איז א פּשוטע לעגענדע, ווי אלע לעגענדעס. איצט פרעגט מען דאָס ערשטביים מישפּט, און דאָס שפּעטער מיט חדשים און אמאָל אויך מיט יאָרן. והא ראייה, אז מיך אליין האָט מען דאָך אויך נאָך נישט געפרעגט גאָרנישט!).

אָבער דאָ, ביי דיאמאנטס מישפּט, איז פאָרגעקומען א קליינער אינצידענט צווישן דעם געמישפּטן און אן עדות, וואָס האָט אים געוואָלט „ארויסהעלפן" דעם זינדיקן, כדי ער זאָל וואָס גיכער אליין איינזען זיינע זינד...

געשען איז עס אזוי: ווען דיאמאנט האָט געזאָגט אז זיין פּאָטער איז געווען אן אָנגעשטעלטער ביי דער יידישער קהילה, און אז זיי האָבן געלעבט אין דחקות, האָט אים דער פּראָקוראָר איבערגעריסן די רייד:

— נשמה, מיט וואָס האָט זיך אייער פּאָטער באשעפטיקט? — האָט ער אויסגעשריגן, גלייך עמעצער וואָלט אים געווען באַוואָלהט, און איצט בעט ער יושר, דאָ, פאַרן בית־דין של מעלה — וואָס באהאלט איר זיך אויס אונטער אזעלכע ריידעלעך ווי „אָנגעשטעלטער"? זאָגט, קאָנקרעט: מיט וואָס האָט ער זיך באשעפטיקט? — האָט ער ווידער איבערגעחזרט זיין אויסשרייענדיקע פראגע — ער איז געווען א כלי־קודש?!

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט — האָט די נשמה קוים ארויסגע־שטאמלט ווי גלייך מע וואָלט זי געוועזן געכאַפּט ביי א גניבה — ער איז גע־ווען אַן אָנגעשטעלטער, ער האָט קיינעם נישט אויסגעניצט. ער האָט גע־לעבט פון זיין אייגענער האָרעוואַניע...

דעמאָלט האָט זיך אויפגעהויבן איינער, ווייזט אויס אז ער איז גע־ווען אונטערגיעשטעלט פונעם קטיגור, און האָט זיך געמאָלדן צום וואָרט:

— איך וועל פּרוּוון ארויסהעלפן דער געמישפּטער נשמה—האָט ער איראָניש געזאָגט מיט נישט ווייניק צביעות — אנו, זייט מוחל און ענט־פערט מיר אויף אָט דער פראַגע: „אייער פאָטער איז געווען א שוחט“?

— יאָ, ער האָט געשאָכטן עופות און צו מאָל אויך בהמות — האָט דיאמאנט קוים ארויסגעשעפּטשעט.

איך ווייס נישט פאַר וואָס, אָבער דאָך האָב איך באמערקט, אז וואָס שטרענגער מע רעדט מיטן געמישפּטן, וואָס העכער מע שרייט צו אים, אַלץ נידעריקער ענטפערט ער, הכנעהדיקער, אז סע קומט אָן צו וויינען פאַר רחמנות, וואָס זיי ווערן אַזוי געפייניקט און נאָך מער דערנידעריקט.

— זעט איר — רופט אויס יענער עדות טריאומפירנדיק — איך האָב באלד געוואוסט וואָס פאַר א מין „אָנגעשטעלטער“ דאָס איז... איז דער־לויבט מיר איר צו שטעלן נאָך איין פראַגע: דאָס איז געווען ניצלעך פאַר דער געזעלשאַפט, איך וויל זאָגן, האָלט עס די נשמה פאַר א פּראָדוקטיווער ניצלעכער ארבעט פאַר דער געזעלשאַפט?!

— איך ווייס נישט וואָס צו ענטפערן — האָט דיאמאנט ארויסגע־שטאמלט — איך בין נישט צוגעגרייט צו אַזעלכע פראַגן. איך האַלט אז אַזאַ פראַגע געהער גיכער צו אַן אידעאָלאָגישער דיסקוסיע, ווי צו מיין מישפּט...

דאָס זאָגנדיק האָט זיך דיאמאנט אויסגעדרייט צו זיין פאַרטיידיקער, גלייך ער וואָלט געוואַרט אויף זיין הילף, אָבער יענער איז געבליבן ווי גע־ליימט. די לאַגע איז געווען א ביסל פּיינלעך, וויל דער מישפּט האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן, אָבער דער ענין האָט זיך שוין אָנגעהויבן פאַר־פלאָנטערן. איך האָב געוואָרפן א בליק צו מאָנידעסן, ווי איינער רעדט: „נו, איר זענט דאָך עפּעס א גאַנצער חכם, אַן אַלץ־ווייסער. לאָמיר זען וואָס איר קאָנט?“. ער האָט מיינע בליקן, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען און טאַקע זיך נישט געלאָזט בעטן. ער האָט אויך געבעטן דאָס וואָרט. און אַזוי ווי דער קטיגור האָט נישט געוואוסט וואָס ער וויל, ווען ער וויל קומען צו

„הילף“, דעם פארטיידיקער צי דעם אַנקלאָגער, האָט ער מסכים געווען אַז מע זאָל אים אויסהערן.

כדי זיך נישט ארויסצואווייזן שוין ביי זיינע ערשטע ווערטער אַז ער איז נישט מיטן קטיגור, האָט ער זיינע ווערטער א ביסל פארפלאָנטערט, כּדי צו געווינען א ביסל צוטרוי און אויך א ביסל צייט:

— די נשמה, דאָס הייסט דער געמישפטער, איז טאַקע שולדיק — האָט ער האַפערדיק געזאָגט, אַזוי ווי סע רעדט איינער וואָס קלאָגט אָן — ער דאַרף זאָגן אָפן: אָט דאָס און דאָס האָט געטאָן מיין פאָטער און זיך נישט אויסצובאהאלטן הינטער ווערטער, וואָס קאָנען אריינפירן אין א טעות דעם בית־דין של מעלה. אָבער איך פארשטיי נישט פאַר וואָס האָט דער חשובער עדות, וועלכער האָט גערעדט פאַר מיר, דווקא געוואָלט ארויס־פּרעסן אַז די נשמה זאָל מודה זיין אַז איר פאָטער איז געווען א שוחט (זייט מוחל, האָט מאָנידעס זיך אויסגעדרייט צום עדות: „ווי הייסט איר?“ האָט יענער אים געענטפערט: „לעבאָוויטש“. האָט מאָנידעס א שמייכל געטון, מיט זיין געוויינטלעכן פילזאָגנדיקן שמייכל, וואָס איז מיר שוין אַזוי גוט באקאַנט געווען!). נו, גוט, איך האָב פארשטאנען, דער חבר לעבאָוויטש האָט אים געוואָלט „ארויסהעלפן“, אַז דער געמישפטער זאָל אָנערקענען... אָבער וואָס וויל ער ארויסבאקומען? ער האָט דאָך געהערט, אַז זיין פאָ־טער איז קיין אויסניצער נישט געווען. אדרבה, ער האָט געהאָרעוועט שווער אויפן שטיקעל ברויט, און אויב עמעצער איז געוואָרן אויסגע־ניצט, דאָס איז ער דאָך געווען... איז וואָס אַז ער איז געווען א שוחט?! דאָס קאָן משפּיע זיין צום שלעכטן דעם מישפּט איבער די מעשים פון דער נשמה?!

איך האָב אויך באקומען מוט, אָנגעצינדן פון די רייד פון מאָני־דעסן, האָב איך אויך געבעטן דאָס וואָרט:

— איז דערלויבט מיר צו פרעגן א פראַגע? (דער ריכטער האָט א שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף „יאָ“, האָב איך פאָרגעזעצט:) זאָל מיר דער אָנגעקלאָגטער ענטפערן: וויפל קינדער זענען זיי געווען?

דער קטיגור האָט, ווייזט אויס, דערפילט מיין ריכטונג, וואָס איז געווען נישט אים לטובה, איז ער אויפגעשפרונגען:

— דאָס געהער נישט צו דער זאַך! — האָט דער קטיגור אויס־געשריגן — דאָ מישפּט מען נישט די ברידער, נאָר דווקא אים, דעם אָנגעקלאָגטן דיאַמאַנט...

— אויב מע מישפט בלויז אים, דעם אָנגעקלאָגטן דיאמאנט — האָב איך פאמעליעך געצויגן די ווערטער און אים מיט חוצפה אקעגנגע־רעדט — דאָס וואָס איך בין ביי דער זעלביקער מיינונג, איז שטעלט זיך די פראגע, פאר האָט זשע פארשט מען אויס די מעשים פון זיין פאָטער? איז אויב עס איז וויכטיק אז דאָס בית־דין זאָל קענען אלע אומשטאנדן, הייסט דאָס אז אויך וועגן דעם וואָס איך האָב געפרעגט. חזר איך איבער מיין פראגע: וויפל ברידער האָט איר געהאט?

דער קטיגור האָט זיך איבערגעווינקט מיטן ראש בית־דין, אָבער דער האָט, ווייזט אויס, נישט געקאָנט זיך ארויסדרייען פון מיין איינגע־שפארטקייט, האָט ער דעריבער געזאָגט דעם געמישפטן:

— נשמה, ענטפער אויף דער פראגע! — האָט ער קאלט גע־זאָגט דעם פסוק, גלייך אים וואָלט עס גאָרנישט אָנגעשטאנען, נאָר ער האָט נישט קיין אנדערע ברירה, מוז ער נאָכגעבן דעם פארלאנג פון איינעם אן עזות־פנים.

— מיר זענען געווען צען געשוויסטער — האָט דיאמאנט געזאָגט שטילערהייט — פיר ברידער און זעקס שוועסטער...

דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיין מצב נישט געקענט פון דעם שטאנדפונקט. בכלל האָב איך זיך דאָך מיט אים ערשט דאָ באגעגנט און גערעדט מיט אים עטלעכע ווערטער. אָבער איך האָב אינסטינקטיוו דער־פילט א מין סאָלידארישקייט מיט אים, וואָס מע פילט געוויינטלעך צו א גערודפטן, ווען מען איז אליין אויך גערודפט געוואָרן. איז אז איך האָב באקומען א גינציקן ענטפער. דאָס הייסט איינעם, וואָס קאָן נישט אויס־געמיטן ווערן אויך פון דעם שטרענגסטן בית־דין, האָב איך פאָרגעזעצט מיינע פראגן, כדי אים באמת ארויסצוהעלפן:

— פון וואָס האָבן אייערע עלטערן געהאט אויף פרנסה צו קאָנען אויפוואקסן צען קינדער?

— איך האָב דאָך געזאָגט — האָט דיאמאנט ארויסגעשטאמלט. ער האָט זיך א ביסל פארלוירן און נישט פארשטאנען אז איך בין דאָך נישט אויסן עפּעס אנדערש ווי אים צו קומען צו הילף, כדי צו פארגלעטן דאָס, וואָס דער קטיגור האָט געוואָלט ארויפשארן אויף זיין זינדיקער וואָג... ער האָט נישט פארשטאנען פונעם ערשטן מאָמענט, אז מיינע פראגן זענען אים לטובה, און די ענטפערס וועלן איבערוועגן די וואָג־שאָל אויף דער זייט פון די זכותים, פון די מצוות — איך האָב דאָך

געזאָגט, פונעם געהאלט וואָס דער פאָטער האָט באקומען פון דער קהילה...

— ווי אזוי איז עס מעגליך — האָב איך ווייטער געוואָלט פירן די פראגן כדי צו באקומען פון אים נישט עפעס אנדערש, ווי דעם אמת — אז פון איין געהאלט, וואָס קאָן נישט זיין אזוי גרויס, זאָלן קאָנען עסן צען קינדער און צוויי עלטערן, בכן זענען דאָך געווען בסך־הכל צוועלף מיילער?!

— דעם אמת געזאָגט, האָט איר רעכט — האָט שוין די נשמה צוגעגעבן — פונעם געהאלט האָבן מיר נישט געקאָנט אויסלעבן. מיר האָבן מער געליטן הונגער ווי זאט געווען... מיר האָבן זעלטן געגעסן פלייש, ווי אזוי סע האָבן געהאט אנדערע בעלי־בתים. מיר האָבן מיינס־טנס געהאט בלויז דרויב: שטיקלעך לונג, וואָס דער שוחט רייסט ארויס, נאָך דעם וואָס ער איז בודק די לונג צי זי האָט נישט קיין סירחא... יאָ, דאָס איז געווען אין אונדזער משפחה דאָס הויפּט־מאכל, מיט וועלכן מיר זענען אויפגעוואקסן... איך זאָג אויפגעוואקסן, אָבער מע דארף וויסן, אז דאָס וואקסן איז אָנגעקומען מיט צרות און נויט...

איך האָב אים אונטערבראָכן די רייד:

— ווי אלט זענט איר געווען, ווען איר זענט אוועק פון אייערע עלטערנס הויז? זינט ווען זענט איר זעלבשטענדיק, וויל איך זאָגן?

— איך בין אלט געווען נישט מער ווי צען יאָר, ווען איך בין אוועק פון דער היים. פינף יאָר האָב איך געלערנט אין חדרים און אין דער ישיבה, עסנדיק טעג ביי פארמעגלעכע באלעבאטים און אין די ישיבה־מענזעס...

— און דערנאָך — האָב איך ווייטער געוואָלט ציען דעם פאָדעם פון זיין לעבן — דערנאָך, דאָס הייסט, נאָך דעם ווי איר זענט אלט געוואָרן פופצן יאָר, מיט וואָס האָט איר אייך באשעפטיקט?

— איך בין אריין אין א שניט־קראָם און געארבעט דאָרטן ווי א געזעלן.

דער פראָקוראָר האָט מיך אונטערבראָכן מיט מיינע פראגן און דער נשמות ענטפערס, וואָס אים זענען זיי נישט צו ניץ געקומען:

— דאָס זענען איבעריקע רייד — זאָגט ער אן אויפגעטראָגענער — דאָס ווייסט מען שוין פונעם דאָסאָר, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן נאָך פארן מישפט...

— איך בין מער ווי זיכער — האָב איך געזאָגט צום פּראָקוראָר מיט נישט ווייניק איראָניע — אז דאָרט אין יענעם דאָסאר איז פאַר־צייכנט אויך זיין פּאָטערס באַשעפטיקונג און דאָך האָט מען דאָ געמאכט דערפון א גאנץ בראַטל...

— איר ווילט אונדז לערנען ווי אזוי מע דאַרף פירן א מישפּט?! — האָט זיך צעשריגן דער קטיגור — אנו, ווער זענט איר דאָרט, וואָס איר זאָגט דאָ עצות, אייך האָט מען שוין געמישפּט?!

— מיך האָט מען נאָך נישט געמישפּט — האָב איך שוין א ביסל אויף א נידעריקערן טאָן געענטפערט, ווייל דאָס איז דאָך געווען א באַ־שיימפּערלעך אָנצוהערעניש אז ער וועט זיך אין מיר נוקם זיין, אָבער איך ווייס נישט צי זאָל מען דאָס אָנרופן קוראַזש, צי גאָר א רעאַקציע פון פּחדנות, וואָס גייט אריבער צום אנדערן עקסטרעם, אָבער איך האָב אים נישט פאַרשוויגן — איז וואָס זשע וויל דער חשובער קטיגור, מיך אָפּשרעקן?!

עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, ווען איך גיי אריבער אָט די מחיצה פון איינגעהאַלטנקייט, וואָס איז דווקא איצט אזוי נייטיק געווען, כדי צו דערהאַלטן זיך אין א גלייכוואָג, וואָס זאָל נישט שטעלן אין סכנה מיין צוקונפט. וויפל מאָל האָב איך דען שוין נישט באַצאָלט פאַר דעם מין פון מיינע „מוטיקע" ארויסזאָגונגען, פאַר וועלכע איך האָב פיל געהאַט צו ליידן?... נישט איין מאָל האָבן מיך געמוסרט מיינע חברים, וואָס זענען געווען דערביי אין אזעלכע פאַלן, ווען איך האָב אזוי אקעגנגערעדט, כדי צו באַווייזן אז איך בין גערעכט (און איצט האָב איך געגלייבט, ביין, איך בין געווען איבערצייגט, אז איך בין גערעכט!). און אין אזא פאַל האָב איך נישט געקוקט וואָס סע קאָן ארויסקומען, נאָר איך האָב פאַרטרעטן מיין שטאַנדפּונקט, סיי סע האָט זיך געהאַנדלט אין מיינע אינ־טערעסן, סיי סע האָט זיך געהאַנדלט אין אנדערנס, ווי עס איז געווען דער פאַל, דאָ, ביים פּראָצעס פון דיאמאַנטן. האָב איך איבערגעחזרט:

— איר ווילט מיך אָפּשרעקן מיט מיין מישפּט? — האָב איך זיך געוואָנדן צום קטיגור — איך בין שוין איבערגעקומען נישט איין מישפּט, אזוי אז מיך וועט איר נישט אָפּשרעקן...

— דאָ, פאַרן בית־דין של מעלה — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט מיט א פילטייטיקן שמייכל — דאָ, וועט איר איבערקומען נאָר איין איינ־ציקן מישפּט, אָבער א גערעכטן...

דער ראש בית־דין האָט זיך דערווייל שואל עצה געווען מיט זיינע געהילפן און האָט איבערגעריסן די זיצונג, ער האָט זי אָפּגעלייגט אויף מאָרגן.

ביים ארויסגיין, זאָגט מיר מאַנידעס:

— איר האָט אייך צעהיצט, חבר זעליקאָוויטש. איר האָט זיך נאָך נישט אויסגעלערנט, אז דאָס מויל שלאָגט די מחילה?!... וואַרט, וועל איך אייך עפּעס ווייזן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט ביז סע וועט ארויסקומען יענער וואָס האָט געשטעלט די טענדענציעזע פראַגע כדי ארויסצופּרעסן פונעם געמישפּטן דיאַמאַנט, אז זיין פאָטער איז געווען א שוחט.

— חבר לעבאָוויטש — זאָגט צו אים מאַנידעס — האָט נישט קיין פּאַראַיבל. אוודאי האָט איר דאָס רעכט (וואָס זאָג איך דאָס רעכט? איר האָט אויך דעם חוב!) צו שטעלן פראַגן דעם געמישפּטן כדי אים „ארויס־צוהעלפן“, אז ער זאָל אליין איינזען זיינע חטאים, אָבער זאָגט נאָר, איך בעט אייך, פאַר וואָס האָט איר דאָס דווקא געדאַרפט פרעגן, ווען סע זענען געווען דאָרט אין זאַל אזוי פיל נשמות, פאַר וואָס האָט דווקא איר גע־שטעלט די דאָזיקע פראַגע?

— איך האָב אים געוואָלט ארויסהעלפן — האָט לעבאָוויטש ארויס־געשטאַמלט — ווייל נאָר אזוי האָט דאָך א זינען דער גאַנצער מישפּט, ווען דער אָנגעקלאָגטער זעט אליין איין זיינע חטאים...

— איר האָט מיך נישט פאַרשטאַנען — זאָגט ווייטער צו אים מאַני־דעס — האָט נישט קיין פּאַראַיבל, וואָס איך דערקוטשע אייך, איך האָב דאָך געהאַט דעם איינדרוק, אז איר האָט שוין געוואוסט, אז דעם געמיש־פּטנס פאָטער איז געווען א שוחט, דאָס האָט זיך דאָך ארויסגעוויזן פאַר אייער צושטיין, אז ער אליין זאָל דאָס ארויפברענגען אויף זיינע ליפּן. איז צו וואָס האָט איר, דווקא איר געדאַרפט שטעלן אָט די פראַגע, די אומ־גינציקע, פאַרן געמישפּטן?!

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — האָט שוין דאָס מאָל געזאָגט לעבאָוויטש גאַנץ אָפן — מיך האָט אונטערגעשטעלט דער קטיגור, אז איך זאָל שטעלן אָט די פראַגע... ער האָט מיר אונטערגעזאָגט, אז דווקא איך, ווייל איך בין א ייד, און דער געמישפּטער איז א ייד, וואָלט גוט געווען אז איך זאָל שטעלן די פראַגע... איר פאַרשטייט נישט? אז מע זאָל נישט זאָגן, אז עמעצער האָט עפּעס מיט אים וועגן זיין אָפּשטאַם...

— איך דאנק אייך, וואָס איר זענט אויפריכטיק — האָט מאַנידעס געזאָגט מיט אַן איראָנישן שמייכל, אָבער מיט גרינגשאַצונג, גלייך ער וואָלט אים געווען געשפּיגן אין פּנים...

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר:

— זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, אַט דאָס געהער צום קאַפּיטל, אַז יעדער דאַרף אויסקערן דאָס „מיסט״ פאַר זיין אייגן הויז...

— איך האָב נישט פאַרשטאַנען — זאָג איך צו מאַנידעסן — צו וואָס האָט געטויגט די גאַנצע מעשה מיט זיין פאָטערס שוחטעריי? דאָס קאָן דען האָבן אַן איינפלוס אויפן מישפּט? וואָס קאָן דאָס דען וועגן אויף דער וואָגשאָל, ווען מע ווייס דאָך דאָס נישט צוזעכענען נישט צו די מצוות און נישט צו די עבירות... אדרבה, סע וואָלט דאָך געווען מער לאָגיש, אַז ווען א נשמה האָט א וואָס מער זינדיקן פאָטער, אַלץ מער זאָלן וועגן אויף דער וואָגשאָל זיינע מעשים־טובים, ווייל מע קאָן דאָך זאָגן: „זעט איר, טראָץ דעם וואָס ער האָט געהאַט א פאָטער א „רשע״, דאָך איז ער נישט געגאַנגען אין זיינע דרכים, נאָר געטון, אויב נישט גאָר פיל, איז ווי ווייניק זיי זאָלן נישט זיין די מצוות זיינע, דאַרפן זיי דאָך גענומען ווערן אין אַכט מער ווי ביי אייגעם, וואָס זיין פאָטער איז געווען א צדיק?!״...

— אפשר איז אייער מיינונג טאַקע א לאָגישע, אָבער דער בית־דין האָט זיך זיין שולחן־ערוך, און ער פירט זיך נאָך זיינע געזעצן נישט נאָך אייער לאָגיק, און דער פּראָקוראָר, ער האָט אויך זיינע געזעצן פון דער פּראָצעדור, לויט וועלכע ער פירט דעם סדר פונעם מישפּט... אמת, דער אָפּשטאַם פונעם געמישפּטן איז נישט די הויפּט־זאַך, אָבער משפּיע זיין דעם דין, זעט איר חבר זעליקאָוויטש, אַט דאָס קאָן געשען אויך דאָ, אויפן עולם־האמת.

— מיט וואָס קאָן עס משפּיע זיין — וואונדער איך זיך — אַז דאָס ווערט נישט צוגעלייגט צו דער וואָגשאָל, נישט צו די מצוות און נישט צו די עבירות?

— איר האָט א טעות — זאָגט מאַנידעס — אויף דער וואָגשאָל, דאָס הייסט דירעקט, וועגט דאָס טאַקע נישט, אָבער אומדירעקט וועגט דאָס דווקא יאָ. קודם איז עס א מיטל אויף אָפּצושרעקן דעם געמישפּטן, אַז ער זאָל זיך פילן אַז ער איז נישט מער ווי א זינדיקער בשר־ודם, און וואָס מע זאָגט וועגן אים זאָל ער אָננעמען באהבה, ווייל אויב ער וועט זיך אָנצינדן, למשל, ווי איר האָט עס געטון היינט, וועט זיין גורל זיין

נאָך ערגער... און והשנית, ווייסט איר דאָך, אז עס איז נישטאָ קיין נשמה וואָס זאָל זיין מיט לויטער עבירות, פונקט אזוי ווי עס איז נישטאָ קיין נשמה מיט לויטער מצוות, ביי דעם גרעסטן צדיק אפילו, אויב מע זוכט א ביסל, קאָן מען טרעפן פון נישט קיין קליינער פראַ־פּאָרץ (אדרבה, דאָרט קאָן מען טרעפן נאָך פון גאָר גרעסערער פראָפּאָרץ, נאָר, אמת, זיי זענען נישט אזוי פיל אין דער צאָל, אָבער זיי ווערן נישט אזוי אַרויסגעשטעלט אין דער וויטרינע, ווי ביי א פשוטער זינדי־קער נשמה!). זעט איר, אין אזא פאל איז דאָך נויטיק אז דער מישפט זאָל געוואויגן ווערן נישט נאָר מיטן שכל, נאָר אויך א ביסל מיטן הארץ. און אויב מע וויל ארויסקראצן ביים בית־דין א ביסל הארץ, דאָס הייסט אז זיי זאָלן האָבן איינזעעניש אויף די אומשטאנדן און די סיבות וואָס האָבן גורם געווען אז די נשמה זאָל האָבן באגאנגען די דאָזיקע עבירה, זעט איר, אָט דעמאָלט קומט אין באטראכט אויך די האלטונג פון דעם געמישפטן: לאָזט ער זיך ווי א לעמל, און נעמט אלץ אָן באהבה, ער פארטיידיקט זיך נישט גענוג (ווען ער פרואווט זיך פארטיידיקן צו פיל איז נאָך ערגער!), דעמאָלט קאָנען אים נישט ארויסהעלפן אויך נישט די בעסטע ריכטער... דער קטיגור ווייסט דאָך דאָס אלעס, איז עס זיין ארבעט, אז ער זאָל אָפּשרעקן די נשמה שוין ביים אָנהייב פונעם פראָצעס, אז דער נשמה זאָל פארפאלן ווערן סיי וועלכער מוט פון צו עפענען דאָס מויל. אָט צוליב דעם איז נויטיק געווען אונטערצושטרייכן אז דער פאָטער פון דעם אומבאהאָלפענעם דיאמאנט, איז געווען א שוחט. צו גריבלען זיך אויב יענעמס ארבעט איז געווען ניצלעך דער געזעלשאפט, אויב ער האָט דורך זיין ארבעט געטון שלעכטס פאר דער געזעלשאפט (שלעכטס איז עס געוויס געווען, לויט דער מיינונג פונעם פראָקוראָר, נאָר ער האָט נאָך נישט באשטימט די גרייס פון אָט דעם חטא!), און אָט אזוי דערזעט זיך אזא מין שלימזלדיקער דיאמאנט איבערגעשראָקן, אז ער זאָל קוים עפענען דאָס מויל...

— פאר וואָס מיינט איר אז דער געמישפטער דיאמאנט, איז אזא מין זינדיקע נשמה? — פרעג איך מאָנידעסן — איך זע נישט אז ער זאָל האָבן אויפגעטאָן אין זיין ערדישן לעבן קיין גרויסע העלדישקייטן. אדרבה, איך וואָלט אים אייגגעטיילט צווישן די מיטלגאטונג־מענטשן. ער האָט נישט געטון נישט קיין גאָר גרויסע מצוות, אָבער אויף קיין פאל האָט ער נישט געטאָן אויך קיין גאָר גרויסע עבירות?!

— דאָ גייט עס דאָך נישט אין דעם — זאָגט מאָנידעס מיט א שמייכל — דער מישפּט האָט זיך דאָך נאָר וואָס אָנגעהויבן. עס איז אמת, אויך איך בין ביי אייער מיינונג, אָבער דאָ רעכנט מען זיך דאָך נישט מיט אונדזער מיינונג. דאָ רעכנט מען זיך צו אלעם ערשט מיט דער מיינונג פונעם קטיגור, און דערנאָך קומט די מיינונג פונעם בית-דין, און דאָס וועט זיך ערשט אויסקריסטאליזירן צום סוף, נאָך דעם ווי מע וועט אויסהערן די טענות זיינע און אויך פון די פּראָ און קאָנטרא עדות... דער אומגליק זיינער איז אָבער וואָס דער געמישפּטער, אין דעם פאַל הייסט ער דיאמאנט, פילט זיך שוין שולדיק איצט, ווען דער מישפּט האָט זיך כמעט נאָך נישט גוט אָנגעהויבן. מע האָט אים נאָך גאָרנישט געפרעגט וועגן זיינע מעשים, מע האלט ערשט ביי דעם אָנהויב פון דער פּראָצעדור, ווען מע פרעגט אים אויס אויף זיין אידענטיטעט, און זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, ער פילט זיך שוין ווי א פאראורטיילטער. קוים וואָס ער עפנט דאָס מויל. ביי אים אין די אויגן, אין זיינע אייגענע אויגן, איז ער שוין דער זינדיקסטער אויף דער וועלט. און אויב ער אליין האלט זיך אזוי ענייוות־דיק פארלוירן, וואָס קאָן ער זיך שוין דערווארטן מצד דעם פּראָקוראָר, און אויך אפילו פונעם בית־דין, אויך ווען דער בית־דין געפינט זיך אויפן עולם־האמת?!...

א ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן ווייל אז ער, מאָנידעס שטעלט אזוי די פראגע, וואָס קאָן איך נאָך אן אומדערפארענער אים אויף איר ענטפערן?

האָב איך דאָך ארויסגעזאָגט מיין מיינונג:

— איך פארשטיי נאָר נישט איין זאך: ווּעמען טויג דאָס אלץ? צוליב וואָס טויג די גאנצע אינסצענירונג פון מישפּטן און אזוי ארום צעדרויבלען נשמות. וואָס האָבן זייער גאנץ לעבן געהאָפּט אז כאָטש דאָ, אויפן עולם־האמת, וועלן זיי געפינען גערעכטיקייט, אז כאָטש דאָ, ווען זיי ווערן געמישפּט פארן כסא־הכבוד גופא, כאָטש דאָ וועט מען נישט ארויסווייזן קיין טענדענציעז רישעות, ווען מע וועט איבערקוקן זייערע מעשים — און וואָס לאָזט זיך אויס פון אָט דעם אלעמען? די אלע נשמות דערזעען זיך ווידער א מאָל, יאָ, ווידער א מאָל, ווייל געמישפּט האָט מען דאָך פיל פון זיי שוין נישט איין מאָל, איז פאר וואָס דארפן זיי זיך ווידער א מאָל שטעלן פאר אזא מישפּט, וואָס זוכט ווי מיט ליכט, זיי צו איבערצייגן אז אלץ וואָס זיי האָבן געטון אָדער נישט געטון, איז נישט געטון גוט לויטן שולחן־ערוך?! ווּעמען ניצט עס?... איר ווייסט,

חבר מאַנידעס, סע זעט מיר אויס ווי איינער, אַ סאַדיקער, וואָלט געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן, ווען ער זעט דערוואַקסענע מענטשן איבערגע־בויגן איבערן בענקעלע, מיט די אַראָפּגעלאָזטע הויזן און די מלאכי־חבלה שמייסן אים איבער דער נאַקעטער מחילה מיט ריטער נאָר בלויז צו פאַר־שאַפן סאַדיסטישע הנאה...

— נו, צינדט אייך ווייניקער אָן — לאַכט פון מיר מאַנידעס מיט זיין שטעל פון אַן אויבער־חכם, וואָס נישט אַלע מאָל געפעלט עס מיר, אַפילו אויך ווען ער טוט עס אָן שום שלעכטער כוונה — דאָס איז נישט אַזוי האַרב ווי איר נעמט עס... די ריטער שמייסן טאַקע, אָבער נישט צוליב עמעצנס אַ סאַדיסטישער הנאה, דאָס איז דאָך אַלץ צוליב דעם, אַז די נשמה זאָל אָפּקומען די שטראָף און געלייטערט ווערן פון אירע זינד, און זאָל קאָנען אָנקומען גערייניקט אין גן־עדן...

איך האָב געפילט די איראָניע אין זיינע רייד. אָבער איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טון: זאָל איך אים וואַרפן אין פנים אַריין דאָס וואָרט, וואָס איז מיר געקומען אויף דער צונג: „צבועק!“, צי זאָל איך עס אים פאַרשווייגן, אפשר שפּאַסט ער נאָר אויפן חשבון פון מיין נאַאיווקייט? אָבער איך האָב דאָך נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן און אים נישט זאָגן כאָטש מיט מעסיקערע ווערטער:

— איך האָב דאָך דעם איינדרוק, אַז דאָס גאַנצע איז נישט מער ווי אַ ספּעקטאַקל, כדי אָפּצושרעקן די פּחדנישע נשמות, וואָס ציטערן ווי אַ בלעטל אין ווינט פאַר אַט דעם מאָדנעם משפּט, וואָס קאָן זיין נאָר אין אַ „דאַנטישן“ גיהנום, אָבער אויף קיין אופן נישט אויף אַן עולם־האמת...

— איר פאַרגעסט וואו איר געפינט זיך — זאָגט שוין אַ ביסל ערנסטער מאַנידעס — איר פאַרגעסט אַז איר האָט דאָ נישט צו טון מיט קיין יינגלעך, וואָס האָבן הייס בלוט, און ביי אַ ליאַדע זאַך קאָנען זיי זיך אָנצינדן... ניין, דאָ האָט מען צו טון מיט עלטערע אויסגעפּרואווטע נשמות, וואָס האָבן דאָס רוב פון זייער לעבן שוין אָפּגעלעבט, דאָ וואַרטן זיי בלויז אויפן שכר, אָדער אויף דעם עונש... איז גלייכצייטיק מיט זייער אָנגעזאַמלטער חכמה, פון אַ לענגערער דערפאַרונג פון אַן אָפּגעלעבטן לעבן, האָבן זיי אויך שוין די דערפאַרונג פון די עווענטועלע רעזולטאַטן, ווען זיי וועלן זיך אויפפירן לייכטזיניק, מיט אַ נישט־פאַרזיכטיק רע־וואָלטירן זיך (אגב, אַזוי ווי איר האָט עס נאָר וואָס געטון דאָ, ביים

משפט פון דיאמאנטן!). דאָ רעוואָלטירט זיך שוין כמעט קיינער נישט. דאָ איז מען אזוי פאַלגעוודיק, אז דער קטיגור דערלויבט זיך מיט די נשמות צו טון, וואָס זיין הארץ גלוסט. און דער בית־דין? אויך דער בית־דין איז שוין אזוי איינגעוואוינט. אויך ער גייט איין, מסכים זייענדיק מיט זיין פארשווייגן, אויפן גאנצן שפּיל. אפשר איז עס בעסער אזוי אויך פארן בית־דין, אז ער זאָל דארפן מישפּטן נשמות, וואָס זאָלן זיך צו הערן צו אים ווי שטומע, און נישט רעוואָלטירן זיך...

...איר זענט ארויס פון די כלים ווען איר האָט געוואָלט העלפן דיאמאנטן — האָט מאָנידעס פארגעזעצט נאָך א קורצער פויזע — אָבער איר האָט עס נישט געטון ווי מע באדארף עס טון דאָ, אויף דער דאָזיקער וועלט. וואָס האָט איר געמיינט, אז וואו געפינט איר זיך?! דאָ רעוואָלטירט מען זיך נישט. דאָ, אויב איר פארמאָגט דעם כוח זיך צו באַהערשן (איזהו גיבור? הכובש את יצרו. ווער איז א גיבור? דער וואָס קאָן זיך איינהאלטן!) און אונטערצושטעלן דעם פּראָקוראָר א פּיסל, אז ער זאָל זיך אליין פארשפּאָטען און אויב נישט אויף אומצופאלן, איז כאָטש אז ער זאָל זיך וואקלען... דאָס איז שוין אויך איבער און גענוג. איר אָבער, חבר זעליקאָוויטש, האָט געוואָלט מיט איין וואָרט איבערקערן דאָס גאנצע טעפּעלע „סמעטענע", איר האָט געוואָלט... אייגנטלעך, וואָס האָט איר געוואָלט? מע זאָל אים נישט מישפּטן, מע זאָל אים נישט אויספרעגן?!

— איך האָב נישט געוואָלט אז מע זאָל אים נישט מישפּטן. יאָ, מישפּטן יאָ, אָבער נישט פּייניקן. מע דארף דען פּייניקן א מענטש, נאָך איידער ער איז פאראורטיילט? — האָב איך שוין אָנגעהויבן ווידער צו שרייען.

— ווידער האָט איר זיך אָנגעצונדן — זאָגט מאָנידעס רואיק — אזוי וועט איר קיינעם נישט קענען העלפן. אדרבה, איר וועט אייך אליין קאָמפּליצירן אייער לאַגע... איר האָט געזען, אז דער פּראָקוראָר האָט טאקע שוין געשטעלט אייך די פראגע אויב מע האָט אייך געמישפּט... אָט פאר וואָס מע האָט אָפּגעלייגט דעם מישפּט, כאָטש אויף איין טאָג, כדי מע זאָל פון אייך פּטור ווערן, כאָטש אויף איין טאָג... און מארגן צי איבערמאָרגן, ווען איר וועט אפשר בעטן נאָך איין מאָל דאָס וואָרט, דעמאָלט וועט מען זיך זיבן מאָל באראָטן, צי מע זאָל אייך עס געבן... אָט וואָס איר האָט היינט אויפגעטון...

...אז איר האָט נאָך אלץ נישט פארשטאנען — זאָגט מאָנידעס ווייטער — אז מע דארף פארקערן דאָס מיסט מיט די אייגענע הענט פארן אייגענעם הויז...

— וואָס וואָלט איר געוואָלט אז איך זאָל טון?! — האָב איך זיך ווי צעשריגן — איך זאָל צוגיין צו אָט דעם אומגליקלעכן דיאמאַנט, וואָס איז דאָרט געשטאַנען פארן קטיגור, ווי איינער וואָס האָט שוין פולע הויזן, פארן בלויזן חטא, וואָס זיין פאָטער איז געווען א שוחט א קבצן, און זאָל אים אָנשפייען אין פנים: „גיי דו, אזוינער און אזוינער, וואָס האָט געוואָלט אָפּנארן דעם כסא־הכבוד דווקא דאָ, אויפן עולם־האמת, אז דיין טאַטע איז געווען א פשוטער באַאמטער ביי דער קהילה, בעת אין דער אמתן איז ער געווען א שוחט, א פארברעכער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן פארגאָסן אומשולדיק בלוט פון די עופות און צו מאָל אויך פון אומשולדיקע בהמות"?!... דאָס האָט איר געוואָלט, זאָל איך געווען טון, בעת איך האָב געזען, ווען מע האָט ממש פארגאָסן דאָס בלוט, יאָ, לעת־עתה נאָך דאָס אומשולדיקע בלוט, פון אָט דער אומגליקלעכער נשמה וואָס רופט זיך דיאמאַנט?!... און צוליב וואָס, זאָגט חבר מאָנידעס, צוליב וואָס זאָל איך עס געווען טון?!

— צוליב דעם — האָט מאָנידעס רואיק געזאָגט, גלייך ער וואָלט נישט געענטפערט אויף מיין אויפרעגונג, נאָר אויף א געמיטלעכן שמועס, גלייך מיר וואָלטן גערעדט וועגן פּאָעזיע — אז ביי אייער אייגענעם מישפּט זאָל מען אייך נישט באַשולדיקן אין א „שאָוויניסטישער" האַל־טונג, אז איר פארזעט די חטאים, וואָס זענען געווען האַרבע נאָר בלויז וועגן דעם, וואָס אָט דער דיאמאַנט איז א ייד... א שוחטס א זינדל.

אָט דער ענטפער, האָט מיך נאָך מער ארויסגעבראַכט פון די כלים. אָבער איך האָב זיך מיט אלע כוחות באַהערשט, אז איך זאָל ווייטער נישט איינטענהן מיט אים, ווייל איך האָב שוין באמת נישט געוואוסט: טרייבט ער קאַטאָוועס, צי מיינט ער עס אויף אן ערנסט? ווייל אלע זיינע רייד האָט מען דאָך געקאָנט פארשטיין אויף צוויי אופנים. איך האָב זיי געקאָנט אָננעמען ווי מאָטיוון, וואָס דארפן מיך דערוועקן צו דער רעאַ־ליטעט, וואָס הגם איך בין מיט זיי נישט מסכים, דארף איך דאָך זיך רע־כענען מיט זיי, און מיר צוימען דאָס געמיט און פארשווייגן, אָדער גאָר באַניצן זיך מיט אן אנדערער טאַקטיק, א מער דיפּלאָמאַטישער מיט וויי־ניקער ארויסזאָגן די אמתן, וואָס איך האָב געמיינט אז זיי זענען הייי־ליקע, בפרט דאָ, אויפן עולם־האמת... אָבער גלייכצייטיק האָב איך גע־

קאַנט נעמען זיינע רייד, פשוט, אז ער וויל מיך אויפרייצן, כדי צו דער־
פירן ביזן אבסורד אונדזער געשפרעך, און אזוי ארום מיר געבן צו פאַר־
שטיין, אז סיי ווי סיי איז מיין טאקטיק נישט די ריכטיקע... בכל־אופן,
האָב איך פארשטאנען אז איך מוז איצט דעם שמועס אונטערברעכן,
ווייל צו קיין טאָלק וועל איך איצט מיט אים נישט דערגיין...

איך האָב זיך אָפּגעזעגנט פון אים און מיר געגאנגען אין מיין קבר
אריין... סע זענען פאראן מאַמענטן אויך אויף דעם עולם־האמת, ווען דו
ווילסט נישט זען קיינעם, נישט קיין מלאכים, נישט קיין מלאכי־חבלה. דו
ווילסט זיך אויסשטרעקן אין דיין דלת־אמותדיקן קבר און רוען, נישט
געשטערט פון קיינעם.

איצט האָב איך געהאט אָט דאָס דאָזיקע געפיל.

אויפן וועג אָבער, האָב איך זיך באגעגנט מיטן חבר שטערן, אָט
יענער מיטן מגן־דוד אויף דער ברוסט, וועלכן איך האָב שוין כמעט ווי
פארגעסן. ער האָט געוואָלט, ווייזט אויס, אָנקניפּן מיט מיר א שמועס,
אָבער איך האָב זיך אנטשולדיקט, און אים צוגעזאָגט אז מיר וועלן רעדן
ביי דער קומענדיקער געלעגנהייט. איצט פיל איך זיך א ביסל מיד. דער
קאָפּ טוט מיך וויי. איך ווייס נישט געננוי, האָב איך אים געזאָגט, נאָר
איך פיל אז איך בין נישט מיט אלעמען, ווי מע פלעג זאָגן אמאָל...

— דאָס איז נערוואָזיטעט אסטעניע — האָט ער געשטעלט די
באוואוסטע דיאגנאָסטיק — איר קענט עס נאָך נישט. איר זענט נאָך דאָ
א גרינער. מיט דער צייט, וועט איר זיך צוגעוויינען... וועלן מיר זיך
טרעפן אן אנדערט מאָל.

איך בין מיר געגאנגען צו מיין אָפּרו, אָבער דעם אמת געזאָגט,
האָב איך נישט געקאָנט רוען אויך דאָ נישט, אין מיין קבר. סע האָט
זיך מיר אָנגעהויבן אויסדאכטן, אז איך ליג אין א פרעמד בעט, און אָט־
אָט וועט קומען דער באלעבאָס און וועט מיך פשוט ארויסטרייבן...

אין קבר בין איך געלעגן, אָבער איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּ־
רוען. דער מוח האָט געארבעט ווייטער, גלייך זיך וואָלט געוועז פאַר־
געזעצט מיין שמועס מיט מאָנידעסן. הגם איך האָב אים נישט געהאט
פאר מיר. ער האָט מיך נישט געהערט און נישט געקענט מיינע איצטיקע
געדאנקען, און איך האָב נישט געהערט זיינע אויפרעגנדיקע איראָנישע
ענטפערן. דאָך איז עס געווען א מאָנאָלאָגישער דיאלאָג מיט אים, מיט

מאָנידעסן. איז ער דאָך געווען דער איינציקער שכן מיינער, מיט וועלכן איך האָב זיך איינפארשטאַנען, אויך אין די חילוקי־דעות אונדזערע... ער האָט מיר געפעלן, ווייל איך האָב געזען, אַז אַלץ וואָס ער זאָגט איז אמת. אויך ווען ער איז נישט גערעכט, האָט ער אויך רעכט. אויך דעמאָלט ווען ער זאָגט אַן אבסורד, אויך דעמאָלט איז ער גערעכט, ווייל דאָס וואָס ער זאָגט האָט דעם טאָן פון אַן אקסיאָמע, נישט ווייל עס איז אַזוי, נאָר בלויז דערפאַר, ווייל ער איז דערגאַנגען צו יענער חכמה, אַז עס מוז אַזוי זיין... סע לאָזט זיך נישט זיין קיין חכם... איך האָב אָנ־געהויבן פארשטיין, אַז מיט דער צייט וועל איך אויך מוזן דערגיין צו אָט דעם מין פאַטאַליזם, אַז מע מוז זיך צופאַסן צו די אמתן, וואָס זענען און האָבן גאַנגבאַרקייט און ווערן אָנגענומען פאַר אמתן, הגם זיי זענען נישט קיין אמת אין דער ווירקלעכקייט... צו וואָס זשע טויג אַזאַ מין אמת? צו וואָס טויג אַזאַ מין לעבנס־חכמה? יאָ, זי איז מסתמא נוציק און ניציק. אָן איר קאָן מען דאָך נישט זיין, קאָן מען דאָך נישט עקזיס־טירן, אויך דאָ נישט, אויף דער דאָזיקער הימלישער וועלט... וואָלט איך געוווּען געוואוסט, אָדער אָנגעהויבן צו פארשטיין אָט דעם עלעמענטאַרן נישט־אמתדיקן אמת, נאָך דעמאָלט, אויף יענער ערדישער וועלט, וואָלט איך אפשר גאָר אַנדערש געלעבט, און וואָלט געהאַט ווייניקער מורא צו האָבן פאַר מיין קומענדיקן מישפט...

איצט איז שוין אַ ביסל צו שפעט. אָבער כדי צו האָבן אַ ביסל נייטיקע רו אויך דאָ, אין מיין קבר, דאַרף איך אויך דאָ האָבן כאָטש אַ קלאָרן געדאַנק. איך דאַרף וויסן, אויף וועלכער וועלט איך געפין זיך, און דערפאַר מוז איך אָנערקענען, אפילו ווען איך וויל נישט, אַז מאָני־דעס האָט געהאַט אויף מיר אַ גוטע השפעה. איך דאַרף עס פאַרדאַנקען מיהאַי מאָנידעסן, וועלכער האָט אַ מין מעטאָד, מיט זיינע איראָנישע תירוצים אויף מיינע פראַגן (איך בין זיכער אַז ער האַלט זיי פאַר נאַאיו־ווע!), מיט זיין אָנגעזאַמלטער חכמה, האָט ער מיר אויך אָנגעהויבן עפע־נען מיינע אויגן...

# דאָס רעטעניש מאָנידעס...

ליגנדיק אין קבר, האָב איך מיר געטראַכט, נישט אזוי וועגן דעם
ענין דיאמאנט, וואָס איז געווען ווינציקער וויכטיק פאר מיר (ער האָט דאָך
געקאָנט זיין פאר מיר נישט מערער ווי א פארגייענדיקער עפּיזאָד, איי־
נער צווישן די אזוי פיל, וואָס דער מענטש לעבט איבער!). פאר מיר
איז מער געווען ווי א רעטעניש אָט די נשמה וואָס טראָגט דאָ דעם נאָ־
מען מיהאי מאָנידעס: ער באשטייט פון לויטער קאָנטראַסטן. ווי אזוי זאָל
איך אים פארשטיין? אָט דערשיינט ער פאר מיינע אויגן ווי אן אפּיקורס,
אן עכטער, ווי ער וויל זיך אויסדריקן, איינער וואָס האָט געלערנט יסור־
דותדיק די סודות פון דער אמונה, כדי ער זאָל קאָנען ווערן אן איבער־
צייגטער אטעאיסט... און באלד דערשיינט ער פאר מיר ווי דער גלויי־
ביקסטער פון צווישן די גלויביקע. אָט לייקנט ער אָפּ [אפילו די עקזיס־
טענץ פון יענער ערדישער וועלט, וועלכע איז לויט זיין מיינונג נאָר
דער רעזולטאט פון אונדזער פאנטאזיע, אָבער באמת האָט זי קיין מאָל
נישט עקזיסטירט. די גאנצע מעשה מיט יענער וועלט, זאָגט ער, איז נאָר
אָפּיום פאר דעם אומגעלערנטן המון, וועמען מע דארף שפּייזן אָדער ער
אליין שפּייזט זיך מיט אילוזיעס... און אָט פארטיידיקט ער אָט יענע
וועלט, גלייך ער גופא וואָלט זי איבערגעלעבט און דאָרט אָנגעשעפּט אזוי
פיל חכמה, מיט וועלכער ער איז טאקע פול, אז סע גיסט זיך אזש
איבער פון אים אויך צו מיר... ווי אזוי זאָל איך אים פארשטיין?... אָט
דערשיינט ער פאר מיר ווי א מענטש, סתם א מענטש אָן וועלכער נאַ־
ציאָנאליטעט, און טאקע פאר דעם איז ער באערדיקט אויף א צווינטער,
כדי זיך נישט אויסצוטיילן פון די איבעריקע חברים — און אָט איז ער
אזא הייסער שונא פונעם „פארקערן דאָס מיסט פאר דער אייגענער
שטוב"... ער איז א מין פארפלאָנטערטער אָט דער מענטש אז עס איז
שווער זיך אויסצוקלויבן אין זיינע געדאנקען...

טראכט איך מיר, ליגנדיק אין מיין קבר: ווי אזוי האָט זיך גע־
קאָנט אויך דער בית־דין של מעלה אויסקלויבן אין אזא פלאָנטער?

דאָס האָט מיך נייגעריק געמאכט, אז איך זאָל אים נישט לאָזן
אָפּלייגן אָט דעם שמועס אונדזערן, וואָס מיר האָבן שוין נישט איין מאָל
אָנגעהויבן און נישט דערפירט ביזן סוף. אלץ האָט זיך עפּעס געטראָפן

און מיר האָבן אָפּגעווייכט אויף א זייטיק סטעזשקעלע און פארקראָכן אין דער וועלט אריין, נאָר נישט צו זיין מישפּט... ניין, איצט וועל איך זיך נישט לאָזן פארפירן. איצט מוז איך דערגיין דעם אמת זיינעם. איך מוז געוואויר ווערן אָט דעם פּרט הגם לויט ווי איך מיין, איז עס נישט דער הויפּט־פּונקט געווען אין זיין מישפּט, אָבער אז עס איז געווען איינער פון די הויפּט־פּונקטן, פון די הויפּט־פּראָבלעמען פון זיין מישפּט, דאָס בין איך מער ווי זיכער...

איז ביי דער ערשטער באגעגעניש אונדזערער (פאר וואָס האָבן מיר זיך אזוי אָפּט באגעגנט, כּערער ווי מיט אנדערע נשמות? פּשוט, ווייל ביידע זענען מיר דאָך דאָ, אויף דעם בית־עולם געווען ווי ווייסע קראָען: צווישן די נשמות פון נישט־יידן, האָט מען געקוקט אויף אונדז מיט קרומע אויגן וואָס מיר, ווי יידן, האָבן דאָ פארבלאָנדזשעט אויף זייער רו־אָרט... און צווישן די יידישע נשמות זענען מיר דאָך אויך געווען די ווייסע קראָען, ווייל מיר זענען נישט געווען אָנגעטון אין קיין תּכריכים!... סע זענען דאָך געווען נישט ווייניק נשׂנות, וואָס האָבן אונדז נישט געקענט, נישט אונדזער פארגאַנגענהייט, נישט אונדזער טעטיקייט, איז האָבן זיי אונדז נישט געקאָנט פארשטיין, אָדער זיי האָבן אונדז אפילו שלעכט פארשטאנען און אונדז אויך פאראורטיילט: וואָס האָבן מיר צו זוכן אויף א צווינטער?!... פאר טייל פון זיי זענען מיר געווען שוין פון לאנג באַטראכט ווי אן „אויסגעטרוקנט צווייגל אויפן יידישן בוים“, בפרט מאָנידעס, וואָס האָט געהאט א נישט־יידישע פרוי... אָט פאר וואָס מע האָט אונדז געזען אָפּט, ווי נישט צעטיילטע פריינד, אויך דעמאָלט ווען מיר האָבן געהאט חילוקי־דעות!), ביי דער ערשטער געלעגנהייט וואָס מיר האָבן זיך ווידער באגעגנט, האָב איך שוין נישט דערלאָזט, אז דער שמועס אונדזערער זאָל אָפּווייכן לינקס אָדער רעכטס. איך בין געגאנגען גראָד צום ציל, און אים געמאָנט, אז ער זאָל דאָס מאָל דערציילן דעם עפּיזאָד, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט אז אויך ער האָט אים איבערגעלעבט, מיטן „מיסט“ פאר דער אייגענער טיר...

— נו, דאכט זיך אז עס איז געקומען די צייט — זאָג איך מיט א גוטמוטיקן טאָן — אז מיר זאָלן אויפקלערן אויך דאָס קאפּיטל פונעם „מיסט“, וועגן וועלכן איר האָט געזאָגט, אז איר האָט געהאט א ביסל קאָפּדולעניש ביי אייער מישפּט...

— גוט — זאָגט מאָנידעס — אויב איר זענט היינט גוט אויפּגעלייגט, איז קאָנען מיר צנהייבן.

— פאר וואָס דאַרף איך זיין גוט אויפגעלייגט? — פרעג איך אויך מיט א שמייכל, כדי נישט צו פאַרדאַרבן די שטימונג, אין וועלכער ער געפינט זיך — אדרבה, איך מיין אז איר וועט דאַך דאַרפן האָבן די גוטע שטימונג, כדי צו שילדערן זי מיט גלייכגילטיקייט, נישט איך, וואָס דאַרף זי בלויז אויסהערן...

— אזוי ווי איך קען אייך, אז איר גייט גיך ארויס פון די כלים, איז וויל איך אייך א ביסל צוגרייטן... וואָס שייך מיר, בין איך שוין סיי ווי סיי אריבער אָט די שטרויכלונג, צי ווי אזוי איך זאָל עס אָנ־רופן... פאַר מיר איז עס שוין אן עפּיזאָד פון דער פאַרגאַנגענהייט, א קאַפּיטל, וואָס איז שוין אָפּגעשלאָסן...

...נו, איז לאָמיר אָנהייבן: ויהי און עס איז געווען אין איינעם א טאָג, ווען אונדזער אן אויסשפּיר־איינהייט האָט גענומען געפאַנגען דריי „צונגען“, און צונגען דאַרפן רעדן, פאַרשטייט זיך, און צום רעדן דאַרף מען א דאָלמעטשער, אזוי ווי דער קאָמאַנדאַנט אונדזערער האָט געוואָלט תיכף געוואויר ווערן עפּעס וועגן דעם מצב פונעם שונא, וואָס איז געווען פּנים אל פּנים מיט אונדז, האָט ער נישט געוואָלט וואַרטן ביז מע וועט שיקן די דריי צונגען צום שטאַב, נאָר געוואָלט מאַכן א קורצן פאַרהער, טאַקע ער אליין... איז אזוי בין איך גערופן געוואָרן צום קאָמאַנדאַנט און דאָרטן געפונען די דריי „דייטשן“, וואָס זענען געשטאַנען איבערגע־שראָקענע, נישט וויסנדיק אויף וועלכער וועלט זיי געפינען זיך. פון די ערשטע פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב מיט זיי גערעדט... (גערעדט האָב איך גופא נישט, נאָר איבערזעצט יענע ווערטער, וואָס דער קאָמאַנדאַנט האָט מיט זיי גערעדט!), בין איך געוואויר געוואָרן אז פון אָט די דריי איז איינער א דייטש, ממש א דייטשער היטלעריסט; דער צווייטער אין א טאָטער, דאָס הייסט אז ער איז געווען א זעלנער אין אונדזער אייגע־נער ארמיי, דערנאָך איז ער געפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט, דאָרט איז ער איבערגעקומען ווי אלע אנדערע געפאַנגענע זענען איבערגעקומען, אָבער ער איז נישט אויסגעשטאַנען דעם ניסיון און האָט זיך געפּרוּווט אָפּראַטעווען דאָס לעבן, מעלדנדיק זיך פרייוויליק טאַקע קעגן אונדז גופא... נו, א טאָטער קאָן זיך נישט אויסבאַהאַלטן, ווייל זיין נאָז, זיין אויסזע און בפרט זיין לשון, האָט אים תיכף פאַרראָטן, אזוי אז איך האָב תיכף זיך אָפּגעגעבן חשבון מיט וועמען איך האָב צו טון... מיטן דריטן איז געווען א ביסל שווערער די מעשה, אָבער אויך דאָ איז עס געווען

נישט אין דער אָרדענונג... דאָס דייטשע לשון האָט ער ערגער געקענט פון מיר, דאָס אונדזעריקע ווידער האָט ער בעסער גערעדט פון מיר, איז וואָס פאַר א דייטש קאָן דאָס שוין זיין?! הכלל... באלד איז עס מיר קלאָר געוואָרן, אז זיין נאָמען איז גנעסין. וואָס איז נישט פרעמד אין דער נייער יידישער געשיכטע... ער האָט באלד מודה געווען אז ער איז טאקע א ייד. ער איז אוועק אויפן פראָנט ווי א פרייוויליקער, ווען ער האָט נאָך נישט געהאט קיין פולע זעכצן יאָר... זייענדיק אין דער יוגנט־באוועגונג האָט ער געזאָגט א ליגן, אז ער איז עלטער כדי מע זאָל אים אָננעמען אין דער ארמיי און אזוי איז ער אוועק אויפן פראָנט און שוין אין איין וואָך ארום איז ער געוואָרן ארומגערינגלט, צוזאמען מיט דער איינהייט אין וועלכער ער איז געווען איינקאדרירט אין גרויס איילעניש, אָן דעם אז ער זאָל האָבן געמאכט כאָטש די מינדסטע מיליטערישע אינ־סטרוקציע... אין געפאנגענשאפט, פארשטייט זיך, האָט ער געדארפט אויס־באהאלטן זיין יידישע צוגעהעריקייט, ווען נישט וואָלט מען דאָך אים תיכף דערשאָסן (לאָמיך מודה זיין, אז איך האָב באדויערט וואָס די דייטשן האָבן אים טאקע דעמאָלט נישט דערשאָסן, ווי זיי פלעגן שיסן סיי וועלכן ייד, וואָס איז אריינגעפאלן צו זיי אין געפאנגענשאפט!), אזוי איז ער אָפּגעקומען מיטן רעזשים וואָס וואָלט אים געוויס געפירט צו א פאמעלעכן טויט... אזוי איז אדורך א יאָר, ביז אין א טאָג האָט מען מודיע געווען אין געפענקעניש־לאגער, אז ווער סע וויל קעמפן פריי־וויליק קעגן די אליאירטע, דער זאָל זיך מעלדן און וועט תיכף ארויס פון געפענקעניש און וועט באטראכט ווערן פאר א זעלנער... א וואָך צייט האָט ער זיך געמאטערט און זיך נישט געוואוסט אן עצה צו געבן, וואָס ער זאָל טון. זאָל ער זיך מעלדן, וועט ער זיין פאררעכנט פאר א פאר־רעטער, אָבער כל זמן ער וועט לעבן, וועט ער זיך קאָנען רעהאביליטירן און אויסקויפן די זינד — זאָל ער זיך נישט מעלדן, וועט ער גאנץ זיכער ביז אין עטלעכע חדשים אויסגיין פאר הונגער און קעלט און דיפטעריע אָדער טיפוס... וועמען וועט ניצן זיין טויט?... איז האָט ער זיך געמאטערט אין זיך, ווייל מיט וועמען זיך איבערצושמועסן, זיך שואל עצה צו זיין, האָט ער נישט געהאט. אזא זאך קאָן מען דאָך נישט רעדן מיט סיי וועמען. ביז ער האָט זיך אנטשלאָסן און האָט זיך געמאָלדן, אז ער איז גרייט צו גיין אויפן פראָנט צו קעמפן קעגן די אייגענע... דריי חדשים האָט מען אים אויסמושטירט, אָנגעטון אין א דייטשן מונדיר און ארויסגעשיקט אין דער ערשטער ליניע. דאָ, זאָגט ער, האָט ער נישט

אויסגעשאָסן קיין איין קויל וואָס זאָל זיין געצילט קעגן די „אייגענע", דערפאר איז זיין געוויסן „ריין". אזוי האָט ער געזאָגט, און איך האָב איבערזעצט... אמת, אז ער האָט גערעדט אָפענער פאר מיר, ווייל ער האָט דאָך געזען אז איך בין אויך א ייד, האָט ער באקומען צוטרוי, אז איך וועל אים בייהילפיק זיין, אז מע זאָל פארשטיין זיין מצב און אויך זיין האנדלונג, און מע זאָל אים געפינען א זכות...

...דער קאָמענדאנט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז ער האָט דאָ צו טון מיט א ייד, וואָס „איז אריבערגעלאָפן" (ער האָט נישט דערלאָזט די מיינונג, אז גנעסין איז געפאלן אין דייטשער געפאנגענשאפט, זייענדיק ארומגערינגלט מיט זיין גאנצער אייגהייט, פון וועלכער ער האָט זיך שפעטער פארלוירן!) צו די דייטשן כדי צו קעמפן קעגן די „אייגענע", האָט ער באלד ארויסגעזאָגט זיין פסק: בײדע, אי דעם טאָטער, אי דעם ייד וועט מען שיסן, אויפן אָרט דערשיסן, און דעם דייטש, דעם עכטן דייטש, דעם וועט ער שיקן צום שטאב, אז דאָרט זאָל מען אים אויספאָרשן, געוואויר צו ווערן אינפאָרמאציעס וואָס קענען אונדז ניצן אין די ווייטערדיקע קאמפן...

— איר האָט נישט געפרוווט אים אָפצוראטעווען? — האָב איך געפרעגט מאָנידעסן — מע האָט דאָך אים געדארפט קודם מישפטן?!

מאָנידעס האָט ווי נישט געהערט מיין פראגע, נאָר ווייטער דערציילט:

— דאָ איז געשען דער נסיון, פאר וועלכן איך בין געמישפט געוואָרן און דער בית־דין של מעלה האָט זיך אויך נישט געקאָנט אויסקלויבן... דער קאָמענדאנט האָט אויסגעקליבן צוויי אָפיצירן, וואָס זאָלן אויספירן זיין באפעל: א טאָטער און מיך... ער האָט קורץ א קאָמאנדעווע געטון: „אנו, לאָמיך זען, ווי אזוי איר וועט אוועק קערן דאָס מיסט פון אייער אייגן הויז!"...

...מיר, דער טאָטער און איך, זענען געשטאנען ווי צוויי פארשטיינערטע לעגענדארע גולמעס. מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס מיר דארפן טון אָדער כאָטש זאָגן... דער קאָמענדאנט האָט דערנאָך איבערגעחזרט: „וואָס גלאָצט איר? איר האָט נישט פארשטאנען אז איך קאָן נישט שטעלן קיין אנדערע, וואָס זאָלן אויספירן אָט דעם באפעל, אז מע זאָל זיי נישט חושד זיין אין שאָוויניזם, ראסיזם און דער רוח ווייסט אין וואָס... אזוי אז איר וועט אָפרייניקן דאָס אייגענע פאררעטערישע מיסט!"... איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, חבר זעליקאָוויטש, איך בין

געווען איבערצייגט אז איך האָב פאַר מיר א פאַררעטער, וואָס האָט אויפגעהויבן א האנט קעגן די אייגענע, אָבער מיר איז עס נישט לייכט אָנגעקומען, ווייל געמישפּט האָט מען דאָך זיי נישט (דער קאָמענדאַנט האָט געזאָגט, אז ער האָט איצט נישט קיין צייט פאַר אַזעלכע קליינביר־גערלעכע נאַרישקייטן!), איז ווי אזוי וועל איך אויפהויבן א האנט מיט געווער קעגן א נאַריש יינגל, וואָס ווייסט נישט וואָס ער טוט?... קודם איז ער געגאַנגען פרייוויליק קעגן די היטלעריסטן — דערנאָך איז ער געגאַנגען פרייוויליק טאַקע קעגן אונדז, און די רייען און וועלכע זיין אייגענער פאָטער איז נישט קיין קליינער אָפיציר... יאָ, אזוי האָב איך זיך געשלאָגן מיט דער דעה, אָבער איך האָב אָנגעהויבן אָנלאָדן מיין רעוואָלווער. אמת, מיין האנט האָט געציטערט, אָבער איך האָב פּאַמעלעך אָנגעלאָדן דעם רעוואָלווער קויל נאָך קויל... אזוי האָב איך געטון... דער טאַטערישער אָפיציר אָבער, איז ווייזט אויס געווען א ביסל „העכער“ מיט א קאָפּ פון מיר... ער האָט געמאַכט דריי טריט פאַרויס, און האָט געמאָלדן: „חבר קאָמענדאַנט, איך קעמף שוין צוויי יאָר אין אָט דער הייליקער מלחמה, איך האָב שוין עטלעכע מעדאַלן, וואָס איר האָט זיי מיר אָנגעהאָנגען אויף מיין ברוסט — אָבער אָן אייגענעם ברודער, דווקא ווייל ער איז א טאָטער צוגלייך מיט מיר, זאָל איך אים דערשיסן אָן א משפּט?! בעסער שיסט אין מיר!“...

ווען מאַנידעס איז אָנגעקומען אהער, האָט ער מער קיין וואָרט נישט ארויסגערעדט. גלייך סע וואָלט ביי אים אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון... אויף וואָס וואַרט ער, איך זאָל אים שטעלן פראַגן? איך האָב נישט קיין ווערטער... איך וואַרט אז ער זאָל אַליין זיך באַרואיקן און דערציילן ווייטער...

...אָט אזוי האָט עס פּאַסירט, חבר זעליקאָוויטש...

— וואָס האָט פּאַסירט? — פרעג איך שוין, ווען איך האָב געזען אז אַליין דערציילט ער נישט ווייטער — וואָס האָט פּאַסירט?

— מע האָט מיך דערנאָך איבערגעשטעלט אין אַן אַנדערער איינהייט... פאַרשטייט זיך, אז אין מיינע פּאַפּירן איז געוואָרן פאַרשריבן אָט דער פאַל, נישט מיט אַלע פּרטים, נאָר בקיצור, אז איך האָב זיך געקווענקלט אויסצופירן א באַפעל... מע האָט נישט אָנגעשריבן אז איך

האָב נישט אויסגעפירט קיין באַפעל, נאָר בלויז אַז איך האָב אַרויסגעוויזן אַ שוואַכקייט פון קליינבירגערלעכן שאָוויניזם...

נאָך אַ קורצער פּויזע פון אַ פּיינלעכן שווייגן האָב איך קוים אַרויסגערעדט.

— וואָס איז געשען מיט יענעם גנעסין? — האָב איך איבערגעפרעגט.

...און מיט אייך, חבר מאַנידעס, מיט אייך וואָס איז געשען?

— מיך האָט מען פאַרשיקט אין אַן אַנדערן עק פראַנט... זינט דעמאָלט טאַקע הייס איך מיהאַי מאַנידעס... ביז דעמאָלט האָט מען מיך גערופן אויף מיין ריכטיקן נאָמען „מיימאַנידעס"... איך האָב אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן מיין אָפּשטאַם, איך האָב שוין נישט געוואָלט זיין קיין ייד... איך וויל אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין, נישט חלילה, ווייל עס איז מיר געווען אַ בושה צו זיין אַ ייד. ניין, דאָס איז פאַר מיר קיין מאָל נישט געווען קיין בושה. אדרבה. פאַר וואָס זשע האָב איך זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן?! ווייל עס איז מיר געוואָרן אַ בושע צו זיין „איך"...

...סע זענען פאַריבער איבער מיר צייטן און געשעענישן, אָבער דאָס האָט געלאָזט טיפע שפּורן אין מיין וועזן. איך האָב מער נישט געקאָנט קוקן מיר אַליין אין פּנים אַריין...

— איר זענט דאָך נישט באַגאַנגען קיין שום חטא נישט?! — האָב איך אים געוואָלט טרייסטן.

— וואָס הייסט איך בין נישט באַגאַנגען קיין חטא?... עס איז מיר אַ בושה פאַר מיר אַליין... אפילו צו דערציילן אייך ווייטער, ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען מיין מישפּט, אפילו דאָס האָב איך איצט שוין קיין כוח נישט... לאָמיר עס איבערלאָזן אויף מאָרגן.

— גוט, חבר מאַנידעס, לאָמיר עס איבערלאָזן אויף מאָרגן — האָב איך מסכים געווען. ווייל נישט נאָר ער, אפילו איך האָב אויך שוין נישט געהאַט קיין כוח אים אויסצוהערן ווייטער. זיין ווייטיק האָט זיך דאָך איבערגעטראָגן אויך צו מיר, אין מיין נשמה...

מיר האָבן זיך צעשייד, אָבער אין מיין מוח איז געווען אַ מין זשומען, ווי אין אַ בין־שטאָק. וואָס אַ מאָל מער האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטיין אָט דאָס רעטעניש, וואָס איז פאַר מיר געשטאַנען, און האָט געטראָגן דעם נאָמען מאַנידעס... איך האָב אים ביז איצט נישט פאַרשטאַנען, דערפאַר האָב איך אים נישט איין מאָל פאַראורטיילט, פאַר וואָס

ער רופט זיך מאַנידעס, מיט נישט קיין ריינעם יידישן נאָמען. פאַר וואָס ער איז באַערדיקט אויף א [צווינטער; פאַר וואָס ער איז אזא מין מאַדנער, פול מיט קאָנטראַסטן... איך האָב אים נישט פאַרשטאַנען און, דערפאַר אים כמעט געמישפּט מיט גרינגשאַצונג.

אין אָט דעם נייעם ליכט, בין איך מיר גופא אויסגעקומען נאָך מאַדנער: וואָס האָב איך דאָ צו זוכן אויף א צווינטער? פאַר וואָס זאָל איך דאָ זיין פאַראורטיילט אויף אייביק (דאָ איז דאָך באמת „אייביק“!) צו גיין אָנגעטון אָן תכריכים, אז אלע זאָלן אויף מיר קוקן ווי אויף א ווייסער קראָ?!...

איך האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין דעם זינען פון דעם באַגריף „אוועק קערן דאָס מיסט פאַר דער אייגענער שטוב“...

וואָס וועט זיין מיט מיין מישפּט? צו וואָס האָט עס מיר געטויגט זיך צו דערהיצן ביים מישפּט פון יענעם דיאַמאַנט, וועלכער האָט „גע־וואַגט“ צו האָבן א פאָטער וואָס איז געווען א שוחט... איינער וואָס איז נישט אזוי ניצלעך געווען פאַר דער „געזעלשאַפט“, האָט געדינט דער רעאַקציע...

# אין לאבירינט צווישן שולדיק און אומשולדיק...

נו, איז געקומען די צייט אויך געוואויר צו ווערן וועגן סענזאציאָנעלן פּראָצעס פון מאָנידעסן. איך זאָג סענזאַציאָנעלן, ווייל וויפל מאָל האָבן מיר שוין אָפּגערעדט אז ער זאָל עס דערציילן, און תמיד האָט ער עס ווי אָפּגעלייגט?!

...איך וועל אייך איצט נישט דערציילן ווי אזוי איך האָב אָנגעהויבן „לעבן" אונטער מיין נייעם נאָמען (פון מיימאָנידעס אין מיהאָמאָנידעס!) און זיך אליין געפּרואווט נארן — האָט ווייטער דערציילט מאָנידעס מיט א געבראָכענער שטימע, ווי איינער וואָס איז נאָר וואָס אויפגעשטאנען פונעם בעט נאָך א לענגערער שווערער קרענק — נישט וועגן דעם וויל איך איצט רעדן מיט אייך. מעגלעך אז אן אנדערט מאָל וועל איך אייך אויך דאָס דערציילן. איצט וועל איך אייך נאָר זאָגן וואָס עס איז פאָרגעקומען אין שייכות מיט אָט דעם עפּיזאָד אין מיין לעבן, בעת מע האָט מיך געמישפּט.

— וואָס האָט מען אייך געקאָנט מישפּטן? — זאָג איך נאָר אזוי כדי אים צו פארלייכטערן אויף דער נשמה, ווייל ער האָט אויסגעזען זייער נערבעכדיק, וואָס האָט ארויסגערופן רחמנות אין זאָט דעם מאָכענט — איר האָט דאָך גאָר קיין חטא נישט באגאנגען...

— סע ווענדט זיך — זאָגט מאָנידעס שוין אן אויפגעמונטערטער — ווי אזוי מע וויל עס אויפנעמען... איך האָב אויך אזוי געמיינט, אָבער אז איך האָב דערזען דעם דיקן דאָסאר אויפן טיש פונעם בית־דין של מעלה, איז מיר פארגאנגען אויך דער מאמעס מילך וואָס איך האָב אמאָל געזויגן... זעט איר, איך האָב געהאט אקעגן מיר נישט בלויז דעם קטיגור, וואָס איז, ווי מע זאָגט, א פּראָפעסיאָניסט, דאָס ווייסט דאָך די גאנצע וועלט, אז זיין אויפגאבע איז אָנצוקלאָגן, צו מאכן פון א פליגעלע — אן העלפאנט! דער אומגליק איז אָבער געווען וואָס איך האָב געהאט אקעגן מיר א גאנצע חברותא, וואָס האָט זיך פארלייגט אויף מיר. זיי האָבן מיך ווי צוגעדריקט צו דער וואנט... פון וואו האָבן זיך עס צונויפגענומען אזוי פיל מלאכים? (איך וואג נישט, אויך איצט נישט, נאָך אזוי פיל צייט, וואג איך נישט צו זאָגן מלאכי־חבלה, ווייל אזוי האָבן זיי מיך אנידערגעלייגט און מיך ממש געטרעטן מיט די פליגל זייערע!), ווער

האָט זיי צו וו סן געגעבן אז זיי זאָלן קומען צו מיין מישפּט? איך ווייס נישט. אָבער אז איך האָב פארלוירן דאָס לשון, דאָס מוז איך אייך מודה זיין...

— וואָס האָט מען אייך פירגעוואָרפן?

— בעסער פרעגט, חבר זעליקאָוויטש, וואָס האָט מען מיר נישט פירגעוואָרפן?! — זאָגט מאָנידעס מיט א ווייטיקדיקן שמייכל — סע זענען געקומען עדות זאָגן קעגן ביר, ווער סע האָט נאָר געוואָלט. אלע זענען זיי געווען קעגן מיר — פאר מיר, מיך צו פארטיידיקן, דאָס איז איבערגעבליבן נאָר מיר אליין... איך ווייס נישט צי איר זענט אמאָל געווען אין אזא לאגע, אז איר אייגער זאָלט זיך פעכטן מיט א המון. אייער קול ווערט קוים ארויסגעהערט פונעם גרויסן רעש, און איר צאַפּלט ווי א פיש אויף דער טרוקעניש. אלע האָבן זיי אין די הענט כלי־זיין, וואָס איז גרייט אייך אנידערצולייגן און איר שטייט אנטוואָפנט, א נאַקעטער צווישן הונגעריקע וועלף, וואָס האָט מיך אזוי אָפּגעשראָקן אז איך אליין האָב אויך שוין אָנגעהויבן צווייפלען אין מיין אומשולדיקייט...

— אין וואָס האָט מען אייך באשולדיקט? — האָב איך שוין ווי פארלוירן דאָס געדולד און נישט געקאָנט אויסהערן זיין ארייננפיר. איך האָב געוואָלט הערן דעם עצם ענין פונעם מישפּט, ווייל אייגנטלעך איז דאָס פאר מיר אינטערעסאנט. די אָפּשאצונגען, דאָס וועל איך מיר שוין אליין מאכן, צו וואָס טויגן מיר זיינע קאָמענטאַרן? אדרבה, סע קאָן גאָר מעגלעך זיין, אז אונטערן שווערן איינדרוק, פון וועלכן ער האָט זיך נאָך נישט באפרייט, זאָל ער מיר גאָרנישט איבערגעבן געטרוי, אזוי ווי סע האָט טאקע פאסירט, נאָר אזוי ווי עס דאכט זיך אים אויס...

...קודם האָט מען מיך באשולדיקט — האָט מאָנידעס פאמעלעך פאָרגעזעצט — טאקע דער פּראָקוראָר גופא, אין קליינבירגעלעכע שוואכקייטן...

— דאָס זענען אלגעמיינע באשולדיקונגען — זאָג איך אומגעדולדיק — וואָס מע קאָן יעדן איינעם פון אונדז צושרייבן...

— יאָ, דאָס האָט איר טאקע רעכט, חבר זעליקאָוויטש, טאקע דערפאר הייבט זיך עס אָן מיט דעם... דערנאָך קומט דער קטיגור ארויס מיט לשון: ווי אזוי דען קאָן מען אויסטייטשן מיין קווענקלען זיך, וואָס איך האָב זיך נישט געאיילט אויסצופירן דעם באפעל, און נישט דערשאָסן דעם „פּאררעטער" גנעסין?...

— סע האָט אים דאָך קיינער נישט פאַראורטיילט?! — שריי איך אויס אַן אויפגעבראַכטער — פאַר וואָס האָט איר זיך נישט פאַרטיידיקט?

— איך האָב זיך יאָ פאַרטיידיקט — האָט שוין מאָנידעס אָנגעהויבן צו שמייכלען — איר מיינט אַז איך האָב געשוויגן און געלאָזט מיך קוילען ווי אַן אַ מעסער? ...איך האָב געזאָגט, אַז ער איז נישט געוואָרן פאַרמישפּט, איז האָב איך נישט געקאָנט פּשוט אים אראָפּשיסן, נאָר כדי אויסצופירן אַ באַפעל פון אַן אויפגעבראַכטן קאָמענדאַנט. „איז פאַר וואָס האָט איר עס נישט געזאָגט דעם קאָמענדאַנט אייערן?" האָט מיך געפרעגט דער קטיגור. זעט איר, אויף דעם האָב איך שוין נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. וואָס זאָל איך אים געוועזן ענטפערן? אַז איך האָב נישט געקאָנט אַקעגן רעדן, כדי ער זאָל מיך נישט חושד זיין, אַז איך בין נישט גרייט אָוועקצוקערן דאָס „מיסט" פאַר מיין אייגענער שטוב?!... דער מישפּט מיינער האָט זיך אַזוי פאַרפלאָנטערט, אַז מע האָט קיין מאָל נישט געוואוסט אויף קלאָר, ווער עס איז דער באַשולדיקער און ווער דער פאַרטיידיקער, און וועלכע איז די שולד מיינע... סע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַזוי פיל חטאים, אַז סע וואָלט געסטייעט פאַר אַ מנין נשמות, נישט נאָר פאַר איינער, אַן איבערגעשראָקענער, ווי אַזוי מיין נשמה האָט דעמאָלט אויסגעזען. שטעלט אייך פאָר, אַז עס איז דערשינען ווי אַן עדות אויך דער סאָטערישער אָפיציר, וועלכער האָט געדאַרפט אַוועקקערן מיט מיר צוזאַמען אויך זיין „מיסט"... ער האָט פּשוט מיך אָנגעקלאָגט, אַז צוליב מיין פּחדנות האָט ער אויך געדאַרפט ליידן... ער האָט געהאַלטן, אַז אויב איך וואָלט אויך געווען אַ מער אַנטשלאָסענער, וואָלט דער קאָמענדאַנט תיכף צוריק געצויגן זיין באַפעל... איך האָב זיך געפּרוואווט פאַרטיידיקן, אַז דאָס אחריות דאַרף פאַלן אויפן קאָמענדאַנט. האָט ער דעמאָלט אויסגעשריגן: „אַזוי טענהן נאָר די פאַשיסטן, אַז זיי האָבן בלויז אויסגעפירט די באַפעלן. מיר זענען דאָך מענטשן פון אַ „נייעם טיפּ", מיר דאַרפן אויך אליין טראַכטן, וואָס מיר טוען, נישט נאָר דער „פירער", דעריבער האָבן מיר דאָס אחריות אויף אונדזערע אייגענע מעשים, סיי מיר האָבן באַקומען אָדער נישט אַזעלכע מין באַפעלן"...

— וואָס האָט געזאָגט דער פּראָקוראָר? — האָב איך אים איבערגעפרעגט — אָט די באַשולדיקונג איז דאָך געווען דער היפּוך פון זיינער?

— איך זאָג דאָך אייך, אַז די אָנקלאָגעס האָבן זיך סותר געווען איינע די אַנדערע, אַלע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אויף מיין קאָפּ... זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, לויט דער טענה פון אָט דעם סאָטערישן חבר

מיינעם, האָב איך דאָך גוט געטון וואָס איך האָב זיך נישט געאײַלט אויס־צופירן דעם באפעל. דאָס אומגליק איז נאָר געווען, וואָס איך האָב נישט געהאנדלט גענוג אנטשלאָסן... סע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביי אָט דעם פּיינלעכן דיאלאָג — זאָגט מאָנידעס ווייטער א פארלוירענער — עס איז דערשינען די נשמה פון גנעסינען גופא. ער איז אויך געקומען מיט טענות, און אויפגעוויזן, אז ער איז בכלל נישט געווען קיין פאררע־טער... אדרבה, ער איז גאָר געווען א העלד... הערט זיך צו: ער איז אוועק א פרייוויליקער אויפן פראָנט, ווען ער איז נאָך געווען א מינדער־יעריקער. ער האָט געקאָנט זייער רואיק זיצן אין דער היים, ווי א בן־יחיד, אונטער זיין מוטערס פארטעך, אָבער ער איז אוועק אויפן פראָנט. אייגנטלעך איז ער נישט געגאנגען אויפן פראָנט, ער איז געגאנגען זיך מעלדן צום מיליטער, דאָס הייסט ז״ז קודם האָט מען אים געדארפט גע־וועז אויסשולן, כדי ער זאָל זיין ביכולת צו קעמפן... די באדינגונגען זענען אָבער אין יענעם מאָמענט געווען אזעלכע, וואָס זיי האָבן נישט געגעבן קיין צייט פאר אזעלכע „קליינע נארישקייטן״ ווי אויסמושטירן זעלנער. מע האָט אים געשיקט גלייך אין פייער אריין... וואָס זשע איז ער שולדיק געווען, אז די גאנצע איינהייט, נישט נאָר ער, א נישט־איבּ־סטרואירטער זעלנער, נאָר די גאנצע איינהייט איז ארומגעקרייזט געוואָרן און גענומען געוואָרן אין געפענקעניש, ווייל זיי זענען געבליבן אָן מוני־ציעס און אָן שפּייזן?!... וואָס האָט ער געקאָנט טון?... און דאָרט, אין געפענקעניש, דאָרט האָט ער קיין צוויי ברירות נישט געהאט, יאָ, ער האָט געהאט בלויז איין ברירה, אז ער זאָל אומקומען, גאָר אָן קיין שום נוצן נישט פאר דער מלחמה קעגן די פאשיסטן. נו, איז וועמען האָט זיך עס געלוינט? האָט ער מיט זיין מינדעריעריקן שכל פארשטאנען, אז מעלדנדיק זיך ווידער א מאָל פאר א פרייוויליקן, דאָס מאָל שוין נאָר פאָרמאַל, צוזאמען מיט די פאשיסטישע איינהייטן קעגן די אונדזעריקע, וואו ער האָט א שאנס נישט נאָר צו בלייבן א לעבעדיקער, נאָר אויך אויסצוניצן די ערשטע בעסטע געלעגנהייט אריבערצולויפן צו אונדז, און אזוי ארום צו זיין ניצלעך אי דער מלחמה אונדזערער קעגן די פאשיסטן אי דער נייער געזעלשאפט נאָך דער מלחמה... אזוי האָט ער געטענהט...

— נו, און זיין טענה האָט מען נענומען אין באטראכט? — פרעג איך א נייגעריקער — אויב אזוי קאָנען דאָך באמת א סך פאררעטער זיך אזוי פארטיידיקן, און זיך פארוואנדלען אין אָנקלאָגער, קעגן די וואָס האָבן זיי באשטראָפט?!

— ניין — זאָגט מאַנידעס — דאָס איז נישט געווען קיין פּרע־צעדענט פאַר אַנדערע „פאַררעטער“, ווייל נישט אלע זענען געווען מינ־דעריעריקע, ווען זיי זענען באַגאַנגען אזא פאַרראַט... נאָר וואָס האָב איך אייך לאנג צו ברייען? דאָ איז נישט געווען דער פאַל, אַז איך זאָל ענטפערן צי פירן א וויכוח מיט אָט דעם יונגן גנעסין, וועלכער האָט ביי מיר געמאָנט יושר... ווייסט איר פאַר וואָס? ווייל ער האָט שוין געהאט זיין פּסק־דין, אים האָט מען דאָך שוין לאנג געמישפּט און דער בית־דין של מעלה האָט אים געפונען אומשולדיק.

— אויב אזוי — זאָג איך מאַנידעסן א פאַרטראַכטער — איז דאָך די לאגע בכלל פון א הענקער נישט מקנא צו זיין... שטעלט אייך פאָר, אַז איר פירט אויס א פּסק פון א בית־דין — יאָ, פון א בית־דין, איך רעד שוין נישט פון א פשוטן באפעל פון א קאָמענדאַנט — און צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז דער הינגעריכטעטער איז גאָר געווען אומ־שולדיק... איז אַז איר ווילט אייך פאַרטיידיקן, אַז איר האָט אויסגעפירט א באַפעל, זאָגט מען אַז דאָס איז קיין טענה נישט. „דו האָסט אויך א קאָפּ, דאַרפסטו אויך טראַכטן מיט אים“... וואָס קאָן א הענקער טראַכטן, ווען דער בית־דין גופא, וואָס האָט אַלץ אויסגעפאָרשט, געהאט פאַר זיך דעם גאַנצן דאָסאַר, אויסגעהערט עדות און דאָך האָט ער ארויסגעגעבן א פאַלשן פּסק — וואָס זשע קאָן טון דער הענקער, וואָס האָט נישט אַזעלכע מעגלעכקייטן, און אויך נישט די אויפגאַבע צו מאַכן אויספאָר־שונגען?!... עס איז באמת שווער זיך אויסצוקלויבן אין אזעלכע קאָמפּליצירטע ענינים...

— זעט איר, איך האָב אייך נאָר דערמאָנט עטלעכע איינצלהייטן פון מיין מישפּט און איר האָט אייך שוין פאַרפּלאָנטערט, אַז איר ווייסט שוין נישט צו מאַכן קיין חילוק צווישן חייב און זכאי... וואָס וואָלט איר געווען געזאָגט, ווען איך זאָל אייך דערציילן אַז ביי מיין מישפּט האָבן גענומען דאָס וואָרט צענער נשמות, אַז איך בין שוין מיד געוואָרן זיי אויסהערן. איך האָב שוין אליין נישט געוואוסט, וועלכע רעדן קעגן מיר און וועלכע פאַר מיין פאַרטיידיקונג... אפשר איז דאָס געווען מיין מזל? ווייל אויך דער בית־דין האָט זיך שוין נישט געקאָנט אויסקלייבן אין מיין פאַרפּלאָנטערן ענין...

— נו, וואָס זשע איז געווען דער סוף? — האָב איך שוין גע־פרעגט א נייגעריקער.

— דער סוף? — חזרט איבער מאַנידעס מיין פראגע — דאָס איז טאקע מיין אומגליק, וואָס איך האָב נאָך עד היום נישט קיין ריינעם פסק־דין...

— וואָס הייסט — פרעג איך פארחידושט — מע האָט אָפּגע־לייגט דעם מישפּט?

— ניין, מע האָט אים נישט אָפּגעלייגט... עס איז געשען צום ערשטן מאָל, (אזוי האָט מען לכל־הפּחות מיר געזאָגט!), אז עס איז צום ערשטן מאָל דער פאל, אז דער קטיגור גופא זאָל בעטן, אז מע זאָל אים געבן צייט, אז ער זאָל רעדאגירן זיין אָנקלאגע־דרשה, דערנאָך האָט דער בית־דין אליין אויך זיך גענומען א צייט, אז זיי זאָלן קאָנען שטודירן דעם דאָסאר, און דערנאָך האָט מען זיך ארויסגעזאָגט, דאָס הייסט, אז עס עקזיסטירט שוין א פּסק, אָבער ער איז נאָך נישט רעדאגירט... איר פארשטייט?

— ניין, איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אז איך פארשטיי נישט — האָב איך אויפריכטיק געזאָגט — דאָס איז א מין פארנעפּלט אָפּ־שלעפּעניש, אין וועלכן איך קאָן זיך נישט אויסקלויבן...

— נישט נאָר איר — זאָגט מאַנידעס — נאָר קיינער קאָן זיך נישט אויסקלויבן אין אָט דעם גאנצן ענין... איר קאָנט אייך דאָך פאר־שטעלן, אז מיין מישפּט איז נישט באַשטאַנען בלויז פון דעם דאָזיקן געפלאָנטער... איך האָב דאָך אייך נאָר דערציילט איין איינציקן עפּיזאָד. איך האָב נאָך אזעלכע עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס זענען אויך נישט פון די סאמע קלאָרסטע, איז עס בעסער געוועזן פארן קטיגור און אויך פארן בית-דין צו מאכן „א שווייג", און נאָך נישט פארעפנטלעכן דעם פּסק־דין, וואָס זיי זאָגן אז זיי האָבן אים שוין גענומען אָבער נאָך נישט רעדאקטירט...

— נו, און איר זענט איצטער — האָב איך קוים ארויסגעזע־שטאמלט, נישט וועלנדיק אים זאָלצן די וואונדן — אין דער לאגע פון איינעם וואָס איז האלב פאראורטיילט?

— ניין, אדרבה, לויט ווי אזוי דער בית־דין האָט זיך אויפגעפירט, בין איך מער ווי זיכער אז מיין מישפּט האָט זיך געענדיקט לטובת מיר. וואָס זיי קווענקלען זיך? דאָס זאָגן זיי, אז מע דארף זוכן די פאַר־סיקע אויסדריקן צום רעדאקטירן דעם פּסק־דין, אז סע זאָלן נישט זיין קיין צווייטייטיקע, ווי זאָל איך אייך זאָגן, אומקלאָרקייטן...

— אפשר בין איך נאָך נישט באַהאַוונט — זאָג איך מיט באַ־שיידנקייט — אָבער לויט מיין מיינונג דאַרף מען דאָך זאָגן קורץ און קלאָר: זכאי אָדער חייב, וואָס איז דאָ צו פאַרשלעפּן מיטן רעדאַגירן און זוכן אויסדריקן?...

— יאָ, דאָס האָט איר רעכט. אָבער נאָך אַזאַ פּסק, וואָס איז טאַקע קורץ, אויך נאָך דעם קורצן „זכאי" דאַרף מען זאָגן די מאָטיווי־רונג, בפרט נאָך אַזאַ שווערן דאָסאַר...

נאָך אַ קליינער פּויזע, פרעג איך אים:

— זאָגט נאָר, חבר מאָנידעס, איר זענט נישט געוואויר געוואָרן, וואָס סע האָט פּאַסירט מיטן קאָמענדאַנט, מיט יענעם, וואָס האָט געגעבן דעם באַפעל זיי צו שיסן?

— איך בין יאָ געוואויר געוואָרן — זאָגט מאָנידעס, דאָס מאָל שוין אַן אויפגעבראַכטער — איר וועט מיר נישט גלייבן, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז מיט אים האָט נישט פּאַסירט גאָרנישט...

— ווי אַזוי, אים האָט מען נישט פאַראורטיילט? — וואונדער איך מיך.

— פאַר וואָס זאָל מען אים פאַראורטיילן? אדרבה, דער בית־דין האָט נישט געפונען קעגן אים קיין שום שולד נישט. ער האָט דאָך גע־מוזט אַזוי האַנדלען, כדי צו דערהאַלטן די דיסציפּלין, אָן וועלכער סע וואָלט נישט געקאָנט פאַרזיכערט ווערן דער זיג...

— ווידער אַ מאָל — זאָג איך — קאָן דער ציל הייליקן דאָס מיטל?!... אפשר בין איך טאַקע אַזוי ווי איר האָט געזאָגט אַ ביסל אַ צוריקגעשטאַנענער, מיט קליינבירגערלעכע איבערבלייבעכצער... שיסן, איבעררייסן דאָס לעבן פון נשמות, זעט איר, אָט דאָס בין איך נאָך נישט דערגאַנגען צו באַנעמען דעם זינען און בפרט דאָס צו דערלאָזן אין מיין פאַרשטאַנד...

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איר וואָלט אייך געדאַרפט איינשרייבן אין באַבעלס „גדליה־אינטערנאַציאָנאַל"...

— איר האָט עס מיר נאָך נישט דערקלערט, ווי אַזוי עס איז די מעשה מיט אָט יענעם אינטערנאַציאָנאַל, אָבער איצט וויל איך אייך עפּעס אַנדערש פרעגן: ווי אַזוי זאָל איך עס פאַרשטיין, דאָס גאַנצע האַנדלען פון אָט דעם קטיגור צי בית־דין של מעלה?!

— איצט איז שוין שפעט. סע האלט שוין באלד ביים באגינען. קאָנען מיר שוין נישט פאַרזעצן אונדזער שמועס. לאָמיר עס לאָזן אויף דער קומענדיקער באגעגעניש אונדזערער.

אין דער אמתן, האָבן זיך שוין דאָ און דאָרט געהערט דאָס קרייען פון הענער, וואָס איז דער אָנזאָג, אז מתים דארפן גיין אין זייער רו אריין.

זענען מיר זיך צעגאנגען אין אונדזערע צווינטערישע קברים...

# ווער זענען די מלאכי־חבלה?

ווען איך האָב זיך ווידער באַגעגנט מיט מאַנידעסן האָב איך גענו־מען פאַרזעצן אונדזער שמועס, ביי וועלכן מיר זענען שטיין געבליבן. איך וויל איצט נישט וויסן ווי אזוי מע האָט אים געמישפּט, וואָס פאר א פארפלאָנטערנישן ער האָט נאָך געהאַט. דאָס מאָל וויל איך אז ער זאָל מיר אויפקלערן דאָס וואָס ער האָט שוין אזוי פיל מאָל צוגעזאָגט, כדי איך זאָל פארשטיין, נישט נאָר עפּעס פון דער שיטה, וואָס עס באַניצט דער קטיגור צי דער בית־דין של מעלה בכלל, נאָר וואָס פאר א מין ברואים דאָס זענען, וועלכע באַווייזן אזוי פיל רישעות, ווייל אנדערש קאָן איך דאָך עס נישט פארשטיין... איך גלייב נישט אז דער כסא־הכבוד פאָדערט פון זיי אזא מין שטרענגקייט, אָן הארץ און אָן מידת־הרחמים־א צוגאנג, וואָס איז נישט אין איינקלאנג מיט דעם, וואָס דער בית־דין וואָלט געדאַרפט זיין...

— ווער זענען אָט די מלאכים?

— איר מעגט וויסן — זאָגט מאַנידעס דידאַקטיש, ווי פון א קאַטעדרע — אז די מלאכים, וואָס מישפּטן אונדז, זענען נישט מער ווי נשמות, וואָס זענען אמאָל אויך געווען פונקט אזוי ווי מיר, וועלכע האָבן געקעמפט פאר יושר, ביז מסירת נפש... איר ווייסט וואָס סע הייסט מסירת נפש? (איך האָב אים נישט געענטפערט אויף דער פראגע, ווייל איך האָב דאָך געוואוסט, אז ער וואַרט נישט פון מיר קיין ענטפער. מסתמא וויל ער דאָס מיר דערקלערן און געבן צו פארשטיין אָן אנדערן זינען פאר אָט דעם באַגריף, דעריבער האָב איך אים נישט איבערגעריסן די רייד און אים געלאָזט פאַרזעצן!). אָט אזוי זענען זיי אלע געווען, דער קטי־גור און אויך די נשמות, וועלכע הייַנט זענען זיי די דיינים פונעם בית־דין של מעלה...

מאַנידעס האָט געמאַכט א קליינע פּויזע, כדי צו איבערטראַכטן, ווייזט אויס, וואָס ער זאָל ווייטער זאָגן, ווי אזוי ער זאָל מיר געבן די קלאָרסטע דערקלערונגען, ווי אזוי סע ווערן פארוואנדלט פון ערלעכע נשמות, וועלכע זענען לויט אלע זייערע אייגנשאַפטן ממש מלאכים, דער־נאָך ווערן זיי גלייך מיט מלאכי־חבלה:

...נעמט למשל דעם קטיגור, וועלכן איך קאָן צופעליק שוין נישט פון היינט. ער איז געווען איינער פון די הייסע קעמפער פאַר יושר, פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. ער איז אויסגעשטאַנען אַלע רדיפות פון דער געהיים־פּאָליציי און ער האָט נישט אויסגעגעבן זיינע חברים, מיט וועלכע ער האָט מיטגעאַרבעט אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, און האָט תיכף נאָך זיין באַפרייען פון דער תפיסה, זיך ווידער איינגעשפּאַנט אין דער הייליקער טעטיקייט, נאָך מיט מער ברען, כדי צו העלפן איי־בערקערן די הערשנדיקע אומגערעכטע אָרדענונג, כדי איינצופירן אַ יושר־דיקע וועלט... אָט די וועלט איז געווען זיין איינציקער אידעאַל, פאַר וועלכן ער האָט אַוועקגעגעבן זיינע בעסטע יוגנט־יאָרן... מיינט איר, אַז אים וואָלט געווען דעמאָלט נישט אָנגעשטאַנען זיך צו ליבן מיט אַ שיין מיידל? אָבער ער האָט זיך אויך פון דעם אָפּגעזאָגט און זיך געווידמעט בלויז דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פונעם אייגענעם לעבן און זיך מקריב געווען פאַרן כלל... דאָס איז נישט געווען קיין טעאַטער־שפּיל, דאָס זענען נישט געווען קיין מעשים פאַר וועלכע ער האָט געקאָנט זיך דערוואַרטן אויף עפּעס אַ שכר — דער שכר, אויף וועלכן ער האָט זיך געקאָנט דערוואַרטן איז געווען נישט מער ווי פּיי־ניקונג און יאָרן זיצן אין תפיסה, איר ווייסט מסתמא, וואָס סע הייסט תפיסה? איר אַליין זענט דאָך אויך געווען אַ שטיקל צייט אין יענעם פּענסיאָן, איז ווייסט איר דאָך, אַז צווישן די פיר ווענט, מיט פאַרקראַ־טעוועטע פענצטערלעך, מיט אָן עמער פאַר דער צואה, אָט דאָס איז די סביבה, אין וועלכער דו פאַרברענגסט די שענסטע יוגנט־יאָרן... און ער, אָט דער וועלכער איז היינט דער קטיגור, ער האָט עס אויסגעהאַלטן, און דאָך האָט ער נאָך דעם ווידער אָנגעהויבן פון דאָס ניי זיין געזעלשאַפּ־טלעכע טעטיקייט. צוליב וואָס האָט ער עס געטון? ווייל ער האָט גע־גלייבט אין דער אידעע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, און ער האָט אויך געגלייבט אַז עס איז כדאי נאָר אַזוי צו לעבן, מקריב זיינדיק זיך פאַר אָט דער אידעע... אַזוי איז עס געווען און מסתמא זענען אַזוי אויך גע־ווען די דיינים פונעם בית־דין, וועלכע איר זעט איצט ווי ווילדע וועלף, וואָס זענען גרייט אָנצופאַלן אויף סיי וועלכער נשמה, סיי זי איז יאָ שולדיק, סיי זי איז נישט שולדיק...

— וואָס איז אָבער געשען מיט אָט די הייליקע נשמות, וואָס זע־נען פאַרוואַנדלט געוואָרן פון הייליקע מלאכים אין ווילדע מלאכי־חבלה? — פרעג איך כדי אים ארויסצוהעלפן אין זיינע דערקלערונגען, וואָס ער

האט אָנגעהויבן און איך בין זיכער, אז ער וועט זיך שוין נישט אָפּ־שטעלן ביז ער וועט דערגיין ביז צו א סוף.

...אין צווישן האָט פאסירט איין „קליינִיקייט“ — זיי זענען גע־קומען צו דער מאכט... איר דאַרפט פאַרשטיין, חבר זעליקאָוויטש, אז סע זענען פאַראַן צווייערליי מאַראַלן: איינע פונעם געפּייניקטן און איינע פון דעם פּייניקער... אָט דער חילוק איז חל אויף אַלע מינים אַנדערשקייטן. דער זאַטער, זאָגט מען זיך א ווערטל, גלייבט נישט דעם הונגעריקן, ווייל די מאָראַל פונעם זאַטן איז אַן אַנדערע. זי האָט אַן אַנדערע לאָגיק מיט אַנדערע געזעצן. די מאָראַל, ווידער, פונעם הונגעריקן האָט אויך אירע געזעצן און איר לאָגיק. אָבער, פאַרשטייט זיך, א גאָר אַנדערע... די נשמה איז אַזאַ מין מאָדנער קאָמפּלעקס, אז זי דענקט אַנדערש ווען עס איז איר קאַלט און אַנדערש ווען עס איז איר בנחת וואַרעם... דערפאַר זענען דאָך פאַראַנען פאַרשידענע קלאַסן צווישן די נשמות... איין קלאַס נשמות האָט גאָרנישט געמיינזאַמס מיטן אַנדערן קלאַס נשמות. אדרבה, זיי זענען זיך קעגנערס. דאָס האָט איר דאָך שוין געוואוסט, וועט איר זאָגן, שוין פון לאַנג, ווייל מע האָט עס דאָך מיט אייך איינגעחזרט, אז סע האָט אייך שוין מסתמא געאיבלט דערפון... וואָס איר האָט, ווייזט אויס, נישט גע־וואוסט, אָדער נישט באַמערקט אַליין, אז איינע און די זעלביקע נשמה קאָן זיך פאַרענדערן, אז איר זאָלט מיט א מאָל נישט ווִיסן מיט וועמען איר האָט עס צו טון... די זעלביקע נשמה, וועלכע איז נעכטן געווען אין דער קאַטעגאָריע פון פרייהייט־קעמפּער, קאָן היינט, נאָך דעם וואָס זי האָט באַקומען די מאַכט אין די הענט, און איז געוואָרן כּאַטש א מין שמש ביי א בית־דין, זאָל אָט די נשמה פאַרוואַנדלט ווערן אין א... דאָס האָט איר זעט אז דער קטיגור איז געוואָרן...

— דאָס הייסט, וויל איך זאָגן, אז נאָר די וואָס ליידן, נאָר די דאָזיקע קאָנען זיין קעמפּער פאַר יושר?...

— אויב איר ווילט עס אַזוי פאַראיינפאַכן — זאָגט מאָנידעס מיט ווייטיק — קאָן מען עס אַזוי אויך זאָגן, הגם עס איז צו פאַראיינפאַכט. די זאַך איז פיל מער קאָמפּליצירטער... אָבער אז איר ווילט עס אַזוי פאַרשטיין, אפשר איז עס אייך אַזוי לייכטער — קאָן עס אַזוי אויך זיין. נעמט למשל, אָנהייבנדיק נאָך פון די נביאים, וואָס האָבן זיך אַקעגנגעשטעלט די דעמאָלטיקע הערשער, וועלכע האָבן זיי פאַרפאָלגט ביזן כמעטן אומברענגען. זיי האָבן טראָץ דעם געפּרעדיקט ווייטער זייער יושר, וואָס איז גילטיק נאָך היינט, און וועט גילטיק זיין ווער ווייסט

ביז ווּיפל דורות... איר וועט אָבער נישט געפינען קיין איין הערשער, אָדער איינער וועלכער איז געווען ביי דער הערשאַפט, אָדער כאָטש נאָענט צו דער הערשאַפט, אַז זיי זאָלן געווען זיין יושר־פּרעדיקער (איך מיין אויפריכטיקע פּרעדיקער פון יושר, וועמענס ווערטער זענען געווען אין איינקלאַנג מיט זייערע מעשים!). ווייל זייער געזעלשאַפטלעכער מעמד האָט עס זיי נישט „דערלויבט". זיי זענען דאָך געווען ביי דער מאכט, און דאָרט ווערן זיי פאַרוואַנדלט ווי איבער נאכט, אינעם קאָנטראַסט פון יושר...

— איך בין מיט אייך נישט מסכים — זאָג איך מאָנידעסן — מע קאָן אזוי די זאַך נישט פאַראיינפאַכן, ווי איר זאָגט. לויט דעם קומט דאָך אויס, אַז יעדע „מאכט", וואָס איז שוין ביי דער מאכט, דאָס הייסט אַז אַלע נשמות, אָן אויסנאַם, ווען זיי באַקומען „ציין", ווערן זיי מיט א מאָל פאַרוואַנדלט פון שאָף און יושר־פּרעדיקער אין וועלף?...

— ניין, איך האָב עס נישט געזאָגט, און אויב איך האָט עס אזוי פאַרשטאַנען, איז אָדער איך האָב זיך נישט גוט אויסגעדריקט, אָדער איר האָט עס נישט גוט תופס געווען. ווען דאָס זאָל זיין, אזוי אַז אַלע נשמות וואָס קומען צו דער מאכט ווערן אומבאַדינגט פאַרוואַנדלט אין מלאכי־חבלה, וואָלט עס טרויעריק געווען. זייער טרויעריק. וואָלט דער גאַנצער קיום פון דער בריאה נישט געהאַט קיין ציל און קיין זינען... איך גלייב, און פיל נשמות ווי איך, הגם זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין צייט־ווייליקע עוולות, דאָך גלייב איך אַז יושר, גערעכטיקייט פאַר יעדער נשמה באַזונדער, איז פאַראַן און מוז זיין, טראָץ דעם וואָס דאָ און דאָרט דאַכט זיך אויס אַז דאָס מאָגען יושר איז בלויז א פאַנטאַזיע פון די שוואַכע נשמות...

— וואַרט נאָר — האָב איך זיך דערמאָנט אָן עפּעס און איך איבער־געשלאָגן די רייד — איר האָט נאָר וואָס געזאָגט, אַז אין דער גאַנצער געשיכטע איז נישט געווען קיין איין יושר־פּרעדיקער, וואָס זאָל געווען זיין צווישן דער קאַטעגאָריע נשמות, וואָס זענען געווען ביי דער מאכט? איז זאָגט מיר, זייט מוחל, דוד המלך, דער בעל־התהילים, האָט דאָך אויך געפּרעדיקט יושר, דאָס קאָן מען דאָך נישט אָפּלייקענען, סיידן איר וועט זאָגן אַז נישט דער גאַנצער תהילים, איך מיין אַז אַלע קאַפּיטלעך, רכן נישט יענע קאַפּיטלעך וואָס פּרעדיקן יושר, זענען נישט געמאַכט געוואָרן פון א מלך?!... נאָר איך האָב נאָך איין ביישפּיל: טאָלסטאָי...

— איר זאָלט מיר נישט געבן קיין ביישפּיל מיט דוד המלכס פּרעדיקן, נאָר מיט זיינע מעשים... איך האָב דאָך געזאָגט, אַז מיטן באַדינג ווען דאָס יושר־פּרעדיקן וועט זיין אין איינקלאַנג מיט די מעשים פון א הערשער... און וואָס שייך טאָלסטאָי, איז ער טאַקע געווען א רייכער, א זאַטער, אָבער ער האָט נישט געהערט צו דער מאַכט... דאָרף איך אייך אָנווייזן ביישפּילן פון נשמות, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן די גרעסטע פּייניקונגען און זיי האָבן נישט אַרויסגעגעבן זייערע חברים, מיט וועלכע זיי האָבן מיטגעאַרבעט, און טאַקע אָט די זעלביקע נשמות, ווען זיי זענען געקומען צו דער מאַכט האָבן זיי פאַרקויפט זייערע חברים פאַר א קליינלעכן שוחד, וואָס זיי האָבן באַקומען, און גענומען, ווי די געמיינסטע כאַבאַרניקעס?! ניי אפילו אָן כאַבאַר, נאָר פּשוט פאַר פּערזענלעכער אַמביציע זענען זיי גרייט געווען פּשוט צו ממיתן זייער אַן עווענטועלן קאָנקורענט צו דער מאַכט?!... אַזוי דאַרפט איר פאַרשטיין דאָס פּראָבלעם פון פאַראורטיילן איינעם, וועלכער איז אויבנאויפיק שולדיק געווען, און פאַקטיש איז ער נישט געווען מער שולדיק ווי די נשמה, וואָס האָט אים אָנגעקלאָגט...

— וועלכער זשע איז לויט אייער מיינונג, חבר מאָנידעס, דער אויסוועג?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט — האָט מאָנידעס געענטפערט מיט א שמייכל — דער גדליה־אינטערנאַציאָנאַל פון איסאַק באַבעלס דערציילונג...

ער האָט מיר שוין דערגעסן מיט זיין גדליה־אינטערנאַציאָנאַל...

ער האָט עס שוין אַזוי פיל מאָל איבערגעחזרט, אַז סע האָט מיך שוין אָנגעהויבן אויפצורעגן... גבער איך האָב געמוזט אַראָפּשלונגען. דאָס מאָל האָבן מיר שוין נישט געקאָנט פאַרזעצן אונדזער געשפּרעך, ווייל סע האָט אונדז איבערגעריסן דער חבר דיאַמאַנט. ער האָט זיך דערנענטערט צו אונדז מיט א פרייד, וואָס ער האָט אונדז באַגעגנט, ווייל ער האָט אונדז שוין געזוכט. ער וויל אַז מיר זאָלן למען־השם קומען צו זיין מישפּט... ווען מיר זענען דאָרט, אויך ווען מיר וועלן גאָרנישט זאָגן, זאָגט ער, וועט ער זיך פילן א ביסל זיכערער. אָן אונדז איז ער איבערגעלאָזט ווי אויף הפקר...

— מע האָט ווידער אָנגעהויבן דעם מישפּט אייערן? — פרעגט אים מאָנידעס.

— יאָ — ענטפערט דיאַמאַנט — מע האָט שוין אָפּגעהאַלטן נאָך צווײ זיצונגען.

— וואָס איז פאָרגעקומען אין דער דאָזיקער צײַט? — פרעג איך דיאַמאַנטן — מע האָט אײַך שוין ווידער אין עפּעס באַשולדיקט?

— וואָס הייסט בײַ אײַך „ווידער"?! דאָס גאַנצע מישפּטן באַ־שטייט דאָך נישט אין עפּעס אַנדערש ווי אין באַשולדיקן...

— איר ווערט זיך נישט בייזערן, אַז איך וועל מיר דערלויבן א שפּאַס? — פרעגט אים מאַנידעס — עס איז פאַראַנען א שפּאַס מיט א פּריץ, א גרויסער גוטבאַזיצער וואָס האָט געהאַט יידישע אַרענדאַרעס, וועלכע האָבן געהאַלטן צו א שענק, יעדער אײנער אין אַן אַנדער דאָרף, וואָס האָבן געקערט צום פּריץ. אין איינעם א טאָג, שיקט אַוועק דער פּריץ א שליח צו משה דעם אַרענדאַר און זאָגט אים אָן א בשורה: „מאָשקע, דעם קומענדיקן זונטיק בין איך דײַן גאַסט... גרייט צו א מיטאָג מיט יידישע מלאכים, אַזוי ווי די יידישקעס קענען"... דער אַרענדאַר האָט זיך ווײניק דערפרייט, ווײַל ווער וויל דאָס האָבן צו טון מיטן פּריץ? אָבער ער האָט דאָך נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, האָט ער געבעטן זײַן באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל אָנגרייטן א מיטאָג ווי פרייטיק צו נאַכטס, מיט געפּילטע פיש, א יויך מיט א ראָסל־פלייש און צימעס... ווען עס איז געקומען זונטיק, האָט דער פּריץ זיך גוט אָנגעגעסן, אַז ער האָט זיך „באַלעקט די פינגער"... טראַכט זיך משה דער אַרענדאַר: „אָט איצט, אַז איך האָב בושא־חן געוווּן אין די אויגן פונעם פּריץ, אַז ער איז אַזוי צופרידן פונעם מיטאָג וואָס איך האָב אים צוגעגרייט, וועל איך בײַ אים אפשר קאָנען פועלן אַז ער זאָל מיר נאָכלאָזן א ביסל פון דעם אַרענ־דע־געלט"... אָבער צו זײַן גרויסער איבעררעאַשונג, ווען דער פּריץ האָט זיך גוט אָנגעפרעסן און אָנגעזויפן, הייבט ער אָן צו שרייען: „מאָשקע, מיט אָט די פּאַרשטונקענע „זשידאָווסקע" פלײשערייען האָדעוועסטו מיך? כלייש האָב איך בײַ מיר אין דער היים געגוג, אויך אָן דיר! אַנו, לייגט אים אַריבער און ציילט אים אויס פינף און צוואַנציק שמיץ איבער זײַן יידישער מחילה!"... די משרתים, וואָס האָבן באַגלייט דעם פּריץ האָבן אויסגעפירט זײַן באַפעל, אַז משה דער אַרענדאַר האָט א וואָך צײַט נישט געקאָנט זיך אַראָפּזעצן אויף א בענקל, אַזוי האָט אים ווייגעטון די מחילה, פון די שלעק וואָס ער האָט באַקומען פונעם פּריץ, פאַרן גוטן מיטאָג וואָס ער האָט אים צוגעגרייט...

...דעם קומענדיקן זונטיק האָט זיך דער פּריץ אָנגעזאָגט צום אָנ־
דערן יידישן ארענדאר, וועלכער האָט געהאלטן די שענק אין שכנותדיקן
דאָרף, צו יאנקלען. ווען יאנקל דער ארענדאר האָט באקומען די „גוטע״
בשורה, אז דער פּריץ באערט אים און קומט צו אים צו גאסט, צום
מיטאָג, איז ער גלייך אריבערגעלאָפן אין שכנותדיקן דאָרף, צו משה
ארענדאר, כדי זיך צו אינפאָרמירן, ווי אזוי ער האָט אים אָפּגעוואַרט,
כדי ער זאָל אויך אזוי טון, כדי נושא־חן צו זיין אין די אויגן פונעם
פּריץ... זאָגט אים משה: „גרייט אָן וואָס דו ווילסט, נאָר נישט קיין
פליישיקס, ווייל מיין ווייב האָט אים צוגעגרייט א פליישיקן מיטאָג, אז
דער מלך האָט אים געמעגט עסן, און דער סוף איז געווען, אז דער פּריץ
האָט מיך געלאָזט אויסשמייסן מיט פינף און צוואָנציק שמיץ איבער דער
מחילה״... לויפט אהיים יאנקל דער ארענדאר און דערציילט עס פאַר
זיין ווייב, די גאנצע מעשה, און האָבן באשלאָסן אָפּצוּוואַרטן דעם פּריץ
מיט א מילכיקן מיטאָג. מיט די סאמע בעסטע יידישע מילכיקע מאכלים,
ווארעניקעס געפּרעגלטע אין פּוטער, קעז־דעלקעלעך, וואָס זענען זיך צע־
גאנגען אין מויל. וואָס זאָל איך אייך לאנג בריינען? זיי האָבן צוגעגרייט
די בעסטע שבועותדיקע מאכלים. מע האָט אָפּגעוואַרט דעם פּריץ מיט
כל מעדני מלך... ווען עס איז געקומען זונטיק, דער פּריץ האָט זיך
געזונט אָנגעפּרעסן, אָנגעטרונקען, אז מע האָט געזען אז ער צעגייט פאַר
הנאה, טראכט זיך יאנקל דער ארענדאר: „אָט האָב איך נושא־חן געווען
אין די אויגן פון מיין פּריץ. איצט וועל איך ביי אים פּועלן א הנחה,
אז ער זאָל מיר מינערן דעם ארענדע־אָפּצאָל״... אזוי האָט ער זיך גע־
טראכט, בעת ער האָט געזען ווי דער פּריץ באלעקט זיך די וואָנצעס...
דער פּריץ, אָבער, דאָט אנדערש געהאנדלט. ער האָט אָנגעהויבן צו
שרייען: „יאנקיל, דו פאַרשטונקענער ייד, וואָס דו ביסט! מיט מילעך
ווילסטו מיך אָפּקויפן? מילעך האָב איך דאָך אזוי פיל, אז איך וואָלט
דיך מיט דיין גאנצער שענק געקאָנט דערטרענקען... אנו, ציילט אים אָפּ
פינף און צוואָנציק שמיץ!״... די דינער האָבן אויסגעפירט דעם פּריצס
באפעל און האָבן אָפּגעציילט פאַר יאנקל דעם ארענדאר פינף און צוואָנ־
ציק שמיץ איבער דער מחילה, אז דער ארענדאר האָט זיך נישט געקאָנט
זעצן אויף א בענקל א גאנצן חודש...

...דעת דריטן זונטיק... שיקט דער פּריץ אַוועק א שליח אין דריטן
דאָרף, צו זיין ארענדאר, וועלכער האלט דאָרט די שענק, אז ער זאָל אים
אָנזאָגן די בשורה, אז קומענדיקן זונטיק קומט דער פּריץ צו אים אויף

מיטאָג. שמואל, דער דריטער ארענדאר, ווען ער האָט דערהערט אזא גרויסע בשורה, האָט ער נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טון: „זאָל ער זיך פרייען, וואָס דער פריץ טוט אים אָן אזא גרויסן כבוד, וואָס דער פריץ באערט אים, צי זאָל ער זיין באזאָרגט, ווייל מיט וואָס קאָן זיך עס דען ענדיקן?! מיט א פריץ, א שונא ישראל, ווייסט מען דאָך נישט קיין מאָל ווי אזוי אים צו דערראָטן אין זיינע שיגעונען"... לויפט אוועק שמואל דער ארענדאר צו יאנקל דעם ארענדאר, ווייל ער האָט דאָך געהערט אז יענע וואָך זונטיק איז דער פריץ געווען אויף מיטאָג ביי אים... דער־ציילט אים יאנקל די גאנצע מעשה, וואָס ער האָט פאסירט מיט די שמיץ (ער האָט אים געוויזן די מחילה, וואָס איז נאָך געווען אָנגעשוואָלן!), ווייל ער האָט אים געגעבן א מילכיקן מיטאָג, אָבער ער האָט אים אויך דערציילט וועגן די שמיץ, וואָס סע האָט באקומען משה דער ארענדאר, ווייל ער האָט אים געגעבן א פליישיקן מיטאָג... קומט שמואל דער ארענדאר אהיים און דערציילט פאר זיין ווייב, וואָס ער איז געוואויר געוואָרן פון זיין ארענדארישן שכן... „וואָס זשע איז צו טון"? הייבט אָן זיין ווייב צו וויינען פארצווייפלט... טראכטן זיי, און טראכטן, וואָס זאָלן זיי צו־גרייטן אויף מיטאָג פארן פריץ, אז ער זאָל נישט ארייַן אין כעס אויך אויף זיי?... טראכט אהין און טראכט אהער, ביז שמואל דער ארענדאר האָט זיך אנטשלאָסן: „מיר גרייטן נישט צו גאָרנישט!"... דאָס ווייב זיינס האָט אים קיין מאָל נישט אקעגנגערעדט, אויב דער מאן זאָגט אז גאָר־נישט — איז געבליבן גאָרנישט. אָבער שלאָפן רואיק האָט זי דאָך נישט געקענט, פאר זאָרג...

...דעם קומענדיקן זונטיק, ווען דער פריץ איז אָנגעקומען מיט זיין גאנצער סוויטע, וועלכע זענען געווען הונגעריק ווי די וועלף אום ווינטער, האָבן זיי געטראָפן דעם ליידיקן טיש... הייבט אָן שרייען ווילד דער פריץ: שמיליק, מע האָט דיר נישט אָנגעזאָגט אז איך קום צו דיר היינט צום מיטאָג? ענטפערט שמואל רואיק, גלייך נישט צו אים וואָלט מען געשריגן: „יאָ, דער שליח האָט עס מיר צו וויסן געטון"... „נו, שרייט ווייטער דער פריץ, וואו איז דער מיטאָג?"... בייגט זיך איין שמואל דער ארענדאר און לאָזט אראָפ די הויזן און זאָגט: „אדוני פריץ, הייס געבן פינף און צוואָנציק שמיץ און גיי דיר בשלום אהיים, עסן ביי דיר בעסערע מאכלים!"... דער פריץ איז נשתומם געוואָרן. ער האָט נישט פארשטאנען וואָס דאָס זאָל באטייטן. וואָס האָט שוין אויסגעטראכט אָט דער כיטרער יידלאק? שרייט ער ווילד: „וואָס זאָל דאָס באטייטן?

אנו, קום נאָר אהער און דערקלער עס מיר אויף מיין לשון״... דאָס האָט ער שוין געזאָגט אויף א געמעסיקטערן טאָן. זאָגט שמואל דער ארענדאר, צום פּריץ: „איך האָב געוואָלט דיר אָנגרייטן א גוטן מיטאָג, אזוי ווי דו ביסט עס ווערט. אָבער אז איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי מיינע שכנים, ביי משהן וואָס האָט דיר צוגעגרייט א פליישיקן מיטאָג, ביי יאנקלען, וואָס האָט דיר צוגעגרייט א מילעכדיקן מיטאָג, און זיי זענען אויסגעשמיסן געוואָרן דורך דיינע משרתים אויף דיין באפעל — נו וואָס זשע קאָן איך שוין אויפטון? איז האָב איך געטראכט, אז סיי וואָס פאר א מיטאָג איך וועל דיר צוגרייטן, וועל איך דאָך באקומען די פינף און צוואָנציק שמיץ... איז זיי מוחל און באפעל דיינע משרתים, אז זיי זאָלן מיך שמייסן, און גיי דיר אהיים און עס דיך גוט אָן אין דער היים, פון מאכלים, וואָס שמעקן דיר וואויל״...

...אזוי קומט מיר אויס אויך דאָ, אויף דעם עולם־האמת, מיטן מישפּט — זאָגט מאָנידעס לאכנדיק — סיי ווי סע זאָל נישט זיין, מיט וואָס פאר א נשמה זיי זאָלן נישט האָבן צו טון, קומט דער קטיגור און באשולדיקט... נאָך איידער מע האָט נאָך די נשמה א״יסגעהערט, באשולדיקט מען שוין... מע גייט צו צו א מישפּט מיטן אָנגענומענעם מיין, אז יעדע נשמה ווי נאָר זי איז געבוירן געוואָרן, איז זי שוין געווען א רשע, און האָט נישט געטון בלויז עבירות. נישט א מאָל קומט אויפן געדאנק אז סע וואָלט געקאָנט עמעצער זיין, על פּי צופאל, א צדיק. דאָס איז ווי אוממעגלעך... די עטלעכע מצוות, זאָגן זיי, דאָס איז שוין באקאנט, וועגן דעם דארף מען נישט פאר־לירן קיין צייט... וויכטיקער זענען די עבירות... איז שוין בעסער אז מע זאָל ארייננגיין צום מישפּט, ארונטערלאָזן די הויזן און: „גיט מיר די פינף און צוואָנציק שמיץ און אויס און עסק!״... צו וואָס טויג אז מע זאָל נאָך פּיי־ניקן מיט אינסצענירן א מישפּט?!...

— אייך איז גרינג צו וויצלען זיך — זאָגט פאַרזאָרגט דיאמאנט — איר זענט שוין איבערגעקומען, איז קאָנט איר אייך שוין לאָזן וואויל גיין מיט א שפּאס... איך, וואָס מע טרייבערט מיר איצטער די נשמה, ווי ביי א פערד־גנב...

— אין וואָס האָט מען אייך שוין ווידער באשולדיקט — פרעג איך דיא־מאנטן — וואָס פאר א חטאים האָט מען אייך שוין ווידער געפונען, א חוץ דעם וואָס אייער פאָטער האָט געקוילעט היגער צי אָקסן?!

— ביי מיר איך דאָסאר האָט מען געפונען — דערציילט דיאמאנט — אז איך בין אוועק פון דער היים, אויב איר דערמאנט זיך, בין איך אלט געווען נישט מער ווי צען יאָר... פינף יאָר האָב איך געלערנט עסנדיק

„טעג״ ביי די באַלעבאַטים פונעם שטעטל... ביי די פּופּצן יאָר בין איך אריין אין א געוועלב ארבעטן ווי א געזעלן... זעט איר, דאָרטן, אין געוועלב, בין איך באגאנגען (ווי אזוי זאָל איך עס אָנרופן?)... איך האָב געגנבעט געלט, אמת קליינע סומעס, אָבער דאָך עפּעס, פונעם טישלעדל, און האָב עס געגעבן פאר דער „קאַלירטער הילף״... איז האָט מען וועגן דעם גערעדט און גערעדט, אז איך האָב שוין נישט געקאָנט אויסקלויבן, וואָס סע זאָגט דער קטיגור און וואָס דער סניגור און וואָס סע זאָגן די פּראָ און קאָנטרא עדות...

— איך פארשטיי נישט — זאָג איך צו דיאמאנטן — דאָס איז געווען פארצייכנט אין אייער דאָסאר פאר אן עבירה צי פאר א מצווה?

— אָט דאָס זאָג איך דאָך אייך — זאָגט דיאמאנט א פארצווייפלטער — אז איך האָב זיך אליין נישט געקאָנט אויסקלויבן צי איז דאָס געלייגט געוואָרן אויף דער זייט וואָגשאָל צי אויף דער אנדערער... ווען איינער האָט גערעדט, האָט עס אויסגעוויזן, אז איך האָב געטון אזוי, ווי א „באוואוסט־זיניקער״ האָט געדארפט האנדלען, איך האָב עקספּראָפּריאירט די עקספּראָ־פּריאירער. איך האָב גענומען פונעם קאַפּיטאַל, פון אן אויסניצער, און האָב עס געגעבן צו העלפן די אויסגעניצטע... דאכט זיך אז עס איז א מצווה?! איז אָבער געקומען א צווייטער און האָט אויפגעוויזן אז דאָס איז פּשוט גניבה, ווייל עקספּראָפּריאירן קאָן נאָר א געזעלשאפטלעכע מאכט, נישט קיין יחיד...

— איך מיין — זאָגט מאַנידעס, ווי זיין שטייגער איז, דידאקטיש — אז נישט דווקא אזוי שטעלט זיך די פראגע. נישט דאָס איז די קריטעריע כדי צו פונאנדערשיידן א מצווה פון אן עבירה. אויב איר האָט ארויסגענומען פון א לעדל א סומע געלט, דארף מען קודם אנאליזירן: צו וועלכן צוועק האָט איר עס געטון? אויב איר האָט עס גענומען דאָס געלט פאר אייער אייגענעם ניצן, איז העלפט נישט קיין שום פּשטלעך. כיי דאָס איז גענומען גע־וואָרן פונעם קאַפּיטאַל, פון אן אויסניצער סיי נישט. אזוי טראכטן נאָר די אנארכיסטן. ווידער, אז איר האָט נישט געהאַט קיין שום אייגענעם פּערזענ־לעכן אינטערעס, אויב איר האָט גענומען דאָס געלט כדי צו העלפן חברים וואָס געפינען זיך אין די תפיסות, ווי איר זאָגט פאר דער „קאַלירטער הילף״, דאַן מוז דאָך יעדער מודה זיין, אז דאָס איז געווען א מצווה...

— זעט איר — זאָגט טריאומפירנדיק דיאמאנט — זעט איר שוין חבר מאַנידעס, אז מע קאָן נעמען יעדע טעטיקייט, וואָס לכתחלה זעט זי אויס אזוי ריין און כשר און זי „אנאליזירן״ אונטער א פארגרעסערונג־גלאָז, אין

א ספּעציעלער קרימינאַלאַגישער לאַבאָראַטאָריע, פון וואו מע קאָן ארויס מבולבל, ווי איך בין ארויס...

— וויכטיק איז נישט אזוי וואָס איר זענט ארויס מבולבל — זאָג איך אין שפּאס — מער וויכטיק איז וואָס פאר א מסקנות האָט געצויגן דער בית־דין וועגן אָט דעם וואָס איר האָט דערציילט...

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — זאָגט דיאמאנט — איך האָב געהאט דעם איינדרוק אז אויך דער בית־דין האָט זיך נישט געוואוסט אויסצוקלויבן פון די אלע טענות, איז דערפאר האָבן זיי דאָס אָפּגעלייגט אויף א תנאי...

— איך האָב געהאט א פריינד אן אדוואָקאט — זאָגט מאָנידעס — פלעגט ער זאָגן, אז אן אָפּגעלייגטער פּראָצעס איז האלב געוואונען... אין דעם באשטייט טאקע די גאנצע טעטיקייט פון די אדוואָקאטן, אָפּצולייגן סיי וואָס פאר א פּראָצעס עס זאָל נישט זיין...

— איך האָב געמיינט — זאָג איך — אז דאָס אָפּלייגן די פּראָצעסן אויף אן אנדערער דאטע, אויף שפּעטער מיט א חודש צי צוויי, האָט דעם צוועק אז די אדוואָקאטן זאָלן האָבן די מעגלעכקייטן אויסצוזויגן מער געלט פון זייערע קליענטן, אויף נייע הוצאות, צו פירן ווייטער דעם לאנג־פארצויגענעם פּראָצעס...

— סע קאָן זיין אז אויך דאָס זאָל זיין א מאָטיוו — מיינט מאָנידעס — אָבער דער הויפּט־מאָטיוו איז אָפּצולייגן, וואָס מער אָפּלייגן אויף א קורמענדיקן טערמין. אין צווישן קאָן זיך עפּעס אויסגעפינען סיי אן עדותשאפט, סיי דער בית־דין זאָל זיך איבערלייגן די זאך, סיי... מע קאָן דען וויסן פאָרויס, וואָס סע קאָן אלץ פּאסירן? איז האלטן די אדוואָקאטן, אז מע דארף זיך נישט איילן ארויסצופּרעסן פונעם בית־דין קיין פּסק־דין...

— אָבער וואָס האָט געזאָלט הייסן אויף א „תנאי״? — פרעג איך, וואָס קען נאָך נישט אלע גערעכטלעכע מעטאָדן און באגריפן.

— איך האָב אויך נישט געוואוסט — האָט דיאמאנט געענטפערט — אָבער מיין סניגור האָט מיר אויפגעקלערט, אז דאָס הייסט אזוי: ווען דער מישפּט וועט קומען צום סוף, דעמאָלט וועט מען זיך אויך וועגן דעם ארויסזאָגן, לעת־עתה איז עס נישט פאררעכנט אין ערגעץ, נישט צו די מצוות און נישט צו די עבירות. אָבער אז דער פּראָצעס מיינער וועט דערגיין צום סוף, און מע וועט שוין וויסן, וואָס סע וועגן איבער, די מצוות צי די עבירות, דעמאָלט וועט אויך אָט די (עבירה צי מצווה!) זאך צוגעלייגט ווערן, צו יענער זייט, וואָס וועט איבערוועגן...

— דאָס איז א מין לייזן א פּראָבלעם — זאָגט זיין מיינונג מאָנידעס — גלייך מע וואָלט געוואָרפן גורל צי דער געמישפּטער זאָל ארויסגיין חייב אָדער זכאי... וואָס האָט צו טון אָט דער פאקט מיטן גאנצן מישפּט? דער בית־דין וואָלט דאָך געדארפט פסקענען: שווארץ אָדער ווייס...

— איך בין ביי אן אנדערער מיינונג — וואג איך אקעגנצורעדן מאָנידעסן — הגם ער איז מער באהאוונט אין אָט די ענינים, אָבער דאָך דאכט זיך מיר אויס, אז דער בית־דין וואָס האָט אָפּגעלייגט דעם פּרט „אויף א תנאי" האָט א זינען... איך מיין אז סע האָט דווקא יאָ א שייכות מיטן אויסגאנג פונעם גאנצן פּראָצעס. ווייל אזוי ווי אין דעם פאל, צי אין אן ענלעכן, דארף מען דערגיין די אינטענציע פון דער נשמה, וואָס זי איז דעמאָלט אויסן געווען מיט איר טאט, צי זי האָט געהאט אן אייגנעם, פּערזענלעכן אינטערעס צי נישט, איז דאָך גרינגער אויסצוגעפינען די אינטענציע ווען מע האָט פאר זיך אלע האנדלונגען פון דער געמישפּטער נשמה, דעמאָלט קאָן מען זיך ארויסזאָגן אויך וועגן דעם דאָזיקן פאל...

— זעט איר — זאָגט דיאמאנט — דערפאר טאקע וואָלט איך געוואָלט אז איר זאָלט אויך קומען צו מיין מישפּט... איר קענט זיך מער אויסקלויבן אין די סובטיליטעטן פון די אדוואָקאטישע דריידלעך, אפשר קענט איר זיך בעסער אויסקלויבן און מיר בייהילפיק זיין?

# נשמות־אינטערנאציאָנאַל

## א טומל ביים בית־דין של מעלה...

איז זענען מיר אוועק מיט דיאמאנטן צו זיין מישפט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען, איז דער זאל שוין געווען כמעט פול. פון וואנען האָבן זיך צונויפגעזאמלט אזוי פיל נשמות? סע זענען געווען נשמות פון אלערליי מינים, מיט און אָן תכריכים, אזוי אז אונדזער דערשיינען, אלע דריי מיט ציווילע קליידער, אָן תכריכים, איז נישט געווען קיין חידוש.

באלד האָט דער סעקרעטאר אויסגערופן: דער בית־דין של מעלה קומט!

אלע נשמות האָבן זיך אויפגעהויבן און האָבן פארבויגן זייערע קעפּ, ווי אמאָל פלעג מען טון פאר א מלך, ווען ער איז דערשינען פאר זיינע אונטערטאנען... פארן קטיגור זענען געלעגן אויפגעמישט עטלעכע דאָסארן, א הויפן פאפּירן, פארמעטן... פלוצעם האָט ער זיך אויפגעשטעלט, זיך פאר־גלעט זיינע מלאכישע פליגל און אָנגעהויבן זיין ארבעט:

— חשובער בית־דין, דער אָנגעקלאָגטער האָט ארויסגעוויזן שוואכ־קייטן, קליינבירגערלעכע. ער איז נישט געווען אויפריכטיק, ווען ער האָט געשריבן זיין אויטאָביאָגראפיע...

פון צווישן די נשמות, וואָס זענען געווען אַנוועזנט האָט זיך דער־הערט א מורמל: „פּאקטן! מע פארברענגט די צייט מיט הוילע פראזן, לאָ־מיר הערן פּאקטן!״...

...פּאקטן ווילט איר? — האָט דער קטיגור פאָרגעזעצט, ענטפערנדיק אויף די צווישנרופן — אָט זענען די פאקטן. אָט די נשמה, וואָס איר האָט פאר אייך, וואָס שטייט איצט ווי אן איבערגעשראָקענער אין מאכט דעם איינדרוק אז ער איז א נאאיווער „סאָלדאט שווייק״, אָט דער...

ווידער האָט זיך דערהערט א מורמל: „ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט צו ביצן אזעלכע עפּיטעטן, ווי „סאָלדאט שווייק״?... פאר אייך שטייט נישט קיין פאראורטיילטער, אז איר זאָלט אייך דערלויבן אזוי צו רעדן אויף

זיין חשבון. לעת־עתה איז ער ערשט ביים מישפט, און ווי סע ווייזט אויס, האָט איר דאָך צו טון מיט א צדיק, אָבער איר רעדט שוין וועגן אים, גלייך ער וואָלט געווען דער גרעסטער רשע..."

איך האָב זיך געוואונדערט: פון וואנען נעמט זיך די העזה ביי די אַנווענזנדיקע איבערצורייסן דעם קטיגור?! אָבער באלד איז מיר קלאָר געוואָרן, אז אָט דער קטיגור האָט א ביסל איבערגעטריבן, דאָס הייסט אז ער האָט איבערגעצויגן דאָס שטריקל... ער וועט שוין נישט קאָנען פיל צייט בלייבן אויף זיין פּאָסטן. אפילו דער בית־דין האָט זיך שוין געמוזט אריינמישן און אים אָפּמוסרן:

— חבר קטיגור — האָט דער ראש בית־דין אויסגערופן — איר האָט איבערגעטריבן איבער דער מאָס... איך וואָרן אייך, אז אויב איר וועט נאָך איבערחזרן אזא מין אויסדרוק, וועל איך פאָרשלאָגן אייך איבערצושטעלן אויף אן אנדערן פּאָסטן!...

— דאָס איז שוין עפּעס א נייעס אין דער פּראָצעדור — שעפּטשעט מיר אריין אין אויער מאָנידעס — אזא פאל האָב איך נאָך נישט געקענט, אז דער בית־דין זאָל אפּאָסטראָפירן דעם קטיגור אין דער עפנטלעכקייט. ווייזט אויס, אז עפּעס איז געשען אין דער צייט, ווען מיר זענען נישט געווען ביי קיין זיצונג פון די מישפטים, וואָס זענען פאָרגעקומען אין די לעצטע חדשים. אנדערש וואָלטן נישט געוואגט אָט די נשמות אויפצהייבן דאָס קול קעגן אים...

...דער דאָ געמישפּטער — האָט דער קטיגור פאָרגעזעצט, שוין א ביסל מיט א נידעריקערן טאָן, אָבער דאָך אָנגעקניפּט דעם ענין, דאָרט וואו ער איז איבערגעשלאָגן געוואָרן אין דער מיטן פון זיינע רייד — איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער באוועגונג, ווייל ער איז געווען אן אויסניצער. ער האָט געהאט זיין אייגן געוועלב. ער איז געווען אן אייגנטימער... און ביים איבערקוקן די בילעטן האָט מען אים אויסגעשלאָסן, ווי איינער וואָס לויט די סטאטוטן קאָן ער נישט זיין קיין מיטגליד פון א רעוואָלוציאָנערער באוועגונג...

דאָ האָט זיך דער קטיגור אָפּגעשטעלט און נישט געזאָגט מער גאָרנישט, געלאָזט אָפן ווי א נישט צוגעמאכטער פּאראנטעז. ווייזט אויס אז אים איז בילכער געווען, אין דער אטמאָספער, וואָס האָט געהערשט קעגן אים, אז ער זאָל איצט זיך באניצן בלויז מיט אָנצוהערענישן, ווי מיט קלאָרע באַשולדיקונגען.

דער ראש בית־דין האָט זיך דאן געוואָנדן צו דיאמאנטן:

— נשמה, וואָס האָסטו דערויף צו זאָגן?

ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי ער זאָל אָנהייבן, האָט ער זיך גע־וואָנדן מיטן בליק צו אונדז (ער האָט טאַקע אויסגעזען ווי אַ מין „שווייק״!) האָט מאָנידעס אים אונטערגעשעפּטשעט: איר האָט עדות, וואָס זענען געווען דעמאָלט אייערע חברים?

ווייזט אויס אַז דיאַמאַנט האָט באַקומען מוט, אויך פון אָט דער גאָר קליינער אינטערווענץ, מאָנידעסעס, און האָט געזאָגט אויף אַ קול:

— בעסער זאָלן אויפקלערן עדות!... סע זענען פאַראַנען דאָ נשמות. וואָס האָבן אַקטיווירט דעמאָלט מיט מיר צוזאַמען...

(בעסער זאָל ער וואָס ווייניקער רעדן! — האָט מיר אַריינגע־שעפּטשעט אין אויער מאָנידעס — ער קאָן נאָר פאַרדאַרבן מיט זיינע אומ־באַהאָלפענע רייד. דער ערגעסטער עדות וועט אים מער ניצלעך זיין!).

...עס איז דאָ חבר מאַגאַז, וואָס קאָן עדות זאָגן — האָט דיאַמאַנט אַרויסגעשטאַמלט.

(ער איז נישט אַזוי נאַאיוו ווי ער זעט אויס, זאָגט מיר מאָנידעס, ער האָט נישט געשטעלט קיין יידישן עדות!...).

דער ראש בית־דין האָט אויסגערופן:

— נשמה מאַגאַז, וואָס ווייסט איר וועגן אָט דעם ענין?

(דער מישפּט האָט גאָר אַן אַנדערע פּאָרעם, און אַן אַנדערן מעטאָד, זאָגט מיר מאָנידעס, נישט דער פּראָקוראָר פירט דעם מישפּט, ווי ער פלעגט זיך נוהג זיין ביז איצט... אַזוי וועט עס בלייבן? וואונדערט זיך מאָנידעס. דער בית־דין וויל שוין נישט האָבן צו טון מיט קיין קאָמפּראָמיטירטן קטיגור?! ביז איצט איז פאַר זיי בילכער געווען, אַז דער קטיגור זאָל „אַרויסנעמען די ברענענדיקע קעסטן פונעם פייער!״)...

— איך האָב אַקטיווירט מיט דער נשמה דיאַמאַנט — האָט מאַגאַז אָנגעהויבן אין דער שטיל, אַז מע האָט אים קוים געהערט (ער האָט נישט געזאָגט „חבר דיאַמאַנט״ נאָר בלויז „נשמה דיאַמאַנט״, דאָס הייסט אַז ער האָט דאָך נישט געוואַגט זיך צו סאָלידאַריזירן מיט אים, אין חברשאַפט... אַזוי טוט אַ דערפאַרענער פּאָרזיכטיקער) — אין יענער צייט, ווען מיר האָבן געפירט די טעטיקייט אין דער אונטערגרונט האָבן מיר געהאַלטן די קאָמערל־זיצונגען ביי אים אין געוועלב. דאָס הייסט, אַז איין מאָל צי צוויי מאָל אין חודש זענען מיר זיך צונויפגעקומען צו דיאַמאַנטן אין געוועלב. ער האָט צוגעמאַכט די לאָדנס און מיר האָבן זיך דאָרט פאַרשלאָסן און דאָרט גע־האַלטן די זיצונגען...

דער קטיגור האָט זיך ווייזט אויס נישט געקאָנט איינהאלטן און האָט איבערגעשלאָגן די רייד פונעם עדות:

— דאָס הייסט אז איר אָנערקענט אז דער געמישפּטער האָט געהאט זיין אייגן געוועלב?

— וואָס דאַרף איך דאָ אָנערקענען? — פרעגט מאַגאַז — ער האָט דען געלייקנט?!

אזוי האָט מען אויסגעהערט נאָך דער ריי דריי צי פיר עדות, וואָס האָבן געזאָגט דאָס זעלביקע, אז זיי האָבן אָנטייל גענומען אין יענע זיצונגען פון זייער באַוועגונג־קעמערל, וואָס זענען אָפּגעהאלטן געוואָרן אין געוועלב פון משה דיאמאנט.

מאָנידעס האָט אָבער אויך געבעטן דאָס וואָרט. ער האָט אויפגעהויבן א האנט און זי אזוי געהאלטן אין דער הייך, ביז דער ראש בית־דין האָט זיך שוין נישט געקאָנט מאכן אז ער זעט זי נישט, האָט ער אים געגעבן דאָס וואָרט:

— וואָס האָט איר צו זאָגן? — האָט דער ראש בית־דין געפרעגט — איר האָט אויך צו זאָגן אן עדותשאפט?

— אז סע וועט מיר דערלויבט זיין — האָט מאָנידעס געזאָגט מיט דרך־ארץ — וועל איך פרעגן א שאלה דעם לעצטן עדות.

דער ראש בית־דין האָט זיך באַראָטן מיטן קטיגור, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— פרעגט! — האָט קורץ געזאָגט דער ראש בית־דין, אן אומצופריי־דענער, ווייל ער האָט אים ווייזט אויס שוין געקענט.

— וואָס וואָלט געווען געשען מיט דער נשמה דיאמאנט, ווען די פּאָ־ליציי וואָלט געווען אייך געכאפּט דאָרט, אין זיין געוועלב, ווען איר האָט געהאלטן דאָרט די זיצונג, אין וועלכער סע האָט זיך אויך באטייליקט דער געמישפּטער?

— איך פּראָטעסטיר! — האָט אויסגעשריגן דער קטיגור — דאָס גע־הער נישט צ.ם ענין. פאר וואָס זאָל מען זיך אָפּוויכן פונעם עצם מישפּט? דאָס איז נישט מער ווי אָבסטרוקציע!...

אין זאל איז געוואָרן שטיל אויף איין מאָמענט. אָבער מאָנידעס איז באלד צו זיך געקומען:

— איך האָב געמיינט אז דאָ מישפּט מען די נשמה דיאמאנט — האָט ער איראָניש געזאָגט, וואָס האָט געקאָנט ארויסברענגען פון די כלים אויף דעם געדולדיקסטן אויף דער וועלט. ער האָט נישט אויפגעהויבן דעם טאָן,

האָט נישט געשריגן. אדרבה, ער האָט נאָך פיל שטילער גערעדט ווי ווען ער האָט געשטעלט זיין פראגע. אָבער ווי שטיל ער זאָל געווען רעדן, אָדער גאָר דווקא דערפאר ווייל ער האָט גערעדט שטיל, דווקא מיט דעם, האָט ער אויפגעבראכט אי דעם קטיגור אי דעם בית־דין...

— איך פאָדער אייך אויף — האָט דער ראש בית דין אויסגעשריגן צו מאָנידעסן — אז איר זאָלט אייך פארהאלטן מיט דרך־ארץ לגבי דעם בית־דין של מעלה, אז איר ווילט נישט אז מע זאָל אייך פארבעטן צו פאר־לאָזן דעם זאל...

— אויב איך האָב עמעצן באליידיקט, מיט מיין א וואָרט — האָט מאָ־נידעס געזאָגט מ־ט געמאכטער באשיידנקייט, וואָס מע האָט נישט געוואוסט אויף קלאָר: מיינט ער עס ערנסט, צי מאכט ער חוזק פון זיי — איז בעט איך מחילה... איך בין נישט אויסן געווען צו באַרירן דעם כבוד פון קיי־נעם... איך האָב נאָר געוואָלט בייהילפיק זיין, לויט מיינע באשיידענע כוחות פון מיין פארשטאנד, אז פארן בית־דין של מעלה זאָלן קלאָר זיין די מעשים פון דעם חבר (דאָס מאָל האָט ער דעמאָנסטראטיוו אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „חבר"!) דיאמאנט, וועלכער ווערט דאָ געמישפט... איז בעט איך, אז דער עדות זאָל ענטפערן אויף מיין פראגע. איז נויטיק אז איך זאָל אי־בערחזרן די פראגע מיינע?

— עדות! — ווענדט זיך דער ראש בית־דין צום עדות — האָט איר פארשטאנען די פראגע, צי ווילט איר אז מע זאָל זי איבערחזרן?

— איך קאָן ענטפערן אויף דער פראגע — האָט דער עדות געזאָגט — און אלע מיינע חברים וואָס האָבן דאָ עדות געזאָגט, וועלן קאָנען זאָגן דאָס זעלביקע, ווייל די זאך איז דאָך קלאָר: אויב מע וואָלט אונדז געווען גע־כאפט דעמאָלט ביי דיאמאנטן, אז מיר האלטן דאָרט אָפּ אזא מין געהיימע זיצונג (וואָס וואָלט מען דען געקאָנט זאָגן אז מיר טוען דאָרט, אויב נישט א זיצונג?), וואָלט מען אים נאָך מער באשטראָפט ווי אונדז אלעמען... מיר וואָלטן געווען איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. ער אָבער, ווי דער באלע־באָס פונעם געוועלב, וואָלט געווען געוואָרן געמישפט ווי איינער וואָס איז דער אָרגאניזאטאָר. מע וואָלט אים צוגעשפארט זיין געוועלב און קיין מאָל וואָלט ער מער נישט באקומען קיין דערלויבעניש אויפצועפענען אן אנדער געוועלב. דאָס הייסט אז ער און זיין הויזגעזינד, וואָלט געבליבן אָן פרנסה... ער אליין וואָלט געזעסן אין תפיסה עטלעכע יאָר...

— ווילט איר מע זאָל אויסהערן אויך די אנדערע עדות אין דער זעלביקער פראגע? — האָט דער ראש בית־דין זיך געוואָנדן, אָבער מע האָט

נישט געוואוסט צו וועמען ער אדרעסירט אָט די פראגע: צו מאָנידעסן צי צו דעם קטיגור.

מאָנידעס האָט געענטפערט, ווען ער האָט געזען אז דער קטיגור זאָגט נישט גאָרנישט:

— איך מיין אז עס איז נישט נויטיק אויסצוהערן אויך די אנדערע עדות. איך וויל אָבער פרעגן דעם חבר דיאמאנט: איר זענט געזעסן אין תפיסה פאר אומלעגאלער טעטיקייט?

— ענטפערט, נשמה! — האָט געזאָגט דער ראש בית־דין צו דיא־מאנטן, וועלכער האָט נישט געוואגט צו ענטפערן אָן דער הסכמה פונעם ראש בית־דין.

— איך בין נישט געזעסן אין תפיסה... איך בין געווען אינטער־נירט אין א קאָנצענטראציע־לאגער פאר אומלעגאלער אנטיפאשיסטישער טעטיקייט...

— זאָל די נשמה ענטפערן — זאָגט ווייטער מאָנידעס — פאר וואָס האָט מען זי אויסגעשלאָסן פון דער באַוועגונג און אויפגעהערט איר צו צאָלן די פענסיע?

— דאָס איז דאָך שוין קלאָר געוואָרן, נאָך איידער מע האָט אָנגע־הויבן דעם מישפט! — רופט אויס דער קטיגור — דאָס איז דאָך ממש אָבסטרוקציע...

אין זאַל איז געוואָרן א געמורמל, ווי אין א בינשטאָק. די געמיטער האָבן זיך דערוואַרעמט. די עזותדיקע האלטונג פונעם קטיגור האָט ארויס־געברענגט פון די כלים אלע נשמות, וואָס זענען בייגעווען ביים מישפט. ווייזט אויס אז דאָס האָט געגעבן מוט אויך יענע וואָס האָבן נישט געבעטן קיין וואָרט, ווי מאָנידעס האָט עס געטון, אָבער זיי האָבן אָנגעהויבן צו רעדן אויף א קול, צווישן זיך, אז עס איז געוואָרן קלאָר, אז אזוי וועט מען נישט קאָנען פאָרזעצן דעם מישפט.

דער ראש בית־דין האָט זיך געפרואווט באהערשן, כדי נישט צו באַ־גיין אן אנדערן פעלער, וואָס זאָל אים אויך קאָמפּראָמיטירן, ווי ער האָט געזען אז דער קטיגור איז פולשטענדיק קאָמפּראָמיטירט געוואָרן, און גאנץ באשטימט וועט ער אים מוזן מוסרן, און אפשר גאָר אָפּזאָגן און נעמען אן אנדערן אויף זיין אָרט, כדי פאָרצוזעצן אָט דעם מישפט, וואָס איז געוואָרן פיינלעך פארן גאנצן בית־דין... האָט ער געזאָגט מיט א ווייכערן טאָן, גלייך ער וואָלט געוואָלט איבערבעטן די אויפגעטראָגענע געמיטער:

— נשמה דיאמאנט, וואָס האָט איר צו זאָגן?

— איך... איך, האָב גאָרנישט צו זאָגן — האָט ער אָנגעהויבן צו שטאמלען — וואָס זאָל איך זאָגן? מיינט איר אז עס איז געווען א יושר, וואָס מע האָט מיך אויף דער עלטער געלאָזט אָן א פּענסיע, ווען מע האָט מיך אויסגעשלאָסן פון דער באַוועגונג בלויז צוליב דעם וואָס איך האָב אַמאָל געהאט א געוועלב? (ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, גלייך ער וואָלט געוואַרט אויף אַן ענטפער פון עמעצן, און אז דער ענטפער איז נישט געקומען, האָט ער זיך געוואָנדן דירעקט צום קטיגור:) אפשר וועט עס מיר אויפקלערן דער חשובער קטיגור?

— וואו געפינט איר זיך, אָנגעקלאָגטער? — האָט אויסגעשריגן דער קטיגור אנשטאט ער זאָל ענטפערן — איר שטעלט דאָ נישט קיין פראַגן, ווייל נישט מיך, נאָר אייך מישפּט מען דאָ היינט!...

— איז זייט מוחל — האָט מאָנידעס זיך געמאַכט קוראַזש און געפרעגט דעם קטיגור — ענטפערט מיר אויף א פראַגע, ווייל מיך מישפּט מען דאָך היינט נישט דאָ — האָט ער שוין געזאָגט מיט נישט ווייניק איראָניע — ווען מע האָט געהאלטן די זיצונגען ביי דיאַמאַנטן אין געוועלב, האָט מען געוואוסט אז ער איז א קליינבירגער, אַן אויסניצער, אַן עקספּלאָאַטירער, אַן אייגנטימער, פונעם פאַרפוילטן קלאַס... און אזוי ווייטער. פאַר וואָס האָט מען אים דעמאָלט אָנגענומען אין דער באַוועגונג, און מע האָט גאָר אויסגעקליבן ביי אים צו האלטן די זיצונגען?!

אין זאַל איז אויסגעבראָכן א געלעכטער, וואָס דער ראש בית־דין האָט נישט געקאָנט מער איינשטילן. אומזיסט האָט ער גערופן צו אָרדענונג, צו דיסציפּלין. ער האָט געסטראַשעט אז ער וועט באַפעלן פאַרלאָזן דעם זאַל, די אַלע וואָס מאַכן אַן א רעש — עס האָט נישט געהאָלפן.

די זיצונג איז איבערגעריסן געוואָרן און איז אָפּגעלייגט געוואָרן... ניין, דער ראש בית־דין האָט גאָר פאַרגעסן, אין דער בהלה, אָנצוזאָגן ווען די קומענדיקע זיצונג וועט פאַרגעזעצט ווערן...

# אויך נאָכן טויט קאָן מען האָפן...

אויפן עולם־האמת טראָגן די נשמות נישט קיין טאַשן־זייגערלעך. אפשר ווייל זיי האָבן נישט קיין טאַשן?... און ווען זיי וואָלטן יאָ געהאַט, וואָלטן זיי אויך נישט געטראָגן ביי זיך קיין זייגערלעך, פשוט דערפאַר ווייל דאָ איז נישט געמאָסטן די צייט מיט דער זעלביקער קאַרגקייט ווי דאָרט, אויף דער ערדישער וועלט... (דערפאַר טראָגט מען דאָ אויך נישט קיין האַנטזייגער־לעך!)... צו וואָס מעסטן די צייט, ווען מע האָט צו טון נישט מיט שעהן, טעג צי חדשים אָדער יאָרן — נאָר מיט אייביקייטן?! מע דאַרף זיך דען איילן ערגעץ אָנצוקומען?

דערפאַר זענען דאָ אויך נישט פאַראַנען קיין קאַלענדאַרן...

...אַזוי זענען אַוועק נישט נאָר נעכט, וואָכן און חדשים, לויט דער ערדישער צייטרעכענונג — נאָר אויך יאָרן... קיינער האָט זיי נישט געציילט און אויך נישט באַמערקט, ווי זיי פאַרלויפן ווי אין אַ חלום. איך האָב אויך נישט באַמערקט. איך האָב זיך אויך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פון דער פאַר־לאָפענער צייט (דאָ האַלט מען דען די יאָרציַיטן, אייגענע צי פרעמדע?!). דער־פאַר זענען די פאַרצייכענונגען מיינע אַזוי אַרויסגעקומען ווי גלייך זיי וואָלטן געווען געמאַכט געוואָרן אין עטלעכע טעג, העכסטנס, וואָכן. אָבער אין דער אמתן זענען פאַרבייגעגאַנגען גאַנצע זיבן יאָר...

איך האָב זיך דאָך נישט אָפּגעגעבן מיטן פאַרצייכענען די טאָג־טעגלעכע איינדרוקן, אַזוי ווי איך האָב זיך פירגענומען און אָנגעהויבן, אין די ערשטע נעכט פון מיין זיין דאָ, אויף אָט דעם צווינטער, וואָס האָט מיר אין אָנהויב אויסגעזען אַזוי פרעמד, מיינענדיק אַז דער גאַנצער עולם־האמת קוקט נאָר אויף מיר... אמת, איין טייל מתים, די יידישע האָבן אויף מיר געקוקט קרום, וואָס איך בין נישט אָנגעטון מיט קיין תכריכים, און דער אַנדערער טייל מתים, די נישט־יידישע, האָבן מיך אָנגעקוקט ווי אַ פרעמדן, ווייל איך האָב נישט קיין צלם אויף מיין מצבה... איך האָב קודם געמיינט אַז איך בין איינער אַליין, ווי אַ ווייסע קראָ — אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך איינגעלעבט מיט מיין ספּעציפישן מצב. איך האָב בכלל נישט באַמערקט (ווייל אין אָנהויב האָב איך זיך געמאַכט אַז איך נעם נישט אין אכט אָט יענע קרומע בליקן, מיט וועלכע די שכנים האָבן מיך אָנגעקוקט!), ווי אַזוי אַנדערע קוקן אויף מיר, ביז זיי האָבן זיך אויך איינגע־

לעבט מיט מיין דאָאיקער עקזיסטענץ... ניין, די טאָג־טעגלעכע איינדרוקן האָבן מיט דער צייט אויף מיר שוין געמאכט א קלענערן רושם. מיך האָבן מערער באשעפטיקט די פּראָצעסן, ביי וועלכע דער בית־דין של מעלה האָט געמישפּט די נשמות...

טאקע דערפאר אפשר זענען די פארצייכענונגען מיינע פול מיט רע־טאָרישע וויכוחים...

פאר וואָס מאך איך היינט כמעט א סך־הכל פון מיין זיבן יעריקן דאָ זיין? ווייל א נייע נשמה, א לעבעדיקער מת, וואָס איז איצט אָנגעקומען אויפן עולם־האמת האָט מיר געברענגט די ידיעה אז עס איז געקומען א סוף צו מיין צווינטערישער עקזיסטענץ...

די מעשה איז אזוי: יענער מת, וואָס פארמאָגט נישט קיין „אייביק אָרט" אויף א צווינטער, איז נאָך די זיבן יאָר גראָבט מען אים אויס, כדי צו מאכן פלאץ פאר אן אנדערן מת, א יונגערן, וואָס איז נאר וואָס גע־שטאָרבן...

פאר איינעם, וואָס איז שוין איבערגעקומען דעם מישפּט, און ער איז שוין פארטיילט געוואָרן ערגעץ, אין גיהנום (צייטווייליק, ווייל קיינער בלייבט דאָך נישט אויף אייביק אין גיהנום... נאָכן איבערקומען די גיהנום־דיקע שטראָף קומט דאָך אָן סוף־כל־סוף יעדע נשמה אין ליכטיקן גן־עדן!), צי גראָד אין גן־עדן, דעם אינטערעסירט עס שוין ווייניק, וואו מע וועט אים איבערפירן דאָס בינטל ביינדלעך, וואָס זענען נאָך איבערגעבליבן, פון זיין ערדישער עקזיסטענץ. די הויפט איז דאָך ביי אים די נשמה, און די נשמה איז דאָך שוין אין גן־עדן און פארברענגט די צייט זינגענדיק שירה, צוזאמען מיט די מלאָכים...

(איך ווייס נישט וואָס סע ווערט געזאָגט אין דער זינגענדיקער שירה אָבער לויט א צעטעלע וואָס איך האָב געפונען, בין איך זיך משער, אז דאָס זאָל אויך געהערן צו דער שירה:

„הייליקע נשמות,
לעבעדיקע מתים...
אָנגעטון אין תכריכים,
געהילטע אין טליתים...

סוף יאָרן צוויי טויזנט,
אונדזער יאָרהונדערט,
דאָך איז ער אזוי
מאָדנע פארוואונדערט...

פארזאמלט אייך מתים
נשמות פון אלע וועלטן —
קעמפט פאר יושר
אין קברים־געצעלטן...

זייט אייך נישט מייאש,
נשמות, געוואלד!
א יושרדיקע וועלט
קומען וועט באלד...

איך וויים נישט ווער עס האָט דאָס אָנגעשריבן. אפשר מאָנידעס, ווייל עס איז געווען לעבן זיין קבר. איז קאָן זיין, אז דאָס זאָל זיין פון דער שירה וואָס מע זינגט אין גן־עדן?!)...

איך האָב אָבער נישט געהאט די זכיה, אז מ׳ע זאָל מיך שוין מישפטן (אפשר איז אזוי גאָר בעסער, אפשר וועט זיך מיט דער צייט ענדערן דער מעטאָד פון די קטיגורים און אפילו די פראָצעדור פון די בית־דינס!, והא ראייה ביי דער לעצטער זיצונג פון א פראָצעס ביי וועלכן איך בין געווען האָט דאָך זיך שוין ארויסגעוויזן א שפראָץ פון אן ענדערונג!). איז וועל איך נאָך מוזן איבערווארטן א שטיקל צייט, ביז סע וועט קומען אויך מיין מישפט...

ביז דעמאָלט? ביז דעמאָלט וועט מסתמא עפעס געשען מיט מיין ערדישן געביין... דער ניי־אָנגעקומענער שכן אויפן בית־עולם (נישט אויפן צווינטער!) האָט מיר געוואוסט צו דערציילן, אז ער איז געווען אויף מיין לוויה... דאָס האָט מיין פרוי מסכים געווען אז מע זאָל מיך באערדיקן אויפן צווינטער, כדי זי זאָל זיין פארזיכערט אז זי, און מיין טאָכטער, וועלן האָב א בעסערע פענסיע...

— נו, און זיי האָבן טאַקע באקומען א בעסערע פענסיע? — פרעג איך א נייגעריקער, אָבער אויפגעבראכט פאר ריגזה, וואָס זי האָט זיך געשפילט מיט מיין טויטן קערפער, כדי זי זאָל האָבן א ריווח פון עטלעכע

גראָשן! — האָבן זיי כאָטש הנאה געהאַט אויף „יענער" וועלט פון מײַנע בושות אויף „דער" וועלט?!

— זיי האָבן באַקומען — האָט די נײַ־אָנגעקומענע נשמה זיך צעלאַכט — וואָס זאָלן זיי באַקומען? זיי האָבן באַקומען לויטן געזעץ, וואָס זיי וואָלטן סײַ ווי באַקומען, אויך ווען זי באַערדיקט אײַך אויף א ײדישן בית־עלמין: אָבער לאַנג וועט איר שוין מער נישט בלײַבן דאָ. איצט ווען סע ווערן די זיבן יאָר, זינט איר זענט דאָ באַהאַלטן געוואָרן, וועט זי מוזן איבערגעבן דאָס אָרט פאַר אַן אַנדערן קבר, וועט מען אײַך איבערפירן פון דאָ...

— וואוהין וועט מען מיך איבערפירן? — פרעג איך א נײַגעריקער

— האָט מען שוין באַשטימט וואוהין? (בעסער וואָלט מען מיך שוין געלאָזט דאָ, וואו איך האָב זיך שוין צוגעוואוינט)...

— ניין, דאָס האָט זי נאָך נישט באַשלאָסן... אויף וויפל איך ווייס — זאָגט מיר די נײַ־אָנגעקומענע נשמה — איז געווען א מיינונג פון אײַער א קרוב, אז מע זאָל אײַך איבערפירן אויפן הר־הזיתים... אמת, סע דאַרף קאָסטן א ביסל טײַערער, אָבער ער האָט עס טאַקע געוואָלט פינאַנסירן די הוצאות, נאָר איר זאָלט רוען... בכל־אופן וועט איר איבערגעפירט ווערן אויף א ײדישן בית־עולם...

...כל זמן מע לעבט, אפילו ווי א לעבעדיקער מת, טאָר מען נישט פאַרלירן די האָפענונג. ניין. אויך נאָכן טויט קאָן מען האָפן... קאָן איך דאָך אויך אָנקומען אויפן הר־הזיתים...

אָט פאַר וואָס איך מוז זיך צעטיילן און מאַכן דעם סך־הכל פון מײַנע פאַרצײַכענונגען. ווײַל ווי איך דאַרף זיך דערוואַרטן, וועל איך דאָך מוזן איבעררײַסן מיט אָט דעם נישט־וויסנשאַפטלעכן פאַנטאַסטישן ראָמאַן...

כדי נישט צו דערלאָזן די חשבונות פון די פאַרצײַכענונגען נישט פאַרענדיקט, מוז איך נאָך צוגעבן עטלעכע דאַטן וועגן אָט די טויטע נשמות, צי לעבעדיקע מתים, וועגן וועלכע איך האָב דאָ פאַרצײַכנט עפּעס וועגן זייער גורל.

למשל, נאָך דער ריי, וועגן:

בערל שטערן, יענער מיטן מגן־דוד אויף זײַן ברוסט, איז אין דער זעלביקער לאַגע, אין וועלכער מע האָט אים דעמאָלט געלאָזט, ער מעג

אריינגיין אין גן־עדן ווען ער וויל. דאָס הייסט, אז ער איז פאררעכנט גע־וואָרן מצד דעם בית־דין פאר א צדיק, אָבער קיין אָרט אין גן־עדן האָט ער נישט באקומען (דאָס איז ווי אויף דער ערדישער וועלט, ווען עמעצער קויפט א בילעט צי פאָרן אויף דער באַן, אָבער אויף אן אָרט צום זיצן האָט ער קיין טיקעט נישט... ער מעג זיך זעצן, וואו ער געפינט א ליידיק אָרט. קומט אָבער אן אנדערע נשמה, און האָט יאָ א טיקעט פאר יענעם אָרט, מוז ער, בערל שטערן, זיך אויפהייבן!). ער איז צופרידן... ער זאָגט זיך, אז סע וואָלט דאָך געקאָנט זיין ערגער...

...פון צייט צו צייט גייט ער זיך לאָזן באהאנדלען פון א פסיכיאַטער.

מאָטיע קאָפמאַן, דער וואָס האָט צו פיל מצוות, דער האָט באקומען א פסק־דין אז ער מוז קודם דורכמאכן א קאנדידאטור־סטאזש אין גן־עדן (איך האָב זיך נישט דערוואוסט געננוי, וויפל יאָר!), ביז ער וועט האָבן דאָס רעכט צו זיין צווישן די צדיקים אין גן־עדן... ביז דעמאָלט גייט ער ארום בארימענדיק זיך מיט זיין געוועזענער נישט־יידישער פרוי, מאַרגיט, וואָס לויט זיין מיינונג (און אויך לויט די וואָס הערן זיך צו צו זיינע מע־שיות!) איז זי די גרעסטע צדקית צווישן די ווייבער (לאָמיך אָנערקענען, אז אויך לגבי מיינער, וואָס האָט מיך באערדיקט אויף א צווינטער, איז זי דאָך אויך מער צדקית!)...

משה דיאמאנט, יענער וואָס איז געווען ענלעך אין מער פּרטים צום „סאָלדאט שווייק”, יענער וועט מסתמא פארמישפט ווערן, ווייל ער האָט אָפּגענארט די באוועגונג, ווייל ער האָט... איך האָב נישט פארשטאנען גע־נוי, פאר וואָס. אלנפאלס איז עס אין שייכות מיט זיין געוועלב, אין וועלכן מע האָט אמאָל געהאלטן די זיצונגען פונעם קעמערל... יאָ, איך האָב זיך דערמאנט: מע וועט אים באשטראָפן, ווייל ער האָט זיך נישט גענוג פאר־טיידיקט, אז ער זאָל געווען צור־באקומען די פענסיע, וואָס מע האָט ביי אים צוגענומען... דאָס הייסט, אז מע וועט אים באשטראָפן, ווייל ער איז נישט געווען גענוג אקטיוו, און דערמיט האָט ער ארויסגעהאָלפן און דער־מוטיקט דעם אומיושר וואָס מען איז באגאנגען קעגן אים, און מסתמא אויך קעגן אנדערע אין זיין לאגע...

מיהאי מאָנידעס, מיין ליבער קלוגער, מוטיקער שכן, וואָס האָט קודם זיך אויסבאהאלטן אז ער איז א ייד, און דערנאָך האָט זיך עס ארויסגעוויזן

אז ער איז דווקא א שטאָלצער ייד, און ווייסט ווי אזוי זיך צו פארטיידיקן נישט נאָר זיך, נאָר אויך אנדערע, קעגן די עוולות וואָס דער קטיגור און דער בית־דין האָט געוואָלט קעגן אים באגיין — אָט דער מאָנידעס, האָט זוכה געווען אז מען זאָל אים שעצן און ערן, סיי וואו ער האָט זיך באוויזן. א שאָד, וואָס מע האָט אים אזוי פיל געהאלטן אין שאך און מע האָט נישט ארויס געזאָגט זיין פסק... 'א גוטער חבר געווען אָט דער מאָנידעס ער האָט מיט מיר געמאכט די שול ווי אזוי איך זאָל זיך אויפפירן דאָ, אויף אָט דעם עולם־האמת, וואו מע דארף דעם אמת זוכן... ווייל אויך דאָ וואלט געווען ער זיך נישט אונטער די פיס...

איין זאך איז מיר מאָנידעס שולדיק געבליבן: ער האָט מיר נאָך נישט אויפגעקלערט, ווי אזוי עס איז מיטן „גדליה־אינטערנאציאָנאל“...

# דער אינטערנאַציאָנאַל פון גוטע נשמות

אויב איך האָב אַמאָל גרינג געשאַצט מאָנידעסן, פאַר זיינע שוואַכקייטן (וועלכע נשמה האָט נישט אירע שוואַכקייטן?!). דאָס מאָל האָב איך אים מוחל געווען אלצדינג... ער האָט מיך געוואונען מיט זיין מוטיקער האַלטונג ביי דער לעצטער זיצונג פון דיאַמאַנטס מישפּט. איצט, ווען איך האָב שוין געוואוסט אין וואָס פאַר א מצב ער אליין געפינט זיך, וואָס איז אויך נישט פון צווישן די בעסטע, האָב איך פאַרשטאַנען ווי אַזוי איך דאַרף אָפּשאַצן זיין קוראַזש זיך אַקעגנצושטעלן דעם קטיגור. און אפילו אויך דעם בית־דין, נאָר אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג, וועלכע האָט געהאַט די הסכמה פון אלע נשמות, וואָס זענען געווען דערביי.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט, האָב איך אים געזאָגט דאָס אלץ. איך האָב אים געזאָגט גאַנץ אָפן, אַז ער איז ווערט מע זאָל אים אָפּגעבן דעם גאַנצן כבוד, ווייל ער האָט געזאָגט דאָס, וואָס אלע האָבן געהאַט אויף דער צונג — אָבער בלויז ער האָט געהאַט דעם מוט עס צו זאָגן אָפן...

ער האָט זיך געמאַכט גלייך ער הערט נישט, וואָס איך רעדט צו אים. סע קאָן זיין, אַז ער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין באַשיידנקייט, הגם איך האַלט אים נישט פאַר אַזא באַשיידענעם!); סע קאָן זיין אַז ער האָט נישט געוואָלט רעדן דעריבער, ווייל עס איז אים אפשר פיינלעך, ווייל סוף־כל־סוף קאָן ער דאָך זיך דערוואַרטן אויף רעפּרעסיעס וואָס וועלן געמאַכט ווערן קעגן אים, כדי אים און אנדערע, ווי אים, אָנצולערנען, אַז זיי זאָלן האַלטן דאָס מויל ווען זיי זענען נישט געפרעגט געוואָרן... מעגלעך גאָר, אַז אים טוט באַנג וואָס ער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן, ווי אנדערע האָבן עס געטאָן, און האָבן געשוויגן, אָבער העכסטנס האָבן זיי געמורמלט אונטער דער נאָז, אָבער דאָך נישט אַרויסגעטרעטן אָפן מיט אַזעלכע הארבע דיבורים... מעגלעך, אַז סע האָט אים באַנג געטון ווייס מיר וועלן זיך צעשיידן, ווייל ער איז דאָך שוין אויך געוואויר געוואָרן, אַז מע וועט מיך איבערפירן אויף אן אנדערן בית־עלמין...

— נו, חבר זעליקאָוויטש — האָט ער נאָך א קליינער פּויזע געזאָגט מיט א פריינדלעכן טאָן, — היינט וועלן מיר אויפקלערן וועגן גדליהס אינ־

טערנאַציאָנאַל... — ער האָט נישט געוואָרט אויף קיין ענטפער פון מיר און האָט פאָרגעזעצט — דער שרייבער איסאַק באַבעל האָט אַ קורצע סקיצע אונטערן טיטל „גדליה". אין אָט דער קורצער דערציילונג באַשרייבט ער מיט לירישער נאָסטאַלגיע אַ פּרייטיק צונאַכטס, ווען ער האָט זיך דערמאָנט פון זיין קינדהייט, ווען שבת איז ביי זיינע זיידע־באָבע געווען אַ הייליקער שבת וואָס האָט פאַרכישופט זיין קינדיש האַרץ. איצט, ווי אַ רעוואָלוציאָנער קאַוועלעריסט, וואָס קעמפט מיט דער קאָנטררעוואָלוציע האָט ער פאַר־בלאָנדזשעט קיין זשיטאָמיר. דאָ טרעפט ער דעם איינציקן ייד, וואָס איז פאַרבליבן אין זיין אַלטוואַרג־קראָם, און ער פאַרפירט מיט גדליהן אַ פילאָ־סאָפירנדיקן שמועס: גדליה איז מסכים מיט דער רעוואָלוציע, ער זאָגט נאָך אמן... אָבער ער קאָן נישט פאַרשטיין, פאַר וואָס ענטפערט אויך די רעוואָ־לוציע מיט שיסערייען?!... זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, אָט דאָס האָט גדליה נישט געקאָנט משיג זיין מיט זיין יידישן פילאָסאָפירנדיקן מוח. און סע ווייזט אויס, פונעם אופן דערציילן, ווי אַזוי באַבעל שילדערט אָט דעם שמועס, אַז ער אַליין, באַבעל גופא, האָט עס אויך נישט גע־קאָנט (אָדער געוואָלט!) פאַרשטיין (אָדער אָראָפּשלינגען). גדליה פאַר־שטייט אַז די פּאָגראָמשטשיקעס, די ווייסע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן האָבן אויסגעזויגן דאָס בלוט ביי די יידן, האָבן געראַבעוועט און האָבן געמאָרדעט. איז געקומען די רעוואָלוציע און האָט זיך אָנגענומען די קריוודע און זיי געגעבן קלעפּ — יאָ, דאָס איז רעוואָלוציע, זאָגט גדליה. דאָס פאַרשטייט ער, אַז עס איז יושר און מע דאַרף אַזאַ רעוואָלוציע באַיאָען... אָבער שפּע־טער איז געקומען די זעלביקע רעוואָלוציע צו גדליהן און אים געזאָגט אַז ער זאָל פאַררעגיסטרירן זיין גראַמאָפאָן. זעט איר, חבר זעליקאָוויטש, אָט דאָס האָט שוין גדליה נישט פאַרשטאַנען, און ער האָט זיינע טענות ארויס־געזאָגט צו זיין מיטשמועסער, צו באַבעלן. ער, גדליה, האָט ליב מוזיק, איז פאַר וואָס זאָל ער פאַררעגיסטרירן דעם גראַמאַפאָן זיינעם?! פאַר וואָס זאָל אויך די רעוואָלוציע אים סטראַשען מיט שיסן?!... פּאָגראָמשטשיקעס האָבן גע־שאָסן, ווייל זיי זענען קאָנטררעוואָלוציע. אָבער די רעוואָלוציע, פאַר וואָס זאָל זי שיסן?! רעוואָלוציע איז דאָך גוט, דאָס איז דאָך אַ גוטער אויפטו — שיסן, דאָס איז שלעכט. הייסט דאָס אַז די רעוואָלוציע ווערט געמאַכט דורך שלעכטע מענטשן?! קאָנטררעוואָלוציע, דאָס זענען שלעכטע מענטשן... וואו זשע זענען די גוטע מענטשן, וואו איז רעוואָלוציע און וואו איז קאָנ־טררעוואָלוציע?... איר פאַרשטייט, חבר זעליקאָוויטש, אין וואָס פאַר אַ

פארלעגנהייט באבעל האָט זיך געפונען, ווען אָט דער גדליהשער גמרא־קאָפּ האָט אים געשטעלט אזעלכע הארבע קשיות? „ברענגט צו פירן קיין זשיט־אָמיר — האָט גדליה אים געזאָגט — גוטע מענטשן און מיר ווען זיי אָפּ־געבן אלע גראמאפאָנען... אינטערנאציאָנאל? יאָ, איך וויל אן אינטערנאַ־ציאָנאל פון גוטע מענטשן"...

דאָ האָט זיך מאָנידעס אָפּגעשטעלט. ער האָט מסתמא געוואַרט אז איך זאָל אים איבערפרעגן עפּעס. אָבער איך האָב אים נישט געפרעגט און נישט געהאט וואָס צו פרעגן, ווייל מיר האָט זיך אויסגעדאכט אז איך האָב אלץ תופס געווען פון דער תלמודישער פילאָזאָפיע פון גדליהס אינטערנאַ־ציאָנאל. מאָנידעס האָט אָבער געפילט א נויטווענדיקייט מיר עס צו פאַר־טייטשן, אויך ווען איך האָב אים נישט געשטעלט קיין שום פראגן. און ער האָט פאָרגעזעצט זיין לעקציע:

...די גאנצע סקיצע, באבעלס, האָט נישט מער ווי פיר זייטלעך. אָבער זי האָט אין זיך אזוי פיל יידישע חכמה, אזוי פיל יושר ווערט אין איר גע־מאָנט, קענען יעדער געוואלד, וואָס וואָלט געגנוג געווען אויף איבערצוקערן די וועלט. גיט נאָר א טראכט, חבר זעליקאָוויטש, וואָס וואָלט געווען ווי אזוי וואָלט אויסגעזען אזא וועלט, מיט אזא אינטערנאציאָנאל אזא רעוואָ־לוציע, וואָס זאָל נישט שיסן?...

— נישט תמיד שיסט מען — זאָג איך אים א ביסל צו טרייסטן, און אפשר גאָר מיך אליין צו טרייסטן — בעת דעם פייער פון א רעוואָלוציע שיסט מען... אָבער ווען דער פלאקער לעשט זיך צו ביסלעך אויס, זאָג איך, שיסט מען שוין נישט... מיר האָבן דאָך שוין גערעדט איין מאָל וועגן די שפענער וואָס פאלן בעת מע האקט א וואלד?

— דווקא וועגן אָט די שפענער רעדט זיך דאָך — זאָגט מאָנידעס
— איר האָט נישט פארשטאנען? סע פאלן צו פיל שפענער און די „וועלט", די וועלט, וואָס פרעדיקט יושר, וואָס לייגט איין וועלטן פאר „גערעכטיקייט" טאקע אָט יענע וועלט ווערט פארשטומט און עפּנט נישט דאָס מויל, ווען די שפענער זענען נישט אירע, אָדער מאכן זיך גלייך זיי וואָלטן נישט גע־ווען אירע — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — —

...דער עיקר איז, אז מע זאָל זיך נישט נעמען צום הארץ, ווייל... סע האָט זיך געוואָלט זאָגן: ווייל עס איז הכל הבל, אָבער באלד האָט זיך עס געכאַפּט, צו מזל, צו דער צייט, אז דאָס איז זייער א פאראורטיילטער פעסימיזם, וואָס איז שוין נישט אין דער מאָדע. בכלל איז יענע חכמה, די קוהלתדיקע, שוין אן אָפּגעפּרעגטע. ווער וועט זיך היינט פארלאָזן אויף אזא פעסימיסטישער, הבל־הבלימדיקער, מיינונג, אז אלץ וואָס עס איז געווען וועט זיין — ווייל עס איז נישטאָ קיין שום נייעס אונטער דער זון?

...ניין, דאָס איז נישט ריכטיק. וואָלט עס יאָ ריכטיק געווען, וואָלט מען דאָך יאָ געדארפט זיך נעמען צום הארץ, אפילו ווען עס איז די רייד פון א באַרישקייט?!...

און דאָ ווילט זיך דאָך זאָגן דעם היפּוך, אז מע זאָל זיך נישט נע־מען צום הארץ, ווייל וואָס עס איז געווען נעכטן איז שוין נישט היינט, און אויב דער היינט זעט אויס אנדערש, לגמרי אנדערש אויס ווי דער נעכטן — איז דאָך א באווייז, וואָס קיינער וועט אים נישט קאָנען אָפּלייקענען, אז דער מאָרגן וועט גאַנץ באַשטימט זיין אנדערש אויך ווי דער היינט...

...ווייל אונטער דער זון איז תמיד דאָ עפּעס נייעס!... איז דאָך אלץ אין תמידיקן בייטן זיך, אין תמידיקן פארענדערן, סיי מע זעט עס תיכף אָן, סיי מע נעמט עס אין אכט תיכף, בעת די ענדערונגען קומען פאָר, סיי מע מאכט צו די אויגן און מע וויל עס נישט אין אכט נעמען, אפילו ווען עס איז שוין א געשעענע זאַך... איז דאָך דאָס די גרונט־אידעע פון דער דיאַ־לעקטיק.

...און אפשר איז יענער בעל־הקוהלת נישט געווען אזא נאַר ווי סע דאכט זיך אויס, אז ער האָט נישט געוואוסט, צי נישט געוואָלט וויסן, וועגן די נייאיקייטן, וואָס געשעען אונטער זיין נאָז, שעה נאָך שעה, טאָג נאָך טאָג? והא ראייה, ער האָט דאָך אויך געזאָגט, אז מע זאָל זיך נישט אָפּשטעלן אויף איין בייער דערשיינונג און מיינען, אז דאָס איז שוין דאָס לעצטע וואָרט... איז דאָך א סימן, אז ער האָט אויך געוואוסט, אז דאָס לעצטע וואָרט, איז אויך נישט דאָס לעצטע, ווייל עס עקזיסטירט בכלל נישט קיין „לעצט וואָרט", ווייל נאָך יעדן לעצטן וואָרט (וואָס מע מיינט, אז עס איז דאָס לעצטע!) קומט אָן אן אנדער וואָרט, צי געשעעניש, וואָס איז נאָך לעצטער... וואָס זשע איז די מסקנה? — די נייע געזעלשאפט, וואָס מאכט זיך א וועג אין דער געשיכטע, וואָס נעמט ארום וואָס א מאָל מער שטח, סיי טייל ווילן עס יאָ זען, סיי זיי ווילן עס בכיוון נישט אָנזען און אין אכט נעמען — אָט די

דאָזיקע נייע געזעלשאפט, אויפן יסוד פון דער דערמאנטער דיאלעקטיק, באנט זיך א וועג און דרינגט אריין אומעטום, אין אלע לענדער, אין אלע קאָנטינענטן — דאָס איז זיכער, אזוי זיכער ווי דער טאָג קומט נאָך דער נאכט און ווי דער פרילינג קומט נאָכן ווינטער...

האָט דאָך יעדער קלאנג זיין אָפּקלאנג — אָבער דאָך קלינגט עס א ביסל אנדערש ווי דער לכתחילהדיקער קלאנג, וועלכן ער שפּיגלט אָפּ...

ווי אזוי אָט די נייע געזעלשאפט וועט אויסזען מאָרגן? — אָט דאָס איז שוין אן אנדער קאפּיטל. טאקע אויך ווען מע קוקט מיט די דיאלעקטישע ברילן... והא ראייה, היינט זעט עס שוין נישט אויס ווי נעכטן, אָדער ווי מע האָט געמיינט נעכטן — איז דאָך א באווייז, אז אָט די געזעלשאפט וועט מאָרגן נישט אויסזען ווי היינט, ווי מע מיינט היינט, נאָר שלימותדיקער, וואָס די גרעסטע חכמים אפילו, צי נביאים, קאָנען זיך עס נישט פאָרשטעלן וואָס און ווי אזוי.

איין זאך איז אָבער יאָ זיכער, אז דאָס וועט אויסזען אנדערש... ווייל — אונטער דער זון איז תמיד דאָ נייעס, און וואָס עס איז געווען וועט שוין אזוי, אָדער פונקט אזוי, נישט זיין — נאָר שלימותדיקער, בעסער, העכער.

...הלוואי, מע זאָל עס זוכה זיין!... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...נו, איז נישט גערעכט געווען גדליה, מיט זיין אינטערנאציאָנאל פון גוטע מענטשן? וואו נעמט אן אינטערנאציאָנאל פון „גוטע מענטשן" וואָס שיסן נישט, אָדער פארשווייגן כאָטש נישט, ווען אנדערע שיסן?!...

...איך וועל אייך דערמאנען נאָך איין ביישפּיל, אויב עס איז נאָך וויי־ביק פאר אייך, אז איר זאָלט פארשטיין אי אונדז אי דעם קטיגור, און אויך צו מאָל דעם בית־דין של מעלה גופא... נעמט דעם פאל פון דעם געהאנגל פון א גרויסן קליינעם שבט, וואָס קעמפט אזוי הארטנעקיק. ניין, איר דערמאנט זיך שוין אפילו נישט. קוים וואָס מע געדענקט נאָך אז סע עקזיסטירט אזא געגנט מיט אזא דראמע. יעדער האָט אָן איר שוין כמעט ווי פארגעסן. מע האָט פארגעסן אויך פון די קרבנות, וואָס מע האָט אויסגעקוילעט, בעת די וועלט, כמעט די גאנצע וועלט, וואָס פּרעדיקט און לייגט איין וועלטן פאר יושר, האָט זיך צוגעקוקט און נישט גערירט אויך נישט

מיטן קלענסטן פינגערל. קיינער האָט נישט פּראָטעסטירט, קיינער האָט נישט איבערגעריסן די דיפּלאָמאטישע באַציאונגען, יעדער האָט צוגעמאכט די אויגן און זיך געמאכט אַז ער זעט נישט. די וועלט, די סאַמע יושרדיקסטע, איז בלינד געוואָרן און נישט געוואָלט זען וואָס סע קומט פאָר מיט אַ פאָלק, וואָס ווערט געראָדפט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!... וואו איז דער יושר־אינטערנאַציאָנאַל?!... אָט פאַר וואָס עס איז אַזוי אַקטועל גדליהס טענה: גיט מיר אַן אינטערנאַציאָנאַל פון גוטע מענטשן, וואָס זאָלן זיך אויסטיילן כאָטש בלויז מיט דעם, וואָס זיי שיסן שוין מער נישט. זיי זאָלן די נשמות לאָזן צו רו...

נאָך אַ קליינער פּויזע, האָב איך מיר גענומען דעם מוט און דערמאָנט דעם חבר מאָנידעס:

— איך פאַרשטיי עס זייער גוט, וואָס איר האָט מיר דערקלערט באַבעלס מיינונג וועגן אַ נייעם „גדליה־אינטערנאַציאָנאַל" פון סאַמע גוטע מענטשן. אָבער דער אופן, ווי איר רעדט מיט מיר, מאַכט דעם איינדרוק, אַז איר חילט עס מאָנען פון מיר, אַז איך זאָל עס זיין (ווי אַזוי זאָל איך עס אָנרופן?) דער וואָס שטעלט זיך אַקעגן, אָדער מינדסטנס, וואָס פאַרשטייט נישט די וויכטיקייט פון אַזאַ אינטערנאַציאָנאַל... דאַרף איך אייך דערמאָנען, אַז דאָס בין איך דווקא געווען דער, וואָס האָט געהאַט די דאָזיקע מיינונג, און איר האָט עס מיר פאַרגעוואָרפן דעמאָלט, אַז איך וואָלט מיך געדאַרפט איינשרייבן אין יענעם, גדליהס, אינטערנאַציאָנאַל...

— איך האָב נישט פאַרגעסן — האָט מאָנידעס געזאָגט מיט אַ שמייכל — עס איז אמת, איר האָט עס געפילט, אָבער איר האָט עס נישט געקאָנט אויסזאָגן, ווי זאָל איך עס אָנרופן, טעאָרעטיש האָט איר עס נישט געקאָנט באַגרינדן. דערפאַר בין איך אייך געקומען צו הילף, מיט אָט די ביישפּילן, אַז איר זאָלט עס פאַרשטיין מיט דער גאַנצער ברוטאַלקייט פון דער נויטווענדיקייט פון אַן אינטערנאַציאָנאַל פון גוטע מענטשן... די טעכניק פון דער וועלט, פון דער מאָדערנער וועלט פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, פון ערב דעם דריטן יאָרטויזנט וואַקסט פון טאָג צו טאָג, זי דערגרייכט דאָס פאַנטאַסטישסטע, אָבער דאָס רישעות פון אָט דער מאָדערנער וועלט, ווערט נישט געמינערט אויף אַ האָר. אדרבה, פיל מאָל שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז דאָס גוטע טרעט אָפּ איר פּלאַץ, שפּאַן נאָך שפּאַן, פאַרן רישעות וואָס געווינט אַלץ אַ גרעסערן שטח...

— סע פעלט א נייער משה רבנו — א גדליה... וואָס זאָל גרינדן א נייעם „לא תרצח־אינטערנאציאָנאַל" פון מענטשן וואָס זאָלן האָבן די איין און איינציקע מעלה: זיי זאָלן פאַרמאָגן אין זיך א דאָזע פון גוטס־קייט... מע דאַרף פונאַנדערלאָזן פון דאָס ניי — זאָגט מאָנידעס — אָן אַלט־נייע לאָזונג: גוטע נשמות פון אַלע וועלטן, פאַראייניקט אייך!...

דערמיט פאַרענדיקט זיך מיין שמועס מיט מיהאי מאָנידעס. אָבער איך בין זיכער אַז דאָס איז נאָך ניט דער סוף פון מיינע פאַרצייכענונגען. ווי זאָגט זיך דאָס ווערטל: אַז מיר וועלן לעבן — וועלן מיר זען...

וועל איך עס פאַראַפראַזירן: אַז מיר וועלן זען — וועלן מיר עס דערציילן אין פריידן.

יאָ, איך וועל נאָך צוגעבן: אויב איך האָב אָנגעהויבן דאָס מעשה־בוך מיט „מה טובו" — וועל איך פאַרענדיקן מיט „אני מאמין", איך גלייך אין א ליכטיקן מאָרגן...

# אָפּרופן

## ד״ר שלמה ביקל וועגן וואָלף טאמבור

...אז ס'איז פאראַן אין רומעניע א נייער יידישער ראָמאַניסט מיטן נאָמען וואָלף טאמבור, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל דערוואוסט פון די „בוקארעשטער זאמלביכער" (בוקארעשט, 1947). טאמבור האָט אין יענעם זאמלבוך אָפּגעדרוקט דריי קאפּיטלען פון א ראָמאַן „פרילינג אָן זון", און פון די דריי קאפּיטלען האָט אויף מיר א ווייע געטאָן א מחייהדיקע דערציילערישע באגאבונג, וואָס פארמאָגט א „לע־בעדיקע שפּראך פול מיט פרישע און זייער פּלאסטישע פארגלייכע־נישן און מעטאפערן, און דער עיקרשט מיט א ציטער פון עכט־קייט אין יעדער שורה".

די ווערטער וואָס איך ברענג דאָ אין געענדזעטע פיסלעך זענען א טייל פון דעם וואָס איך האָב גע־שריבן וועגן טאמבורס יענע דריי קאפּיטלען.

איצט איז אָנגעקומען טאמבורס ראָמאַן אין בוכפאָרעם, און נישט בלויז באַרעכטיקט ער מיין התפּע־לות וועגן דעם נייעם יידיש־רומעני־שן ראָמאַניסט, נאָר אויב נישט נאָך מער.

פון די „ביכער פון זעלבן מחבר", וואָס ווערן פארצייכנט אויף דער לעצטער זייט פונעם ראָמאַן, זע איך אז טאמבור האָט נאָך אין 1937 ארויסגעגעבן אין טשערנאָוויץ א דערציילונג פון 36 בוך־זייטן אונ־טערן נאָמען „ביי דער טיר".

און מיר האָט זיך געדאכט, אז איך האָב אַלץ וואָס איז ארויס אויף יידיש אין רומעניע צווישן ביידע וועלט־מלחמות געזען. שטעלט זיך ארויס, אז דווקא דעם ערשטלינג פון אזא באגאבטן דערציילער ווי טאמבור, וואָס איז געשטאנען „ביי דער טיר", האָב איך פאר־זען, און איך קאָן זאָגן, האָבן מיר, די שרייבערישע חברותא אין בוקארעשט, פארזען, ווארים איך געדענקט נישט אז עמעצער פון די חברים זאָל געווען דערמאנען אזא נאָמען. איך פיל זיך באמת שולדיק קעגן טאמבורן און האָב דאָס באַ־

דערפּעניש צו בעטן ביי אים אנטשולדיקונג איבערן ים אריבער פון ניו־יאָרק קיין אראד, אין טראנסילוואניע, וואו טאמבור וואוינט און האָט ארויסגעגעבן זיין „פרילינג אָן זון“.

טאמבור האָט דערווייל אָפּגעדרוקט דעם ערשטן טייל פונעם ראָמאַן. אָט דער ערשטער טייל הייסט „סערל“ און האלט 108 זייטן. עס ווערט אין אים דערציילט וועגן א יידיש מיידל, וואָס איז געבוירן געוואָרן פרילינג 1919 אין א דאָרף לעבן סיגעט, איז מיט זעכצן יאָר יאָר געקומען אין שטאָט אריין און געארבעט אין איר מומעס וווירשטלפאבריק, איז געוואָרן א טוערין אין דער „פּארטיי“. האָט דערנאָך אונטערן נאצישן רעזשים דורכגעמאכט געטאָ און דעפּאָרטאציע, איז געוועז אין אָשוויענצים און אויף צוואנגס־ארבעט אין א לאגער אין דייטשלאנד. איז נאָך היטלערס קאפּיטולאציע באפרייט געוואָרן און צוריקגעפאָרן קיין קיין מאראמאָרעש און — שטעלט זיך פונדאָסניי בויען יידיש לעבן.

פּופּצן קליינע קאפּיטלען זענען עס מיט א טרויריק־צעווייטיקטן נאָכוואָרט און אין די פּופּצן קאפּיטלען אנטפּלעקט זיך פאר אונדז א דערציילער, וואָס איז א צארטער לירישער שילדערער און באזינגער פון מענטש און נאטור; א דערציילער וואָס איז א פּארטראכטער רעזאָנירער וועגן וועלט, וועגן מענטש און דערעיקרשט וועגן זיינע אייגענע ליטעראַרישע פּאַרשוינען און — אָט דער ליריקער און רעזאָנירער האָט דערביי א זעלטענעם כוח צו דראמאטיזירן געשטאלטן און געשעענישן.

טאמבור נוצט נישט קיין הויכע טענער און געסטיקולירט כמעט בכלל נישט מיט זיינע ווערטער. ער האָט זיך זיין אייגענעם שטילן עפּעס ווי כלאחר יד'יקן אופן אָנצוצינדן א דראמע, און די דראמע ברענט, ברענט אינטענסיוו און דרינגט אריין אין געמיט פונעם לייענער מיט טיפער צערודערונג.

אָט איז דאָס קאפּיטל צען. אונגערישע זשאנדארן פאררי גלען די טירן פון די וואגאָנען. מען פירט סיגעטער יידן פון דער געטאָ אין טויטן־לאגער אָשוויענצים. „סערלען האָט זיך געדאכט, אז נישט טירן פון א וואגאָן מאכט מען צו נאָר אַן אָרון“.

און אין דער דאָזיקער טויטאנגסטיקער ענגשאפט פון אַן אָרון צינדט טאמבור אָן א וויכוח־דראמע צווישן ייד און גאָט.

דאָס געשעט אָן שום דעקאראטיווע צוגרייטונגען און אָן ריידטאראראם, א וואָרט פון עפּעס א יונגנמאן וואָס אים „האָט זיך

הוזקן געוואַלט״, האָט אַ רייב געטאָן ווי מיט אַ שוועבעלע:

— ר׳ משה לייזער, איר מעגט אייך שוין שטעלן צום עמוד. דער עולם איז שוין דאָ... וואָס זאָל מען זאָגן: אַ קדיש־יתום צי אַ רבנן־קדיש?

— האַ־אַ? אַ רבנן־קדיש? ווער זאָגט עס?... ניין, הלל! הלל זאָל מען זאָגן, הלל! ר׳ הערשל, ר׳ הערשל! נעמט אפיר דעם טלית און תּפֿילין, לאָמיר הלל זאָגן. עס איז די שעה פֿון גאולה!

און עס גייט אָוועק אַ הלל. דער ווידערשפּעניקער מקובל ר׳ הערשל און דער פֿרום־הכנעהדיקער ר׳ משה לייזער תּפֿילהען אַ דועט צו גאָט מיט מרידה און מיט בקשה, מיט אפּיקורסישער ביטערקייט און מיט זיסער תּחנונימדיקייט.

און אַז דער מקובל ר׳ הערשל האָט אין קלימאַקס פֿון זיין דיאַלאָג מיטן רבונו של עולם אַרויסגעוואָרפֿן די תּפֿילין דורכן פֿענצטערל און די יידן האָבן אים צערודערטע און צעפּייניקטע גענומען נאָכטאָן, האָט נישט בלויז סערל, נאָר אויך דער לייענער, איידער ער האָט עס פֿון איר מויל געהערט, פֿאַרשטאַנען, אַז „דאָס אַוועקוואַרפֿן די תּפֿילין איז אויך געווען אַ געטליכע עבודה״.

משה לייזער און הערשל זענען פֿאַרטאָן אין געטליכער עבודה, אי ווען עס ברענט זייער גלויבן און אי ווען עס טליעט דער ספק און עס פֿלאַקערט מרידה אין זייער געמיט.

אין מרידה ווי אין גלויבן זענען משה לייזער און הערשל באַהעפֿט נישט איבערצוריסן מיט דעם גאָט פֿון ישראל און מיט דעם האַר פֿון דער וועלט.

און אָט דעם גלי פֿון געטליכער עבודהשאַפֿט געלינגט טאַמבורן צו לאָזן לויכטן פֿאַר אונדז נישט בלויז אין די עטלעכע דראַמאַטישגעצונדענע סצענעס פֿון זיין ראָמאַן, נאָר אויך אין די געשטאַלטן וואָס ער האָט באַשאַפֿן אין די פֿופֿצן קאַפּיטלען פֿון זיין בוך.

אַזאַ געשטאַלט איז קודם כּל די הויפּט־העלדין סערל, וואָס איר לעבן איז דורכגעגליט מיט דעם פֿונק פֿון געטליכער עבודהשאַפֿט, ווען זי איז אַ קינד, אַ טעקעלע און „איר לאַכן איז געווען אַ קלינגענדיקס און דאָס ווייגען אַ שטילס, אַ פֿאַרביסנס״; ווען זי איז אַ מיידעלע „אַ זיידן פּליטערל — וואָס זעטיקט דאָס געמיט, באַרואיקט און רייצט מיט אַ מאָל״; ווען זי איז אַ חבֿרטע אין דער פּאַרטיי און טרעט אַרויס קעגן די „פּאַראורטיילן וואָס מיר, דער נייער דור, האָבן זיך כּמעט

שוין באפרייט"; ווען זי שטעלט זיך אין געטאָ קעגן דעם אונגע־רישן זשאנדאר און זיין חיהשער תאווה; ווען זי האַלט העל איר גע־פיל און איר מחשבה אין וואגאָן וואָס פירט קיין אָשוויענצים, אין ארבעט־לאגער, און דערנאָך, נאָך דער באפרייאונג, און — ווען זי שטעלט זיך צוריק בויען.

דער גלי פון געטלעכקייט, דאָס איז דער טרויער וואָס הויערט אויף סערלס לעבן אין אלע סי־טואציעס. זי ווידערשפעניקט, סע־רל, און זי גלויבט, זי קעמפט און איז רעזיגנירט, זי פאָדערט און שמייכלט פארגעבעריש, אָבער קיין מאָל און אין קיינער פון די סי־טואציעס גייט זי נישט אריבער דעם גדר פון טרויער, פון יידישן טרויער, אין וועלכן זי איז איינ־געצוימט.

טאמבורס פופצן קאפיטלען ווילן זיין, ווי ער זאָגט אונדז אין זיין נאָכוואָרט, א קלאָג־ליד אויף די סערלס פון מאראמאָרעש און אויף זייער „פרילינג אָן זון".

דאָס קלאָג־ליד איז טאמבורן געלונגען. עס איז א שיין, עס איז א וויברירנדיק, עס איז אָפט א דורכנעמענדיק קלאָג־ליד.

(ניו־יאָרקער "טאָג„ פון 10טן אָקטאָבער 1948)

## ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט“
## 4 טער יולי 1947:

„...וואָלף טאמבור גראָבט ברייט און טיף, זעצט פאָר דעם נוסח פון די קלאסיקער, ער רירט אָן די סאמע אָנגעווייטיקסטע פּראָבלעם פון דעם שארית־הפּליטה. די צוויי פּאָליוסן פון יידישן געזעלשאפטלעכן געדאנק, די ,צוויי זעלן וואָס קעמפן אין יעדער ברוסט' פון דעם יידן אין דער באפרײַטער אייראָפּע — דאָס געבורטסלאנד און ארץ ישראל...“

# אינהאלט



## א נאַכטבוך



## ווייסע וואַראָנעס



## א פאַרקריפּלטע נשמה



## גלויבן איז אָפּיום

## גמראדיקער פסיכאנאליז



## חתונה־רעפארעם



## מלאכים צי שדים



## נשמות-אינטערנאציאנאל



## אפרופן

# פונעם זעלביקן מחבר

## זענען דערשינען:

בײַ דער טיר (דערציילונגען) טשערנאָוויץ 1937

מײַן היים (דערציילונגען) סיגעט 1940.

פרילינג אָן זון (ראָמאן) אראד 1947.

משה (א מעשה ווי אין חומש) אראד 1948.

מאראמאָרעשאנער (דערציילונגען) בוקארעשט 1975.

## גרייט צום דרוק:

פון „א" ביז „ת" (יידיש־פרעסע אין רומעניע).

קלאנג און אָפּקלאנג (דערציילונגען).

**לעקטאָר: שלום רובינגער**

**טעכנישער רעדאַקטאָר: שט. לעפּאַיעוו.**

---

דרוק־פעאיק: 20.06.1976. דערשינען 1976.
פארלאג־בויגן: 13.11; דרוק־בויגן: 19.
פאָרמאט: 16/54/84. טיראזש: 90+750
פאפיר: הויך־דרוק 80/108/57,15.
A 188/7.01.1976

---

**באשטעלונג נומער 165. פּאָליגראפישע אונטער־נעמונג „13טער דעצעמבער 1918". בוקארעשט.**
**סאָציאַליסטישע רעפּובליק רומעניע**

VLADIMIR TAMBURU

# SUFLETE VII

(în limba idiș)

EDITURA KRITERION, BUCUREȘTI, 1976